מאיר קאָראָנאַ

# היימישע מענטשן

דערציילונגען

אַרויסגעגעבן פון יידישן קולטור-קלוב אין מעקסיקע — טאַקובאַ 15

מעקסיקע, ד. פ. — 1939

מיינע ביכורים — רישקען אַ מתנה.
מ. ק.

# אינהאלט:

זייט

# י אָ ס ק ע

נאַרוואַס איז אַוועק דאָס גערויש און עס איז פאַרשטילט געוואָרן דער מאַשינען־טומל פון אַ גאַנצן טאָג אין דער זאַקן־פאַבריק פון כאַסע מאַסס און קאַמפּ.

די מאַשינען אינם ריזיקן זאַל זענען געשטאַנען אומבאַוועגלעך, ווי שטומע מצבות אויף קברים פון אַן אָפּגעשטאָרבענעם טאָג, און אין דער טונקלקייט פונם צוגעפאַלענעם אָוונט, האָבן זיי אויסגעזען ווי איינגעהילט אין אַ בית־עולמדיקער טויטן־מיסטעריע.

אויף די ווענט האָבן אָנגעהויבן אַרויפצוקריכן אומעטיקע שאָטנס, וועלכע זענען ווי פון דער ערד אַרויסגעוואַקסן.

מיט יעדער מינוט ווייטער אין אָוונט אַריין, אַלץ גערדיכטער איז געוואָרן די שטילקייט, וואָס האָט אויסגעפילט דעם גאַנצן חלל פון דער אָפּגעשטאָרבענער פאַבריק.

און אַ פּחד האָט זיך גענומען פאַנאַנדערלייגן איבערן גאַנצן לאָקאַל, אַ פּחד, וואָס האָט געוווּנקען מיט טויט, מיט פאַרגליווערטקייט און מיט פאַנטאַסטישער אומבאַוועגלעכער פּילאָויגיקייט.

ביי אַ טישל נעבן אַריינגאַנג, וווּ אַ גאַנצן טאָג איז געזעסן דער

וועכטער, איז איצט איינער אַליין געזעסן אַ פאַרטראַכטער דער באַ־לעבאָס פון פאַבריק, כאַסע מאַסס.

ער האָט געקוקט אויף די מאַשינען און אויף דער גאַנצער איינ־אָרדנונג פון דער גרויסער זאַקן־פאַבריק, און אַלץ האָט אים אויסגע־זען אין דעם מאָמענט פרעמד. אים האָט געוווּנדערט, עס איז אים מיטאַמאָל געוואָרן לגמרי אומפאַרשטענדלעך, וואָס ער טוט דאָ.

און אַזוי, אין אַוונט־דעמערונג, אין דער, אים איצט פרעמדער אַטמאָספער, אונטער די מיסטישע שאָטנס פון די אָפּגעשטאָרבענע מאַ־שינען, האָט כאַסע מאַסס זיך פאַרטראַגן אין געדאַנק צו זיינע פאַרגאַנ־גענע, טומלדיקע און שטורעמדיקע יאָרן; און אים האָט זיך אויסגע־דאַכט, אַז אַט ווי די מאַשינען דאָ, אַזוי שטייען געהילט אין אָוונט־שאָטנס זיינע פינף און פערציק יאָר, ווי מצבות אויף אַן אָפּגעשטאָרבן לעבן.

און פּלוצלונג זענען אים געקומען אויפן געדאַנק די לעצטע ווער־טער פון זיין פאָטער, ביים געזעגענען זיך מיט אים:

„מיין קינד, דו לאָזט זיך אין דער וועלט אַריין. איך ווייס, אַז די וועסט אַ סך דערגרייכן אין לעבן: דו ביסט פעאיק דערצו. צי איך וועל אָבער זיין צופרידן דערפון, ווייס איך נישט. איך ווייס איין זאך: אַז יעדער ערלעכער מענטש מוז לעבן פון „יגיע כפו". גליק איז נאָר דאָרט פאַראַן, ווו ס'איז דאָ אייגענע אַרבעט".

מאַסס האָט זיך פאַרזונקען אין טיפן נאָכדענקען און נישט באַ־מערקט, ווי ער איז אַריין שוין ווייט אין דער נאַכט אַריין.

---

אין אַ קליין שטעטל אין ליטע, אין אַן אָרים, נידעריק, הילצערן הייזל, וואָס איז שטענדיק פאַרפלייצט געווען מיט אַנגעהובלעטע סטרוזשענעס און ברעטל־שטיקלעך, איז יאָסקע געבוירן געוואָרן. דער אַכטער און ייִנגסטער זון ביי שמחה דעם סטאָליער.

שמחה, יאָסקעס פאָטער, אַ פּראָסטער ייִד, אַן ערלעכער אַרבעט־זאַמער מענטש, איז געווען זייער אַ גוטער אין כאַראַקטער און בטבע אַ נאָכגיביקער. נאָר אין זיינע פרינציפּן, וועלכע ער האָט געהאַלטן פאַר די הייליקסטע אין לעבן, איז שמחה געווען עקשנותדיק פאַרביסן און אויף קיין האָר נישט נאָכגיביק: ער האָט געהאַלטן, אַז אַ מענטש

מוז נאָר לעבן פון אייגענער אַרבעט און אַז אַ מענטש דאַרף זיך באַ־נוגענען מיט דעם, וואָס ער האָט. אויך איז ער געווען פּאַרעקשנט אין זיין האָס צו די רייכע. דאָס איז נישט געווען קיין האָס פון קנאה, נאָר אַ האָס, וואָס מ׳האָט צו פאַרברעכער, צו מענטשן, וואָס באַקומען זייער געלט אויף מיאוסע און נישט ערלעכע אופנים. און די דאָזיקע פּרינציפּן האָט שמחה איינגעפּלאַנצט ביי אַלע זיינע זיבן זין. באַלד ווי אַ קינד איז געוואָרן דרייצן יאָר אַלט, אַריבער די בר־מצוה, האָט אים שמחה צוגענומען צו דער אַרבעט און אין אים אריינגעקנעלט זיי־נע לעבנס־פּרינציפּן. זענען זיי אַלע טאַקע געגאַנגען אין טאַטנס דרכים, פון וואָס שמחה האָט זיך געפילט שטאָלץ און גליקלעך.

אַנדערש אָבער איז עס געווען מיט יאָסקען.

יאָסקע האָט זיך פון קינדוויז אָן אויסגעצייכנט מיט אויסערגע־וויינלעכע פעאיקייטן. אָבער גלייכצייטיק—מיט אַן אומרואיקער, שטי־פערישער נאַטור און מיט ווילדע סאַדיסטישע נייגונגען. די זעלבע מלמדים זיינע, וועלכע האָבן אַנגעקוואָלן פון זיינע אויסגעצייכנטע פעאיקייטן, האָבן געהאַט אויסצושטיין געברענטע צרות פון זיינע שפּיצלעך און שמד־שטיק, וואָס ער פלעגט זיי אָפּטון. נישט ווינציקער האָבן פון אים געהאַט אויסצושטיין זיינע חברים, וועמען ער פלעגט האָבן אַ פאַרגעניגן צו פּייניקן. און דאָך האָבן אים אַלע ליב געהאַט, און אַלע האָבן פאַרויסגעזען, אַז פון יאָסקען דאַרף אויסוואַקסן מער ווי אַ דורכשניטלעכער מענטש, עפּעס אַזעלכעס, וואָס די וועלט זאָל מיט אים קלינגען.

זיין פאָטער אָבער, שמחה דער סטאָליער, האָט גאָרנישט געוואָלט הערן פון דעם אַלעם, וואָס מ׳האָט אים דערציילט וועגן זיין יאָסקען און פון די אַלע עצות, וואָס מ׳האָט אים געגעבן, אַז ער זאָל זען פון יאָסקען זאָל עפּעס אויסוואַקסן. ער האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס:

— אַ מענטש דאַרף נישט זיין קיין אויסנאַם—האָט ער געטענהט— אַ מענטש דאַרף אַרבעטן: מער פעאיק, ווינציקער פעאיק, — דאָס איז נישט וויכטיק: אָבער אַלע דאַרפן לעבן פון אַרבעט, און ווער עס אַרבעט נישט, איז אַ פאַרברעכער.

יאָסקע אַליין אָבער האָט זיך ווינציק וואָס גערעכנט מיט דעם, וואָס אַנדערע טראַכטן וועגן אים. ער האָט זיך געהאַט זיין אייגענעם וועג:

אז ער דאַרף נישט, נישט לערנען, נישט אַרבעטן און נישט זיין קיין גרויסער מענטש, נאָר זיין אַ פרייער פויגל, צו קאָנען טון אַלץ, וואָס דאָס האַרץ גלוסט און וואָס דער מאָמענט פאָדערט, נישט קימערנדיק זיך, צי איז עס דעם צווייטן יאָ געפעלן, צי נישט.

שמחה דער סטאָליער, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס יאָסקע איז געווען אין זיין כאַראַקטער פּונקט דער היפּוך פון אים, האָט ער דאָך אים זייער ליב געהאַט, ליבער פון אַלע קינדער, און ער האָט, מיט זיין פּראָסטן, אָבער געזונטן חוש, דערפילט, אַז אויב ער וועט נישט אַריינגעמען יאָסקען וואָס פריער צו דער אַרבעט, וועט פון אים קיין לייט נישט זיין, טראָץ די אַלע הבטחות פון זיינע מלמדים.

אָבער איידער שמחה האָט נאָך רעכט צייט געהאַט צו באַטראַכטן, ווי אַזוי יאָסקען נעמען צו דער אַרבעט, איז אין איין שיינעם טאָג יאָסקע נעלם געוואָרן.

עס האָבן נישט געהאָלפן קיין זוכענישן, קיינער האָט נישט גע־קאָנט דערגיין ווו יאָסקע איז אַהינגעקומען.

די ערשטע צייט איז שמחה געווען שטאַרק צערודערט פון יאָס־קעס פאַרשווינדן, אָבער דערנאָך האָט ער זיך אַליין באַרואיקט, אַז „אַ מענטש ווערט נישט פאַרלוירן...״

ערשט מיט אַ יאָר שפּעטער איז געקומען אַ בריוו פון יאָסקען, אַז ער איז אין וואָראָניעזש (רוסלאַנד), אַז ער פאָרט אַרום מיט אַ יידישן צושטעלער פאַר מיליטער, ביי וועמען ער, יאָסקע, איז אַן אָנגעשטעל־טער.

דער פאָטער האָט געלייענט דעם בריוו, באַטראַכט אים פון אַלע זייטן און אינזיך אַ שטילן זיפץ געטון: „יאָ, אַ מענטש ווערט נישט פאַרלוירן. אָבער דער מענטש אין אים ווערט יאָ פאַרלוירן״.

און דאָך האָט ער געפילט, אַז ער האָט יאָסקען ליבער פון אַלע קינדער.

---

אין אַ ווינטערדיקן, פראָסטיקן פרימאָרגן איז עס געווען. די גאַסן זענען פאַרוויסט געווען מיט אַ פרישן, טרוקענעם, בלענדנדיקן שניי, וואָס איז ביינאַכט אָנגעפאַלן און וועלכער איז נאָך ערטערווייז געווען איבערגעשניטן מיט סטעזשקעס, אויסגעטראָטן דורך פריע דורכגייער.

אַלע פענסטער האָבן, ווייס־פאַרצויגענע, געקוקט אין גאַס אַריין, ווי מיט אָפענע בלינדע אויגן. טיר און טויער — געלויערט פון פיינט־לעכן, פראַסטיקן דרויסן — זענען פאַרהאַקט און פאַרהאַמערט גע־ווען. זעלטן ווען האָט זיך אַ טיר געעפנט, האָט אַ דינע פאַרע זיך אַ לאָז געטון פון אינעווייניק אין גאַס אַריין, און איז באַלד פון דער דרויסנדיקער, פראַסטיקער לופט פאַרשלונגען געוואָרן.

ביי שמחה דעם סטאָליער אין שטוב זענען זיי געשטאַנען אין דרייען, שמחה מיט זיינע צוויי זין, טאַפּטשענדיק אין אַ באַרג אָנגע־הובלעטע סטרוזשינעס, אַריינגעטון אין דער אַרבעט, געהובלעט די ברע־טער, וואָס זענען געלעגן אויף די אַרבעט־טישן.

שמחהס ווייב, ריקל די סטאָליערקע, איז אַריינגעטון געווען, מיט אַלע אירע חושים און מיט אירע קורצזיכטיקע אויגן, אין דעם קרופּ־ניק, וואָס האָט זיך געקאָכט און שוין געהאַלטן ביי פאַרטיק ווערן אַלס פרישטיק פאַר די דריי אַרבעטנדיקע מאַנסלייט. פּלוצלונג האָט זיך געעפנט די טיר און ס'איז אַריין אַ יונגערמאַן, עלעגאַנט אָנגע־טון אין אַ פיינעם פוטער, קאָלאַשן און אַ פוטערן היטל, און זיין גאַנצער אויסזען האָט געבלאָזן מיט רייכער פרעמדקייט, — נישט פון שמחהס מענטשן און סביבה.

אין ערשטן אויגנבליק האָבן אַלע געקוקט מיט פאַרוואונדערונג אויף דעם דאָזיקן פּלוצלונג־אַריינגעקומענעם פרעמדן, רייכן יונגנמאַן. אָבער מיטאַמאָל האָבן אַלע אין איין אָטעם, איבעראַשטע, אין אַ גע־מיש פון פרייד און שרעק, אויסגעשריגן:

— יאָסקע!

דאָס איז געווען צען יאָר נאָך יאָסקעס אַוועק פון שטוב.

---

באַלד נאָך פּסח איז עס געווען, ווען יאָסקע האָט זיך צום לעצטן מאָל געזעגנט מיט די ליטווישע פרילינג־פעלדער, וועלכע זענען צע־אַדערט געווען פון פליסיקע ריטשקעלעך, וואָס זענען פון צעגאַנגענעם שניי געבוירן געוואָרן.

יאָסקע האָט מיט אַזוי פיל בענקשאַפט, צום לעצטן מאָל, זיך איינגעקוקט אין די פאַרעקשנט־געבליבענע ווייסע שניי־פלעקן, וועל־כע האָבן זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן נישט דער פרילינג־זון און

נישט די לויפנדיקע שטראָמען איבער די פעלדער, און אין געדאַנק האָט ער זיי פאַרגליכן צו זיין פאַרעקשנטן טאַטן, וועלכער האָט זיך איינגערעדט, אַז אַ מענטש מוז זיין גאַנץ לעבן בלייבן אַ קבצן.

— אַזאַ נאַרישער ייד, — האָט יאַסקע צו זיך אַליין גערעדט, — כ'לייג אים פאַר פינף טויזנט רובל, מזומן געלט, אַז ער זאָל אויף די עלטערע יאָרן נישט דאַרפן אַזוי שווער אַרבעטן, האָב איך געמוזט פריער זיך אָנשווערן מיט טויזנט פאַלשע שבועות, אַז איך האָב דאָס געלט ערלעך פאַראַרבעט און דערנאָך האָט ער ערשט רעכט נישט געוואָלט נעמען. ער וויל נישט, זאָגט ער, נהנה זיין פון אַזאַ געלט, וואָס זיינע הענט האָבן אויף דעם נישט געהאָרעוועט.

— ווייזט אויס — האָט זיך יאַסקע פאַרטראַכט — אַז דער טאַטע פילט, פון וואַנען דאָס געלט איז געקומען...

און איבער יאַסקעס געזיכט האָט זיך, ווי אַ טונקעלע כמאַרע, אַ מרה שחורה פאַרצויגן. אָבער באַלד האָט ער אויסגעבראָכן אין אַ ציניש געלעכטער:

— אָ, יאַסקע, גייסט ווערן אַ מגיד אין דער גרויסער שול? דו יאָלד איינער, שוין זאָלסטו אַנטלויפן פון דאַנען! זיי אַ מאַן, האָסטו באַשלאָסן, זאָלסטו דיין באַשלוס אויספירן! גענוג געאַרבעט פאַר יענעם. פאַר קיין אַרגענטינע און ווער אַ סוחר פאַר זיך!...

---

דעם גאַנצן וועג ביז בערלין און פון בערלין ביז פאַריז, איז יאַסקע געפאָרן אַ צעטראָגענער, אַ דענערווירטער, אַ צעטומלטער און ער האָט זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען: עס האָט אים געבריט דאָס פנים פון טאַטנס לעצטע ברענענדיקע בליקן ביים געזעגענען זיך. בליקן, וועלכע האָבן אים דורכגעדרונגען און דורכגעשטאָכן. און אים האָט זיך געדאַכט, אַז דער טאַטע ווייסט, מיט וואָס ער באַשעפטיקט זיך, וווהין ער פאָרט און צו וואָס ער פאָרט. און ווו ער האָט נישט אויסגעדרייט דאָס פנים, האָט ער אַלץ געפילט אויף זיך דעם טאַטנס אויגן, וועלכע האָבן אים געשטאָכן ווי מיט שאַרפע שפּיזן.

און אַז דער צוג איז אָנגעקומען קיין פאַריז, איז יאַסקע אויסגעשטיגן. מיט אַ פעסטן באַשלוס, אַז ער פאָרט נישט קיין אַרגענטינע... נאָר ער פאָרט קיין מעקסיקע.

אז יאָסקע איז אַריבער דעם ים און איז אָנגעקומען צו די מעקסיקאַנער ברעגעס, האָט ער זיך „אויסגעניכטערט פונם טשאַד, וואָס ער האָט אַרויסגעפירט פון שמחה דעם סטאָליער״ און ער האָט זיך אַרומגעזען, אַז ער איז געווען אַ יאָלד... ער האָט אומש געגעבן די ליפּן פּאַר כּעס אויף זיך אַליין, פאַרוואָס ער האָט זיך געלאָזט פאַרפירן פון „יאָלדישע קליינשטעטלדיקע סטאָליארסקע סטרוזשי־נעס״.

אינגיכן אָבער האָט יאָסקע דערפאַרן, אַז „מעקסיקע איז אויך אַ מדינה״...

---

יאָרן זענען געלאָפן. אין מעקסיקע האָט אַ יידישער ישוב זיך אָנגעהויבן צו פאָרמירן און מיטן וואַקסן פון ישוב, איז זיך אויך צעוואַקסן דער נאָמען פונם גרויסן נדבן כּ א ס ע מ א ס ס.

יאָסקע איז שוין געווען איבערגעזעטיקט מיט געלט און ער האָט געהונגערט נאָך כּבוד, נאָך אַביסל היימישן, באַלעבאַטישן כּבוד. אינם דאָזיקן כּבוד האָט ער געוואָלט זיך איינהילן און באַהאַלטן, אויס־באַהאַלטן יענעם „יאָסקען״, דעם, וועלכן ער האָט שוין געוואָלט פאַר־געסן, אָבער נישט געקאָנט. און אַ שטענדיקער פּחד האָט אים פאַר־פאָלגט, אַז אָט אָט וועט „יאָסקע״ אַרויסשפּרינגען און אָפּדעקן דאָס, וואָס ער וואָלט אַזוי שטאַרק געוואָלט אויף אייביק צודעקן.

---

אין דרויסן האָט שוין געגרויט אויף טאָג, ווען כּאָסע מאַסס האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיינע געדאַנקען און דערזען, אַז ער איז אַזוי אָפּגעזעסן אַ גאַנצע נאַכט ביי דער טיר פון זיין פאַבריק.

ער האָט זיך אויסגעריבן די אויגן, ווידער אַרויסגענומען פון קעשענע דעם בריוו, וווּ מען שרייבט אים, אַז זיין פאָטער איז גע־שטאָרבן. נאָכאַמאָל האָט ער אים געלייענט, און ווידער האָט ער זיך פאַרטראַכט.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, אַרומגעקוקט די צעשטעלטע מאַשי־נען אין שיין פון באַגינען־ליכט, מיט אַזאַ פאַרוווּנדערונג, פּונקט ווי ער זאָל דאָס אַלץ זען צום ערשטן מאָל און פּלוצלונג האָט אַ שווערער זיפץ אָפּגעקלונגען אין חלל פון דער פאַבריק:

— טאַטע, גליקלעך האָסטו געלעבט און רואיק ביסטו געשטאָרבן.

און ער האָט ערשט דערפילט ווי אומגליקלעך ע ר האָט געלעבט און ווי אומרואיק ע ר וועט שטאַרבן.

# אויף יענער זייט טייך

שטיל דרימלט די רואיקע זומער־נאַכט אינם קליינעם שטעטעלע ב.

ס׳איז איינגעשלאָפן דער בריק אַ מידער, נאָך אַ גאַנצן טאָג זיך ברענען אונטער דער גליענדיקער זון. דער קליינער פּאַרק, מיט זיינע שיטערע ביימער און בענק — שלאָפט אַ שמייכלענדיקער, חלומענדיק פון די אינטימע סודות, וואָס ער האָט זיך אין אָוונט אָנגעהערט פון די שפּעט פאַרזעסענע פּאָרלעך. די גרויע פּחד־וואָרפנדיקע קירך מיט אירע אַלטע, גערינצלטע, געל־גרינע, מעשענע גלאָקן און גרויסן אַנשרעקנדיקן הייליקן צלם אין שפּיץ — איז אַזוי שטייענדיק אויף דער וואַך, איינגעשלאָפן.

אַ פאַרחלומטע אויסגעליידיקטקייט פּילט אָן דעם גאַנצן חלל פון שטעטל, און לאַנגע צווייי רייען אויפגעהאַנגענע שלעסער אויף די פאַרהאַקטע געשעפט־טירן קוקן אַראָפּ מיט שלאָפנדיקער וואַכזאַמקייט אין דאָזיקן פוסטן חלל אַריין.

שטיל, רואיק, ליגט דער טייך אַ בוימלדיקער אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג און דרימלט. אַ גאַנצן טאָג איז ער ערלעך אויף זיין

באסטן געווען, אויף דער גרענעץ־וואך צווישן שטאט און דארף. און אפילו איצט בייגאכט, שוין שלאפנדיק, היט ער שטרענג זיין מיסיע פאנאנדערצוטיילן דעם שטאטישן ברעג פון דארפישן, נישט צו דער־לאזן צו קיין פארמישונג, פארבינדונג אדער באריהרונג פוןביידע ברע־געם.

איין ברעג — דער שטאטישער, דער באקליידטער און באשיכ־טער, באשטייט פון פאבריק־ארבעטער, סוחרים, לערער און באאמטע, וואס קוקן אויף זיך מיט זעלבסט־גדלות פון שטאטישע מענטשן, וועלכע ווייסן וואס אויף דער ברייטער וועלט טוט זיך, וועלכע פאר־שטייען — דורך אנצוג, קראוואט און שיך — זיך אנצושליסן אן דער גאנצער קולטורעלער וועלט און זיי קוקן דעריבער מיט ביטול און טיילווייזער פאראכטונג אויף דער צווייטער זייט טייך — אויף דער דארפישער.

דער צווייטער ברעג — ציט זיך מיט ווייטע, גרינע, פעלדער, גרויסן געדיכטן וואלד, דיקע פול־אייטערדיקע קי און מיט געזונטע, בארוועסע פויערים און פויערטעס, וועלכע פארזארגן די שטאט יעדן פרימארגן מיט מילך, קעז, פוטער, מאאיס, אלערליי גרינצייג, עופות, אייער און מיט לעבעדיקע, נאר וואס געכאפטע, פיש. — אלץ, וואס ווערט אריבערגעבראכט יעדן באגינען מיט שיפלעך פון יענער זייט טייך, באגלייט מיט הילכיקן פרישן פעלד־געלעכטער פון יונגע, גע־זונטע, דיקע, דארף־מיידן. און זיי, פון יענער זייט טייך, הגם מיט גע־נוג דרך־ארצדיקע הכנעה פאר דעם זייטיקן, דעם שטאטישן — קוקן דאך מיט א חוזקדיקן ביטול אויפן מענטש, וואס האט זיך „געפענטעט אין ענגע שיך, איינגעקרעמפט זיך אין א קאלנער מיט פארבונדענעם קראוואט און זיך פארשטייפט איז אן אנגעפרעסטן אנצוג, צו וואס? און די ווייבער זייערע — פארשמירטע, פארמאליעוועטע, עפעס גאר־נישט ווי קיין לעבעדיקע מענטשן".

און דער טייך, וועלכער לעקט ביידע ברעגעס צו־זאמען, ליגט אויף דער וואך פון אייביקן אנטאגאניזם צווישן די בייר דע ברעגעס נישט צו דערלאזן צו קיין צונויפקום.

אזוי גאנצע זעקס טעג אין דער וואך.

קומט אבער דער זונטיק, ווען די „יענע זייט טייך" מיט איר גע־

דיכטן וואַלד, פרישע לאַנקעס און דאַרפישע, ברענענדיקע יוגנט־אויגן ווינקט אַריבער אויף דער זייט. גוט־ברודעריש, שטיפעריש, פאַרפֿי־רעריש און רופט צו זיך — דאַן הערן זיך צו די שטאָטישע צום רוף און לאָזן זיך מחנותוויז אויף שיפֿלעך אַריבערן טייך, אַריינצואָטעמען אין זיך יענע דאַרפישע רויע נאַטור. וועלכע וועררט פון זיי אַ גאַנצע וואָך אויסגעלאַכט.

איצט, ווייט שוין נאָך האַלבער נאַכט, דער טייך — געזיכערט מיט ביידע ברעגעס — האָט זיך פאַרגונען איינצודרימלען.

אין דער שטאָטישער זייט, אין פינצטערע פאַרמאַכטע שטובן, ווער קאָן זיי נאָכקוקן, צי שלאָפן זיי שוין.

אויף יענער זייט, אויף דער דאַרפישער — אונטערן פרייען הימל, אויף אויסגעשפרייטע ראַגאָזשעס, אין פראָנט פון זייערע לײמע־נע נידעריקע הייזלעך, ליגן זיי אויסגעלייגט איינציקווייז און גאַנצע פאַמיליעס, פאַראייניקט אין איין שותפותדיקן בראָפען און אין איין געמיינזאַמען אָטעם, וועלכער ציט אין זיך אַריין, מיט אַ קוויטש, דעם ריח פון קי־מיסט צונויפגעמישט מיט פרישן נאַכטיקן פעלד־ריח און לאָזט אַרויס, אויך מיט אַ קוויטש — אַ געזונטן איבערפלוס פון פויער־שער נאַטירלעכקייט, וואָס רייסט איבער די שטילקייט פון דער נאַכט. געציילטע פיר פערזאָנען, וואָס שלאָפן נישט:

טיף אין וואַלד, אויף אומגעלייגטע גראָבע קלעצער, זיצן זיי אין שטילער טוליענדיקער אומאַרמונג, נישט וואַגנדיק איבערצורייסן מיט זייער צאַרטער וואַכזאַמקייט די מידע, נאַכטיקע שטילקייט.

מיט אַ דרך־ארצדיקן שווייגן זיצן זיי אין צוויי צונויפגעדריקטע פאָרלעך — כאַסע מיט מאַטילדען אין איין זייט און ראַדאַלפאַ מיט קאַנטשאַן אין דער צווייטער זייט.

קאַנטשאַ און מאַטילדע זענען שוועסטער. הגם זייער אויסזען איז אַזוי פאַרשידנאַרטיק: מאַטילדע, די ייִנגערע איז אַ הויכע, אַ דיקע, טעמפּעראַמענטפול־ברויזנדיק־רירעוודיק און אינגאַנצן — אַ שטיק ברענענדיק פייער.

קאַנטשאַ, די עלטערע — אַ נידעריקע, אַ דאַרע, אַ געלאַסענע און באַזאָכט רואיקע, מיט אַ צאַרט־חנוודיקן אַריסטאָקראַטישן אויסזען (און ווי די עלטערן און שכנים רופן זי: „די שטאָטישע"). ווען אויף

מאטילדען ליגט אויסגעגאסן די געזונטע, פראסטע, גראבע פויעריש־קייט.

כאסע און ראדאלפא זענען ביידע „עקסטראנכעראס״, „אלעמאַ־נעס״. כאסע האנדלט — אויף ביידע זייטן טייך — אויף אבאנעס און ראדאלפא, וואס איז פריער אויך געווען אן אבאנער, האט היינט א מיל פון מאאיס אין דער שטאטישער זייט.

א גאנצע וואך, יעדן אוונט, קומען זיי, כאסע און ראדאלפא, אריבער, אויף יענער זייט טייך, צו זייערע כלהס, מאטילדע און קאנ־טשא, און זיצן אזוי אפ טיף אין וואלד, אין שטומער קערפערלעכער געאייניקטקייט, אין גליקלעכער צונויפגעגאסנקייט און אין צארטן איינגעפרעסטן שווייגן, ביז שפעט אין דער נאכט אריין.

אויסער די ביידע שוועסטער, זעט נישט קיינער זייער צוריקגיין.

זונטיק אבער, נאך מיטאג, קומען ביידע שוועסטער אריבער אויף דער זייט טייך, אין שיינעם פראנטיש־אויסגעפוצטן שטעטל אריין, צו זייערע חתנים. און זיי קומען, שוין גארנישט ווי דארפישע מיידן, נאר ווי עכט־שטאטיש געבוירענע; אפילו קיין ליפן־פארב נישט פאר־פעלט. עס שטערט זיי נאר אביסל, די נישט־צוגעוווינטע, ענגע שיך, מיט הויכע אפצאסן, וואס שאפט זיי אפטע אומאנגענעמלעכקייטן און מאכט זייער גאנג אביסל אומגעלומפערט.

אין שטעטל פארברענגען זיי צוזאמען אלע פיר. שפאצירנדיק אין פארק. זיי באזוכן דעם איינציקן קינא, א צירק, ווען ס׳איז פאראן, אדער א קארפא, און טיילמאל אויך אויף א טאנץ־אוונט. און פארענדיקן דעם זונטיקדיקן ביינאכט אין דער שותפותדיקער וווינונג, פון כאסע און ראדאלפא — צוויי באזונדערע צימערן.

אזוי ביז שפעט אין דער נאכט אריין, ווען זיי, ביידע שוועסטער, קערן זיך אום אהיים, איבערגעזעטיקט־גליקלעכע, צו זייער זייט.

---

דער ערשטער, וואס האט פארלאזט „יענע זייט טייך״, איז געווען כאסע. ער האט אנגעהויבן דערהאלטן אפטע בריוו פון זיין כלה אין יאראסלאוו (גאליציע), אז זי וויל — נישט אנדערש — נאר ער זאל זי אריבערנעמען קיין מעקסיקע, אדער ער זאל זי פריי לאזן. האט ער ענדלעך איינגעשטימט זי אריבערצונעמען. „סוף כל סוף דארף

דאָך אַ מענטש זען עפּעס אַן אָנשטענדיקן תכלית..." בפרט ווען די מעגלעכקייטן דערלויבן עס.

האָט ער, כאַסע, ליקווידירט — אויף וויפיל סאיז מעגלעך געווען — זיינע אַבאַנעס, זיך האַרציק געזעגנט מיט זיין מאַטילדען, צושווערנדיק איר מיט די הייליקסטע שבועות צוריקצוקומען און... איז אַוועק קיין וועראַקרוז, אַראָפּנעמען זיין כלה פון שיף.

איינמאָל אַ זונטיק, ווען מאַטילדע האָט געוואַרט מיט ברוינדיקער אומגעדולדיקייט אויפן צוריקקומען פון איר חתן, האָט איר ראַדאַלפאַ געבראַכט אַ טעלעגראַמע פון מעקסיקע, וואָס ער האָט נאָר וואָס דערהאַלטן, ווו מ'גיט אים צו וויסן, אַז זיין חבר, כאַסע, איז פּלוצלונג געשטאָרבן...

דער צווייטער איז געווען ראַדאַלפאַ.

ראַדאַלפאַס גאַנצע פאַמיליע: די עלטערן, ברידער און שוועסטער זענען אין די שטאַטן. געקומען איז ער קיין מעקסיקע מיט עטלעכע יאָר צוריק מיט דער אויסרעכענונג צו קאָנען זיך אַריבערשוואַרצן אַהין. אָבער ווען דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אוממעגלעך, האָט ער זיך ביסלעכווייז גענומען צופּאַסן צום געדאַנק, אַז אין מעקסיקע דאַרף ער בלייבן. און ער האָט, אַדאַנק זיין ענערגישער אָנשטרענגונג, גאַנץ גוט זיך אַרויפגעאַרבעט.

זיין מוטער איז קראַנק געוואָרן און איר פאַרלאַנג איז געווען צו זען זיך מיט אים, דעם יינגסטן און ליבסטן זון, איידער זי שטאַרבט. האָט מען אָנגעהויבן פאָדערן פון אים צו קומען אין די שטאַטן אויף זעקס מאָנאַטן, און אפשר שוין בלייבן.

ראַדאַלפאַ האָט זיך אָבער נישט געקאָנט צעשיידן מיט קאָנטשאַן, וועמען ער האָט באמת און ערנסט ליב געהאַט און בפרט, ווען זי האָט שוין אונטער איר האַרץ זיין פרוכט געטראָגן.

און כדי צו באַרואיקן זיין געוויסן, און אויך דערמיט צו ווייזן קאָנטשאַן, אַז ער פאַרט אויף צוריקצוקומען, האָט ער אויף איר נאָמען זיין מאָאיס־מיל אָפּגעשריבן.

---

שפּעט ביינאַכט. דער טייך — ווי עס וואָלט גאַרנישט דורך זיינע

יאָרן אַריבער — ליגט זיך אַ רואיקער אַ קילער, אויסגעצויגן מיט אַ מנוחהדיקער זארגלאָזיקייט און דרימלט.

די שטאַטישע זייט איז שוין לאַנג פאַרזונקען אין טויטער שטיל־קייט, כאָטש אין טייל פענסטער זעט זיך נאָך באַלייכטונג, וואָס באַ־ווייזט, אַז נאָך נישט אַלע שלאָפן שוין.

אין דער דאָרפישער זייט „אויף יענער זייט טייך”, ווערט די נאַכט־שטילקייט אָפט איבערגעריסן דורך אַ מאָסעדיקן כראָפּען פון די מידע איינגעשלאָפענע פויערים אונטערן פרייען הימל, וועלכע דאָרפן, גאָר באַגינען שוין זיין גרייט אַריבערצופירן פאַר דער שטאָט אויף אַ גאַנצן טאָג צו עסן.

נאָר טיף אין וואַלד, אויף די אומגעלייגטע גראָבע קלעצער, טו־ליען זיך באַנאַנדער דריי נפשות אין האַרטער אומאַרמונג: מאַטילדע און קאַנטשאַ מיטן קינד, אינגאַנצן אַריינגעטון אין צאַרטער איבער־געגעבנקייט צו די דערינערונגען פון דער אַזוי טייערער פאַרגאַנגענ־הייט.

שטום, אָן ווערטער, און שטיל, היטנדיק זיך אַפילו דעם אָטעם נישט הויך אַרויסצולאָזן, ווי מורא האָבנדיק נישט צו פאַרשוועכן דער־מיט די הייליקייט פונם דאָזיקן מאָמענט, — רעדן זיי זיך דורך מיט די שאָטנס פון זייערע אומפאַרגעסלעכע חתנים און עס באַווייזן זיך ביי זיי אויף די באַקן אַראָפּגערונענע יאַושדיקע טרערן־שנורן, וואָס פאַלן אויפן קינדס בלאָנדן שלאָפנדיקן קעפּעלע. אַזוי ביז שפּעט, זייער שפּעט אין דער נאַכט.

# בעני גוי

1.

פאַראַן מאָמענטן, װען אין מענטשלעכן געמיט כאַפּט זיך אַרײַן אַן אומעטיקע אומצופרידנקײט, נאָגט אַזױ בענקלעך בײ דער נשמה און פּרעסט אַפּ אַ שװערע אומרואיקײט אױפן גאַנצן װעזן, אַן צו װיסן אַלײן פאַרװאָס; מ׳גײט דאַן אַרום אַ נישט־דאָאיקער, עס פעלט עפּעס אױס, נישט װיסנדיק װאָס, און אַלץ װאָס איז פאַראַן, איז איבלדיק און איבעריק.

---

אין סוף פון חודש יולי.

אין דרױסן שטײט אַ טריבער, קאַלעמוטנער, פליאגעדיקער אָװנט, װעלכער דרינגט אַרײַן, דורך די צעװײקטע שױבן, אינעװײניק אין שטוב אַרײַן און לײגט זיך אַזױ שװער, מיט אַ פױלער פאַרכמורעט־קײט, אױף די שטוביקע געמיטער.

אינם דאָזיקן אָװנט דרײט זיך אַרום די זיבעצניאָריקע מירעלע — אַט די שטענדיק מונטערע מירעלע, מיט אירע פרײדיק־שטראַלנדיקע אױגן און אײביק־זאַרגלאָזן, גוטמוטיקן שמײכעלע אױף די פרישע פרי־

לינג־ליפן — דרייט זיך היינטיקן אַוונט אַרום אַז אומרואיקע, היץ און צוריק איבערן ציכטיקן, געשמאַקפול־אויפגערוימטן סאַלאָן־צימער און געפינט זיך נישט קיין אָרט; זי האַלט אין איין איבערשטעלן די באַ־פוצונג־זאַכן, וואָס זענען צעשטעלט אויף די טישלעך און עס דאַכט איר נאָר, אַז קיין זאַך איז נישט אויפן פּלאַץ און עפּעס פעלט איר אויס, אַן „עפּעס", וואָס זי קאָן זיך אַליין נישט דערקלערן, וואָס עס איז, אָבער דאָך אַזעלכעס, וואָס לאָזט זי נישט זיין צופרידן: אַז אומבאַשטימטע אומרואיקייט נאָגט זי, לאָזט זי נישט איינזיצן און וועקט אין איר שטורמישע קאַפּריזן.

דער קראַנקער ר' הערש לייב ליגט אין צווייטן, זייטיקן צימער, ער האָט דערשפּירט אינסטינקטיוו, אַז זיין מירעלע — זיין איינציק פאַרבליבן אייניקל, זיין אויג אין קאָפּ — איז עפּעס נישט מיט אַלעמען און ער רופט זי אריין.

מירעלע וויל זיך נישט ווייזן פאַרן זיידן אַן אומעטיקע. זי קומט אריין, ווי שטענדיק, אַ פריילעכע, אַ שטראַלנדיקע, מיט אַ ליב זיס שמייכעלע:

— וואָס איז זיידעניו?

— גאָרנישט, קום, זעץ זיך אַביסל נעבן מיר.

ר' הערש לייב פאַרמאַכט דעם „מורה נבוכי הזמן" פון ר' נחמן קראָכמאַל, אין וועלכן ער איז געוועזן ביז איצט פאַרטיפט, ליגנדיק אין בעט; ער זעצט זיך אויף, מירעלע זעצט זיך נעבן אים און ער גלעט, מיט אַזויפיל צאַרטקייט, אירע צעלאָזענע זיידענע, העל־בלאָנדע, געלאָקטע האָר.

אַ שטומע, קעגנזייטיקע, נשמהדיקע ליבשאַפט הויכט אַרויס פון ביידנס וועזנס און מאַכט פול די לופט פונם קראַנקן ר' הערש־לייבס שלאָף־צימער.

עס דערהערט זיך אַ קלונג ביי דער פאַרנטיקער טיר.

— ס'איז אוודאי בעני — זאָגט ר' הערש לייב.

מירעלע גיט אַ לייכטן ציטער, אַ קוים־באַמערקבאַרע צעטומלט־קייט שטראַלט אָפּ אויף איר געזיכט; אויף שנעל מאַכט זי צערעכט די צעלאָזענע האָר אירע, גלייכט זיך אויס און לויפט עפענען די טיר.

דער זיידע מיט זיינע קלוגע, דורכדרינגענדיקע אויגן, פאָלגט זי

נאָך, ער דרינגט אַריין טיף אין איר אינעווייניק, זעט שאַרף, וואָס ביי מירעלען קומט פאָר און ס'ברענגט אים צו שטאַרקן נאָכדענקען.

מירעלע קומט צוריק אַ פאַרשאַטנטע.

— ס'איז געקומען דער פעטער מאָטל — זאָגט זי אין אַ געמאַכטן רואיקן טאָן, אָבער דער זיידע באַמערקט גוט אין איר פּנים, הינטער דער געמאַכטער רואיקייט, אַ מינע פון אַן אומגעריכט־אָפּגענאַרטן און ער, ר' הערש לייב אַליין, ווערט באַאיינפלוסט פון מירעלעס דאָזיקער מינע.

עס קומט אַריין אַ נידעריקער, ברייט־פּלייציקער, דיקער, מיטל־יאָריקער מאַן; אַן אומסימפּאַטישע, אינזיך־זיכערע רואיקייט איז צעגאָסן איבער זיין טונקל־הויטיק געזיכט; מיט ברייטע באַלעבאַטישע, מיוחסדיקע טריט שאַרט ער זיך אַריין און לאָזט פון זיך אַרויס אַ באַריטאָן־שטים:

— גוטן אָוונט שווער, וואָס מאַכט איר? — און נישט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער, רעדט ער ווייטער:

— איי אַ דרויסן אַ פּאַסקודנער, עס עסט זיך איין אין די ביינער די נעץ מיט די פליאָגעס — ער גיט דערביי אַ דריגע מיטן שווערן קאָפּ, וואָס זיצט ביי אים גלייך אויף די אַקסלען, ווי גאָר אָן אַ האַלז — און דער דאָקטאָר איז געוועזן? — פרעגט ער ווידער נאָך אַ מינוט שווייגן.

און איידער ר' הערש־לייב באַווייזט צו ענטפערן, קלינגט מען ווידער ביי דער פאָרנטיקער טיר.

ר' הערש־לייב גיט אַ היימלעכן קוק אויף מירעלען און דערביי אַ לייכטן שמייכל; מירעלע פאַרשטייט דעם זיידנס קוק, זי ווערט פאַרשעמט; אַ פאַררויטלטע לאָזט זי אַראָפּ די אויגן און לויפט עפענען די טיר.

די טיר פון פאָדער־צימער, וואָס גייט אַרויס אין קאָרידאָר צו די טרעפּ — עפנט זיך אויף; עס באַווייזט זיך אַ הויכער יונגערמאַן פון אַ יאָר 25—28, מיט אַ פּאָר ליכטיקע פלאַם־פייערדיקע טונקל־בלויע אויגן און מיט אַ געזיכט, וואָס טיקט זיך אין פרייד.

— גוטן אָוונט, מירעלע.

— גוטן אָוונט, בעני.

ער וואַרפֿט שנעל אַראָפּ פון זיך דעם הוט און דעם רעגן־מאַנטל, כאַפּט אָן מיטביידע הענט מירעלעס רעכטע האַנט און קוקט איר גלייך אין די אויגן.

— נו, מירעלע, וואָס מאַכט דער זיידע? דער דאָקטאָר איז געווען?

ער רעדט מיט אַ דרייגאַרנדיקן לאָדזשער „ררר־יש", וואָס מירעלען דאַכט זיך שטענדיק, אַז עפּעס אַ באַזונדערע חנעוודיקייט ליגט אין דאָזיקן קלאַנג פונם „ררר־יש", ווי ער, בעני, זאָגט אים אַרויס.

— נאַרוואָס איז אַוועק דער דאָקטאָר — ענטפערט מירעלע און גיט פּלוצלונג אַ ריס אויס איר האַנט פון זיינע, לויפט אַריין צום זיידן אַ שטראַלנדיקע:

— זיידעניו, בעני איז דאָ.

— איך זע, אַז בעני איז דאָ... — זאָגט ר׳ הערש־לייב מיט אַ ליבער, צאַרטער איראָניע. מירעלע פאַרשטייט עס און רויטלט זיך מיט אַ שאָטן פון צופרידענער פאַרשעמטקייט.

בעני קלאַפּט אָן אין טיר פונם שלאָף־צימער, אַלע דריי ענטפערן:

— אַריין!

— גוטן אָוונט, רבי, וואָס מאַכט איר? — זאָגט אַרויס בעני די דאָזיקע ווערטער מיט אַזויפיל אינטימער פריינטשאַפט, אַז ר׳ הערש־לייבן ווערט מחיהדיק וואַרעם און ביידע דריקן זיך די הענט.

— אַ, סעניאָר פיינשטיין — ווענדעט זיך בעני צו מאַטלען, געבנדיק אים די האַנט — ווי ס׳פרייט מיך צו טרעפן זיך מיט אייך, שוין אַזאַ לאַנגע צייט זיך נישט געזען.

מאָטל ווערט אַנגעכמורעט און דערלאַנגט בענין די האַנט. און מירעלע רופט זיך אָן מיט אַ געלעכטער:

— אוודאי, מ׳האָט זיך שוין לאַנג נישט געקריגט.

— זעץ זיך, בעני. — זאָגט ר׳ הערש לייב, אָנווייזנדיק אויף אַ שטול נעבן זיך און ער ווענדט זיך צו מירעלען:

— נישט ריכטיק, מירעלע. מ׳קריגט זיך נישט. מ׳רעדט זיך נאָר דורך. מען טוישט זיך מיט געדאַנקען און אַזוי ווערט קלאָרער דער אייגענער געדאַנק; עס ברענגט צו חשבון הנפש, צו רעווידירן אייגענע איינגעבירגערטע מיינונגען און איבערצודענקען זיי פון דאָס

ניי. עס מאַכט נישט אויס, וויכּוחים ברענגען נוצן. וווּ ס'זענען קיין וויכּוחים נישטאָ, דאָרט איז אַלטקייט און אָפּגעשטאַנענקייט, און ס'איז דער ערשטער סימן פון טויט. אַלץ, אָבער, וואָס לעבט און באַוועגט זיך — וועקסלט זיך און מאַכט דורך פאַרשידענע פּראָצעסן אינם מענטשלעכן גייסט, אינם מענטשלעכן דענקען. דאָס ברענגט צו אַ קעגנזייטיקן אַרויסזאָגן זיך, צו דיסקוסיעס, צו אויסטויש אין מיינונגען, און דאָס איז נאַטירלעך, געזונט און נאָרמאַל; אָבער דאָס הייסט נישט „געקריגט זיך".

— ס'טייטש, דאָס איז דאָך מיינע ווערטער — האַקט איבער מאָטל — אַז אַ מענטש מוז האָבן אַ פעסטע אויסגעהאַלטענע ליניע אין לעבן און נישט מאַכן טאָג און נאַכט צוזאַמען, נישט וויסנדיק אַליין ווען ס'איז טאָג און ווען ס'איז נאַכט — און ער מאַכט דערביי מיט די הענט, ווי אַ קאַפּעלמייסטער, וואָס פירט אַן מיט אַן אָרקעסטער.

בעני לאָזט אַרויס אַ הילכיקן געלעכטער:

— אָט דאָס הייסט: „טענו לו בחטין והודה בפריה ורביה".

איר'ט מיר מוחל זיין, סעניאָר פיינשטיין, — ווענדט זיך בעני צו מאָטלען, — אירט אַבסאָלוט נישט פאַרשטאַנען, וואָס דער רבי האָט געזאָגט. ער האָט געזאָגט פּונקט דעם היפּוך, אַז נאָר דאָרט, וווּ ס'איז טעמפּקייט און אַלטקייט, דאָרט איז פאַראַן אַן אויסגעהאַלטענע פעסטע ליניע; דאָרט אָבער, וווּ ס'איז לעבן און באַוועגונג, דאָרט איז אַן אייביקער פּראָצעס פון איבערוואַנדלונג און רעוויזיע.

— אַ גוי בלייבט אַ גוי — שרייט אויס מאָטל אין כּעס — נישט נאָר די נשמה זיינע איז אַ גויאישקע, נאָר אפילו דער קאָפּ איז ביי אים אַ גויאישקער, און פאַרשטייט נישט וואָס מ'רעדט צו אים.

— מאָטל! — גיט ר' הערש לייב אַ געשריי מיט אַ בייזן פאַרוואורף, און גיט דערביי אַ שטרענגן קוק אויף מאָטלען.

— ניין, רבי, עס מאַכט נישט — זאָגט בעני לאַכנדיק; ער גייט צו צו מאָטלען, נעמט אים אַרום פריינטלעך — אַ געזונט אייך אין די ביינער, סעניאָר פיינשטיין, זייער ריכטיק האָט איר איצט געזאָגט, און הלוואי וואָלטן מיר אַלע געהאַט גויאישקע קעפּ און ווינציק פאַנמאַזיאָרן, לופט־שלעסער־בויער און מנחם־מענדלס, וואָס בויען פּאַפּי־

רע בריקן איבערן ים און גאלדענע פאלאצן אין דער לופט פארן יידישן פאלק.

— שוין גענוג, בעני — האקט אים איבער ר׳ הערש־לייב מיט א מכלומרשטער שטרענגקייט.

— האב איך דאך געזאגט, זיידעניו, אז מ׳דארף זיך נישט קריגן — רופט זיך אן מירעלע מיט א צעפיעשטשעטע, אומזיכערע שטים, ווי פון א קינד, וואס מישט זיך אריין צווישן גרויסע און איז נישט זיכער, אז מ׳וועט עם נישט אויסלאכן.

— דו ביסט גערעכט, מירעלע, — ענטפערט ר׳ הערש־לייב לאנג־זאם, מיט צעצויגענע, שארף באטאנטע ווערטער — מ׳דארף זיך טאַ־קע נישט קריגן. אבער מ׳קאן פירן א וויכוח אן פערזענלעכע באליי־דיקונגען, ווי עס פאסט פאר אנשטענדיקע מענטשן.

מאטל פילט זיך געטראפן פון שווערס ווערטער און ער ווערט — אין גערעכט — פארדראסיק אנגעכמורעט אויפן שווער, פארוואס ער האלט נאך מיט דעם פושע ישראל, אסימילאטאר, וואס איז נאך ערגער פון א גוי.

— איצט גיי, מירעלע מיין קינד, — זאגט ר׳ הערש־לייב שוין אין א רואיקערן טאן, — וועסט אזוי גוט זיין דערלאנגען טיי פאר די געסט און מיר וועלן פארזעצן אונזער שמועס, אבער געמיטלעכער, אן היים בלוט.

— גוטן אוונט רבותי! — גיט זיך פלוצלונג א לאז אראפ א הילכיקע, געזונטע, באס־שטים, ווי א דונער וואלט זיך מיטאמאל פון הימל אראפגעקייקלט.

דאס איז אזוי אריין, נישט אנקלאפנדיק, דער שכן זעליג פויי־גער — זיין באלעגאלישער נאמען פון דער היים און ווי דאס ווייב זיינס רופט אים נאך ביז היינט — אדער סעניאר נארמאן אין מעקד־סיקע, פאבריקאנט פון אונטער־וועש.

אלע האבן זיך איבערגעקוקט ביי זעליגס פלוצלונגן אריינקומען און יעדער האט זיך געטראכט: „אריין ווי א יון איז סוכה".

— זיצט ר׳ זעליג — ווייזט ר׳ הערש לייב אים אן אויף א שטול, און ער גייט באלד איבער צו אנהאלטן דעם פריערדיקן איבערגעריי־סענעם שמועס, זאגט ער ווייטער:

— עס איז פּראַן, אַ פעסטע קייט, וואָס בינדט צו — סיי ביים יחיד און סיי ביים כּלל — די סעגנ־וואָרט מיט דער פאַרגאַנגענהייט: אויף קיין פאַל קאָן מען זיך פון דער דאָזיקער קייט נישט אַרויסרייסן; עס דאַכט זיך, טיילמאָל, אַז אָט האָט מען זיך פון דער קייט באַפרייט, קומען אָבער פאַקטן און ווייזן, אַז ס'איז נאָר אויבערפלעכלעך אַזוי געמיינט און נאָר איינגע־רעדט זיך. טיף אָבער אינעווייניק איז מען דאָך געבליבן פעסט איינ־געפּענטעט אין דער קייט פון די פאַרגאַנגענע דורות, נישט אַרויס־צורייסן זיך. אָבער ס'איז געווענדט אין מענטש אַליין, ער קאָן מאַכן אַז די קייט זאָל זיין לייכט און גרינג און טראָגן זי ווי אַ צירונג. און ער קאָן זי מאַכן פאַר שווער און באַלאַסטעט ווי אַרעסטאַנטסקע קייטן.

— אָט דאָס איז דאָך מיינע ווערטער, — האַקט איבער מאָטל, — אַז דער ייִד, צי ער וויל, צי ער וויל נישט, מוז ער זיין געשמידט אין אייזערנע קייטן, וויל מיט דעם מאָמענט, ווען ער באַפרייט זיך פון די קייטן, הערט אויף נישט נאָר ייִד צו זיין, נאָר אַפילו אויך מענטש צו זיין, און בלייבט אַ גאָרנישט שבגאָרנישט.

— זאָלט איר מיר מוחל זיין, סעניאָר פיינשטיין, — ענטפערט אים אָפּ בעני — אירט נישט פאַרשטאַנען, וואָס דער רבי האָט גע־זאָגט. ער האָט געזאָגט פונקט פאַרקערט: אַז דער ייִד קאָן זיך באַ־פרייען פון די שווערע אַרעסטאַנטסקע קייטן, וואָס באַלאַסטן אים אַזוי אומדערטרעגלעך, אַלס צעפוילטע ירושה פון די פריערדיקע דורות און דאָך זיין צוגעבונדן צו זיין פאַרגאַנגענהייט, און צו זיין שטאַם.

— אַזאַ גויאישקער קאָפּ! — ווערט מאָטל אויסער זיך פון כעס, אַז ער שטעלט זיך אַזש אויף פון זיין זיץ־פּלאַץ.

— מאָטל! — שרייט אויס ר' הערש־לייב אין שטאַרקער אויפ־רעגונג, — קאָנסט פאָרט נישט זיין אַ „כובש את כעסו" און פירן אַ וויכוח אַנשטענדיק?

מירעלע קומט אַן מיט אַ טאַץ אָנגעשטעלט מיט גלעזער טיי, צוקער און פאַרבייסעכץ.

— אַ, מ'קריגט זיך שוין ווידער! זיידעניו, פאַרוואָס קאָן מע־

נישט רעדן און נישט זיך קריגן? — זאָגט מירעלע אין אַ האַלב וויי־נענדיקן טאָן.

—יאָ. מיין זעלדע זאָגט אויך, אַז ביי אַנשטענדיקע מענטשן וועט מען קיינמאָל נישט הערן קריגן זיך. — העלפט אונטער זעליג פייגער מירעלען.

ר׳הערש לייב מיט מאַטלען פאַלן אַריין אין אַן אומהיימלעכער פאַרלעגנהייט פון זעליג פייגערס מוסר זאָגן און בעני שיסט אויס מיט אַ געלעכטער.

אַלע שטעקן זיך אַן פון בענים פריילעכן צעלאַכן זיך, און נעמען שמייכלען. אפילו דער שווער־ערנסטער מאַטל — אויך. און אויף זע־ליגס נאַרישן פנים צעגיסט זיך אַ לעקישעוואַטער שמייכל פון אייז אויער ביז צום צווייטן.

מ׳נעמט זיך צו טרינקען טיי, יעדער פאַרטראַכט אין זיך מיט אייגענע געדאַנקען.

דער ערשטער רייסט איבער די שטילקייט בעני.

— און וואָס האָט געזאָגט דער דאָקטאָר? — פרעגט ער, אַ שטייגער ווי מ׳זאָל נאָר וואָס האָבן גערעדט פונם דאָקטאָרס וויזיט.

— דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, — רופט זיך אָן מירעלע, וועלכע האַלט זיך פאַר די פאַראַנטוואָרטלעכע און אַפּיטרופּוס אין אַלע־וואָס אַנבאַלאַנגט דעם זיידנס קורירן זיך, — ער האָט געזאָגט, אַז העכסטנס נאָך צוויי וואָכן, וועט דער זיידעניו שוין זיין פולשטענדיק געזונט און קאָנען אַראָפּגיין אין גאַס אַריין. דערווייל האָט ער געהייסן נעמען די זעלבע מעדיצינען און האָט געהייסן מאַכן בעדער.

— מיין זעלדע זאָגט אויך, — פאַרט אַריין זעליג פייגער, — אַז מ׳זאָל מאַכן בעדער. מיט זאַלץ און צולייגן אַ שטיקל חזיר־פעטס ווערט מען באַלד געזונט.

— ווו זאָל מען צולייגן חזיר־פעטס, ר׳ זעליג? — פרעגט בעני מיט אַן אָפענער איראָניע און איינגעהאַלטענעם געלעכטער.

— איך וועל פרעגן מיין זעלדען, נועט זי שוין זאָגן ווו מ׳דאַרף עס צולייגן. — ענטפערט זעליג אין זייער אַן ערנסטן טאָן, וואָס גיט צו צו זיין פנים אַן אידיאָטיש־תמעוואַטן אויסזען.

בעני שטעלט זיך אויף, ער ווענדט זיך צו מירעלען מיט א צארטן שמייכל:

— מירעלע, מירן זיך שוין נישט קריגן מער מיטן פעטער. איך גיי שוין אוועק.

— וואס אזוי גיך, בעני? — פרעגט ר׳ הערש־לייב — איך וויל נאך געבן א וויכטיקע דערקלערונג וועגן „קיום העם”. בלייב נאך אביסל, בעני.

— נייך, רבי. אירט מיר אנטשולדיקן, איך מוז גיין. ס׳איז שוין שפעט. מיר וועלן דאס אפלייגן אויף א צווייט מאל.

בעני געזעגנט זיך און גייט אוועק. מירעלע פירט אים ארויס.

ביי דער טיר, אין קארידאר אריין, גיט ער מירעלען די האנט:

— א גוטע נאכט, מירעלע.

— א גוטע נאכט, בעני.

ביידע קוקן זיך לאנג אן און שווייגן. בעני גיט איר אין האנט אריין עטלעכע געלט־פאפירן, מירעלע ווערט רויט.

— מ׳דארף נישט, בעני. מיר האבן נאך געלט.

—רעדט גארנישט, מירעלע. א גוטע נאכט.—און ער גייט אוועק.

מירעלע זעצט זיך אוועק ביים טישל, וואס שטייט אין מיטן סאלאן־צימער, דעם קאפ אנגעשפארט אויף ביידע הענט, פארזונקען אין א פלאנטער פון געדאנקען, וועלכע מישן זיך איר צוזאמען אין קאפ און קאן זיי נישט פאנאנדערפלאנטערן, ביז זי דערהערט ווי דער זיידע רופט זי.

זי גייט אריין, דארטן איז שוין מער נישט געבליבן ווי דער זיידע מיטן פעטער מאטל. זי כאפט אויף דעם סוף פון א געשפרעך צווישן זיי ביידע:

— אזא טרייפענע גויאישקע נשמה! ס׳האט גארנישט קיין פונק פון א ייד אין זיך! — שרייט מאטל מיט א שוימיקן כעס.

— אבער אזא כשר, איידל, ברילאנטן, יידיש הארץ! — זאגט ר׳ הערש־לייב מיט א שטילער, הכנעהדיקער שטים.

.2

מיט יארן צוריק.

אויף דער האלענדישער שיף „מאאסדאם”, וואס איז געגאנגען

פון האמבורג ביז מעקסיקע דורך קובא, זענען איינגעשטיגן אין האמ־בורג פינף און אכציק יידישע נפשות.

דער גרעסטער טייל פון זיי — אנטלאפענע פון אוקראינע, ארוים־געראטעוועטע פון פעטלורעס מחנות און אנדערע בלוטיקע באנדעס. אויף יעדנס געזיכט איז נאך געלעגן דער טיפער טרויער נאך די אומפארגעסענע נאענטע און אייגענע קדושים, וואס די אוקראינישע בלוט־הינט האבן נאר־וואס אזוי אכזריותדיק אומגעבראכט.

די גאנצע פראצעסיע פון איינשטייגן אין דער שיף האט אויסגע־זען ווי א גרויסע לוויה: אלע שלעפן זיך מיט געבויגענע קעפ אין שווע־רער אבלות פארטראגן, פון צייט צו צייט ברעכט אויס א שלוכצנדיקער געוויין, וואס רופט ארויס שטילע טרערן ביי די איבעריקע און שווע־רע זיפצן ביי די, וואס קאנען שוין נישט וויינען.

צווישן זיי אלע האט זיך געווארפן באזונדער אין די אויגן א גע־שטאלט, וואס האט גערופן צו זיך גרוים רעספעקט. נישט נאר פון די מיטרייזנדע, נאר אויך פון דער גאנצער מאנשאפט פון דער שיף. דאס איז געווען דער רב פון שטעטל ג. אין אוקראינע, ר׳ הערש לייב קאפלאן. א הויכער, שיינער מאן מיט א פאר קלוגע, ליכטיקע אויגן, א שיינע שווארצע בארד, אין וועלכער עס האט שוין אנגעהויבן צו זילבערן זיך, און מיט אן אויסערגעוויינ־לעכן הדרת פנים. א פנים, פון וועלכן דער זעקס דורותדיקער רבנישער יחוס האט ארויפגעשיינט און געמאנט די גרעסטע אכטונג.

ער האט געפירט ביי דער האנט א קליין, בלאנד, ניין־יאריק מייד־דעלע, זיין איינציק אייניקל, וואס איז איז פארבליבן פון די פערצן נפשות פון זיין פאמיליע, ועמען די גרויזאמע שחיטה האט איינגאנצן איין בלוט דערטרונקען.

די שיף האט פארלאזט דעם ברעג, טראגנדיק זיך אלץ ווייטער און ווייטער אין ים אריין, איז איר וועג צו די נייע לענדער: קובא און מעקסיקע, אין וועלכע די יידישע רייזנדע האבן געהאפט צו געפינען א רואיק ווינקל אן טויט־שרעק, אן הריגות, א ווינקל, וואס זאל מיט דער צייט אפשר אויך א נייע היים ווערן.

די מענטשן האבן זיך אנגעהויבן ביסלעכוויז איינצוארדנען, סיי

פריוואט: יעדער אין זיין קאבינע, אויף די אכט און צוואנציק-טעג, א באקוועמע וווינונג זיך צו מאכן און אויך געזעלשאפטלעך: מענטשן האבן זיך אנגעהויבן צו באקענען, צו דערנענטערן, צו פארבינדן' גע־שפרעכן, שאפן געמיינזאמע שפילערייען און אין אלגעמיין, צו שאפן וויפיל מעגלעך אויף א שיף — א געמיינזאם געזעלשאפטלעך לעבן.

ארום ר' הערש לייבן האט זיך גרופירט א גרויסער טייל פון די יידישע רייזנדע, ביי וועלכע ער, ר' הערש לייב, איז געווארן די צענט־ראלע פיגור; יעדער האט זיך פאר אים אראפגערעדט פונם הארצן, געפרעגט אן עצה, אויסגעקלאגט זיך דאס ביטערע געמיט און ר' הערש לייב האט פאר יעדערן געהאט א גוטמוטיק ווארט, א טרייסט, א האפנונג, נאך וועלכן מ'איז געבליבן געשטארקט און פול מיט נייע האפנונגען.

אפטמאל פלעגט ער דערציילן מעשיות פון דער יידישער געשיכ־טע, פון הייליקע ספרים, און פון וועלטלעכע חכמים. מעשיות פול מיט בטחון און דערמוטיקונג. אלע האבן זיי מיט גרויס אויפמערקזאמ־קייט, ארייגנעשלונגען אין זיך ר' הערש לייבס ווערטער און האבן דער־פילט אין זיי אן אנלען און גייסטיקן אפרו אינם שווערן, באצערטן וועג.

אויפן פערטן טאג איז די שיף אנגעקומען צום פראנצויזישן פארט בולאן.

מיטן איינשטייגן פון פרישע רייזנדע אויף דער שיף, ביים פראנ־צויזישן פארט, האט א פרעמדער קאלטער ווינט א בלאז געטון, וועל־כער האט אפגעקילט אביסל די היימישע ווארימע פאמיליע־אטמאס־פער פון דער שיף. אלע פריערדיקע שיפס־פאסאזשירן האבן גענומען קוקן אויף די נייע, ווי אויף פרעמדע, וואס האבן זיך אריינגעריסן אין דער היימישער משפחה און צעשטערט דעם „שלום בית".

דאס האט אבער נאר אנגעהאלטן דעם ערשטן טאג. ביסעלכווייז האבן זיך אויך די נייע אנגעהויבן צו פארבירגערן אינם אלגעמיינעם שיפס־לעבן, וועלכן די פריערדיקע האבן אוועקגעשטעלט און ס'איז געווארן פארגרעסערט די משפחה.

יידישע פאסאזשירן זענען אויפגעזעסן אויף דער שיף אין בולאן בלויז פינף פערזאן: איין פאמיליע פון פיר פערזאן, וועלכע איז גע־פארן פון פאלעסטינע קיין קובא, דורך פראנקרייך און א יונגער בחור

פון א יאר 18—20, א הויכער, א בלאנדער, מיט טונקל־בלויע, אויס־דרוקפולע אויגן, מיט א גוטמוטיק פריילעך געזיכט און מיט בולטע שטריכן פון א שטאלצן און ענערגישן כאראקטער.

באלד ביי זיין איינשטייגן, האט געצויגן זיין אויפמערקזאמקייט צו דער פערזאן פון ר׳ הערש לייבן. ווי א מאגנעטישע קראפט האט עס אים געצויגן צום דאזיקן שיינעם פאטריארכאלישן יידן.

ער איז דרייסט, אן צערעמאניעס צו אים צוגעגאנגען:

— שלום עליכם, רבי.

— עליכם שלום יונגערמאן. ווי רופט מען אייך?

— איך הייס בעני קאץ.

— און איך: הערש לייב קאפלאן. און דאס איז מיין אייניקל מי־רעלע. — האט ר׳ הערש לייב אנגעוויזן מיט פאטערלעכער צערט־לעכקייט אויף דעם בלאנדן מיידעלע, וואס איז געשטאנען נעבן אים צוגעטוליעט.

דער יונגערמאן האט געקוקט מיט פארוואונדערונג אויף ר׳ הערש לייבן און געפרעגט:

— נישט אמאל דער מחבר פון ספר „שביל הזהב״?

ר׳ הערש לייב האט א קוק געטון אויפן יונגנמאן מיט א פארשנ־דיקן בליק און געענטפערט:

— יא, דאס איז ער, וואס רעדט מיט אייך.

בעני איז דערשטוינט געווארן, זעענדיק פאר זיך דעם מחבר פון אזעלכע געוואגטע פרייע געדאנקען, וועלכן ער האט זיך גאר אנדערש פארגעשטעלט, איז גאר א רב. ער האט עס זיינע אייגענע אויגן נישט געוואלט גלייבן. און דער רעספעקט צום דאזיקן הדרת פנימדיקן אינטעליגענטן רב האט ביי אים הונדערטפאכיק גע־שטיגן.

— און איך האב געמיינט, זיידעניו, אז דאס איז א גוי — האט אין א נאיוו קינדישן טאן, האלב פארשעמט, זיך אנגערופן מירעלע.

— יא, יא, איך בין טאקע א גוי — האט בעני, איר גלעטנדיק די געלאקטע האר, געענטפערט אין א האלב שפאסיקן און א האלב ערנסטן טאן — אבער א יידישער גוי.

מירעלע האָט זיך צעלאַכט און צוטוליענדיק זיך מער צום זיידן האָט זי געפרעגט:

— זיידעניו, איז דען דאָ אַ יידישער גוי?

— ניין, קינדערלע, ס'איז בלויז אַ שפּאַס — האָט איר געענט־פערט ר' הערש לייב אין אַ טאָן פון אַ לערער, וואָס דערקלערט עפּעס פאַר די שילער. — אַ ייד, אפילו ווען ער וויל זיין אַ גוי, קאָן ער עס אויך נישט. ער איז געצוווּנגען צו זיין אַ ייד. בעל כרחו מוז ער בלייבן אַ ייד. דער תלמוד זאָגט: אַז אַ מענטש קאָן זיך זעלבסט פאַר קיין רשע נישט מאַכן, בפרט פאַר אַ גוי — אוודאי נישט.

— אַנטשולדיקט מיר, רבי, — איז בעני געוואָרן זייער ערנסט — איך מיין, אַז יעדע אַנגעהעריקייט צו וועלכער ס'איז פּאַרטיי, אידייע, רעליגיע אָדער באַוועגונג, איז פולשטענדיק אָפּהענגיק פון פרייען מענטשלעכן ווילן, פון אייגענעם אינדיווידועלן פאַרשטאַנד און אייגענער לאָגישער איבערצייגונג; מען קאָן קיינעם נישט צווינגען צו געהערן צו וועלכער ס'איז גרופּע קעגן זיין ווילן; דאָס זעלבע איז אויך מיט יידישקייט, יידישע זיטן, רעליגיע, טראַדיציע און מנהגים, וועל־כע זענען נאָר גילטיק פאַר די, וואָס האַלטן זיך צו זיי צוגעהעריק און אַנערקענען זייער וויכטיקייט; אָבער אַבסאָלוט נישט — פאַר די, וועלכע ווילן עס איבער זיך נישט האָבן און אַנערקענען עס נישט.

ר' הערש לייב האָט אים רואיק אויסגעהערט און נאָכהער געענט־פערט:

— איר פאַרמישט דאָ צוויי באַזונדערע זאַכן, יונגערמאַן. רעלי־גיעזע און טראַדיציאָנעלע פליכטן איז איין זאַך און נאַציאָנאַלע אָנ־געהעריקייט איז אַ צווייטע זאַך.

אַ פלוצלונגער טומל און פאַרצווייפלטע געשרייען האָבן איבער־געריסן ר' הערש לייבס ווייטערדיקע ווערטער: אַ יידישע פרוי האָט געחלשט און מיט שוועריקייטן איז קוים געלונגען איר אָפּצומינטערן.

---

גאַנצע פיר וואָכן האָט געדויערט די רייזע איבערן אַטלאַנטישן ים פון אייראָפּע קיין מעקסיקע. און די גאַנצע צייט איז בעני נישט

אפגעטראָטן פון ר׳ הערש לייבן מיט זיין אייניקל. בעני האָט געהאַט דעם גרעסטן פאַרגעניגן צו דיסקוטירן און פירן שמועסן מיטן דאַזיקן אמת־קלוגן ר.ב. שמועסן, וועלכע האָבן נישט אויפגעהערט אין דער גאַנצער צייט פון דער רייזע.

נאָך מער האָט עס אים, בעניו, צוגעצויגן צו ר׳ הערש לייבן, דערוויסנדיק זיך פון דער שרעקלעכער טראַגעדיע, אַז ר׳ הערש לייב האָט פאַרלוירן זיין גאַנצע פאַמיליע דורך די בלוטיקע רוצחער־באַנדעס. בעני האָט באַוווּנדערט ר׳ הערש לייבס רואיקייט, זיין נישט־ארויסווייזן דעם מינדסטן צייכן פון די אינעווייניקסטע, שווער־צעווייטיקטע יסורים זיינע.

אויך ר׳ הערש לייבן האָט געצויגן צום דאַזיקן יונגנמאַן, נישט געקוקט אויף די שאַרפע קאָנטראַסטן צווישן זיי ביידע אין די מיינונגען און איבערצייגונגען. און אפשר גראָד דערפאַר האָט עס ר׳ הערש לייבן געלאָקט די נאָענטקייט פונם דאַזיקן „זייער אינטערעסאַנטן יונגנמאַן", ווי ער פלעגט זיך ווענן אים אויסדריקן.

און די יידישע מיטרייזנדע, איינהערנדיק זיך צו די אָפטע געשפּרעכן צווישן ר׳ הערש לייבן מיט בעניו און בענים העפטיקן אָנגריפן די יידישע רעליגיע, טראַדיציע און נאַציאָנאַליזם, און אויך צוליב בענים ווירקלעך־גויאישקן אויסזען, איז ביי אַלע געוואָרן זיין נאָמען — „בעני גוי".

בעניו אַליין האָט דער דאַזיקער נאָמען אימפּאָנירט און ער האָט שטיפעריש הנאה געהאַט, אַז מ׳האָט אים גערופן „בעני גוי". אָבער ר׳ הערש לייבן האָט עס שטאַרק פאַרדראָסן און נישט איינמאָל האָט ער שטרענג אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דעם:

— דער נאָמען „ייד" איז פאַר אונז אַ קרוין, מיט וועלכער מיר דאַרפן שטאָלצירן, אויף קידוש־השם גייען מיר פאַרן דאַזיקן נאָמען און אַלס רעספּעקט צום בלוט פון אונזערע קדושים, דאַרפן מיר זיך איינקריצן מיט די ציין אינם דאַזיקן נאָמען „ייד" און נישט וועלן אַרויפציען אויף זיך אַ פרעמדע מאַסקע, אָדער אַ פרעמדן נאָמען פון „גוי".

— אָבער רבי, — פלעגט בעני זיך האַלטן ביי זיינס, — הלוואי וואָלטן מיר בעסער געווען פּראָסטע, געזונטע גויים און נישט יידישע

הימל־פליערס, צעבראָכענע פאַנטאַזיאָרן, וואָלטן מיר אַ סך געזונטער און נאָרמאַלער געווען.

— אָבער — האָט ר׳ הערש לייב מיט שטאָלץ געענטפערט — מיר קאָנען נישט זיין אַנדערש פון דעם, וואָס מיר זענען און דאָס וואָס מיר זענען, מוזן מיר בלייבן און נאָר אַלס אַזעלכע קאָנען מיר עקזיסטירן. און פון אונז אַליין איז אָפּהענגיק, אַז אונזער עקזיס־טענץ זאָל זיין אַ שיינע, אַ ווירדיקע און שטאָלצע, אָבער אַלץ אין דער ראַם פון זיך אַליין.

פון דעם פלעגט זיך יעדעס מאָל אָנהייבן אַ נייע דיסקוסיע אויף שעהן לאַנג און אַמאָל אויף טעג, צו וועלכער אַלע אַרומיקע פלעגן זיך מיט גרוים אינטערעס איינהערן און צייטנווייז אויך זיך אַריימישן, צו־געבנדיק געדעכט ר׳ הערש לייבן און טיילמאָל אויך בעניז.

אַזוי זענען אַוועק אַכט און צוואַנציק טעג אויפן וואַסער.

3.

דער צופאַל האָט צוגעשפּילט בעניז, אַז באַלד אין די ערשטע טעג פון זיין אָנקומען אין מעקסיקע, זאָל ער באַקומען אַ גוטן פּאָסטן און נישט דאַרפן זיך באַהענגען פון קאָפּ ביז די פיס מיט פּאַסקעס, קראַ־וואַטן און זאָקן און ארומגייז אַזוי איבער די גאַסן, ווי אַ פּאַיאַץ, און פּעדלען. עס האָט אים, בעניז, געאיבלט צו קוקן ווי די אַנדערע אימיגראַנטן טוען עס, ווער — גאַנץ גערן, און ווער — מיט אַ זיפצנ־דיקן און נעבעכדיקן „מוז״.

---

עס איז געווען אַ ברענענדיקער יוני־טאָג.

בעני דרייט זיך אַרום איבער די מעקסיקאַנער גאַסן, בראָט זיך אונטער דער פייערדיקער מעקסיקאַנער יוני־זון, אָבער ער שפּירט עס נישט; ער שלעפּט זיך אַ פּאַרטראַגענער און פאַרטראַכטער, ער קלערט ווי צו געפינען פאַר זיך אַן עקזיסטענץ־מעגלעכקייט, מעג עס זיין אפילו דורך דער שווערסטער פיזישער אַרבעט, אַבי נישט דאַרפן זיך נעמען צו די יידישע באַשעפטיקונגען, ווי פּעדלעריי אָדער אַבאָנעס, וועלכע עקלען אים אפילו צו טראַכטן וועגן דעם. און דאָ איז ער אַ פרעמדער, אַן אַ וואָרט שפּאַניש: אַן איינזאַמער, אָן וועל־כע ס׳איז קרובים אָדער פריינט.

ביים אנקומען פון ווערצאקרוז, איז ער, בעני, מיטגעגאנגען צו ר׳ הערש לייבס טאכטער און איידעם, וועלכע האבן שוין געוווינט אין מעקסיקע פון פריער און געווען גאנץ נישקשה איינגעארדנט. אבער באלד אין דער ערשטער מינוט האבן זיך ביידע — בעני מיט מאטל פיינשטיין, ר׳ הערש לייבס איידעם — צעקריגט און קעגנזייטיק זיך פיינט געקראגן. בעני איז געווארן אומאנגענעם צו באגעגענען זיך מיט דעם דאזיקן „זאטן, צופרידענעם גארנישט״, ווי בעני האט אים גערופן און ער פלעגט אפזוכן צו קומען צו ר׳ הערש לייבן, וועמען ער האט אויסערגעוויינלעך רעספעקטירט און זייער ליב געהאט — נאר אין דער צייט, ווען ער האט געוווסט, אז ער וועט פיינשטיינען אין שטוב נישט טרעפן.

דרייט זיך אזוי ארום בעני איבער די גאסן א דערשלאגענער, א פארצאגטער און פאריאושטער, נישט וויסנדיק אליין וווהין די פיס פירן אים און אזוי שלעפנדיק זיך אן א זין און אן א ציל איז ער דערגאנגען צו א זייטיקער שטילער גאס, וווּ ער האט דערזען א גריז גערטל מיט פריש גראז, ברייט־פארצווייגטע און געדיכט־באבלעטערטע ביימער און בענק אונטער זיי; די פרישקייט פון גרינס און די פלוצלונגדיקע ענדערונג פון דער לופט האט אים ווי אויסגעניכטערט פון א פארשיכורטקייט, ער האט זיך ארומגעקוקט ווי ער זאל זיך נאר־וואס אויפכאפן פון א שווערן שלאף מיט פארפלאנטערטע חלומות און זיך געוווּנדערט, ווי אנאך ער קומט אהערצו, און דא אראפלאזנדיק זיך אויף א באנק, האט ער איצט דערשפירט זיין גאנצע קערפערלעכע מידקייט און צעבראכנקייט און מיטאמאל — ווי אן אויסברוך פון פארצווייפלונגס־איבערפלוס — האט ער זיך שטארק צעוויינט.

ער האט גארנישט באמערקט, ווי די גאנצע צייט, וואס ער האט זיך אזוי ציללאז געשלעפט איבער דער גאס און דערנאך אזא דערשלאגענער זיך אוועקגעזעצט אויף דער באנק — האט אן עלטערע פרוי. דורך אן אפן פענסטער פון צווייטן שטאק פון אנטקעגנאיבערדיקן הויז, נאכגעשפירט אט דעם „שיינעם בלאנדן יונגנמאן״ און האט אזוי שטארק מיטלייד געהאט מיט אים. און ווען בעני האט זיך צעוויינט, האט זי שוין נישט געקאנט זיין מער גלייכגילטיק און רואיק צום יונגנמאנס לײדן. זי איז אראפ, זיך אוועקגעזעצט נעבן אים אויף

דער באַנק און געפרעגט אים. מיט אַ מוטערלעכער גוטמוטיקייט, וואָס אים איז. אָבער בעני, נישט פאַרשטייענדיק קיין שפּאַניש, האָט נישט געוווּסט, וואָס די פרוי וויל פון אים האָבן. זי האָט עס באַמערקט און גענומען צו אים רעדן ענגליש.

בעניין האָט עס אַפילו אין אָנפאַנגס פאַרדראָסן און געקרענקט זיין שטאָלץ, פאַרוואָס אַ פרעמדער האָט אים געזען וויינען און רע־אַגירט אויף דעם. אָבער דער פרוים מוטערלעכע באַציאונג און איר ליבלעכע אויפריכטיקייט האָט אים, אין דאָזיקן מאָמענט, צוגעצויגן, ביי אים אויפגעעפנט זיין האַרץ און ער האָט געענטפערט אין ענג־ליש — וואָס ער איז גוט באַזעסן — פאַר איר קלאָר געמאַכט זיין פאַרצווייפלטע לאַגע. עס האָט איר, קענטיק, זייער גערירט בענים איינזאַמקייט און זי האָט אים אויף זייער אַ העפלעכן אופן פאַרבעטן צו זיך.

דאָ איז בעני אַריין אין אַ שווערער פאַרלעגנהייט. פון איין זייט — זיין שטענדיקער עקל צום געפיל פון רחמנות, צו די רחמנות־בעטער און נאָכמער צו די רחמנות־געבער, וועלכע ווילן פאַרשרייען זייערע געוויסנס דורך צדקה און רחמנות־הילף. פון דער צווייטער זייט אָבער — האָט ער געוווּסט, אַז ס׳איז אַ פעסטער געזעץ אין לעבן נישט דורכצולאָזן קיין געלעגנהייט, ווייל מ׳קאָן דערנאָך וואַרטן און וואַרטן און מער עס נישט אָנטרעפן. און שטענדיק דאַרפן באַדויערן די דורכגעלאָזטע געלעגנהייט.

ענדלעך האָט ביי אים גובר געווען דער רעאַלער געדאַנק פון אַ טרינקענדיקן, וואָס כאַפּט זיך אָן אין יעדער רעטונגס־הילף, וואָס קומט נאָר אונטער און ער, בעני, איז מיט דער פרוי מיטגעגאַנגען.

צו מיטאָג, ווען איר מאַן — אַן עלטערער פראַנצויז, פון וועלכן עס האָט אַראָפּגעשיינט דער אינטעליגענט מיט אַן אַריסטאָקראַטישן יחוס — איז אַהיימגעקומען, האָט די פרוי פאַר אים פאַרגעשטעלט בעניין, דערציילט אים — אין פראַנצויזיש, דענקנדיק, אַז בעני פאַר־שטייט נישט — אַלץ, וואָס עס האָט זי אַזוי גערירט וועגן דעם יונגנ־מאַנס לאַגע.

אָנפאַנגס האָט ער געקוקט אויף בעניין מיט אַ העפלעכן שאָטן פון פאַרדעכטיקייט. אָבער ביסלעכווייז, ווען ער האָט זיך מיט אים

פאנאנדערגערעדט, האָט בעני אָנגעהויבן צו מאַכן אויף אים אַ גוטן איינדרוק. באַזונדער דאָס, וואָס בעני באַזיצט פּערפעקט פראַנצויזיש און ענגליש. האָט דעם אַלטן אינטעליגענטן פראַנצויז גענומען און יעדער שאָטן איז פון בעניז פארשוואונדן.

אויף מאָרגן אינדערפרי האָט בעני שוין געאַרבעט ביי דער זעל־בער פראַנצויזישער שיפס־קאָמפּאַניע, ווו דער דאָזיקער אַלטער פראַנ־צויז איז געווען איינער פון די דירעקטאָרן.

אמת טאַקע, אין אָנפאַנגס, פאַר אַ זייער קליינעם געהאַלט. אָבער בעניז האָט זיך דעמאָלט אויסגעדוכט, אַז ער איז דער גליקלעכסטער מענטש אין דער וועלט.

אַז בעני איז געקומען צו ר׳ הערש לייבן און דערציילט פון זיין פּאָסטן, וואָס ער האָט באַקומען, האָט עס ר׳ הערש לייבן שטאַרק הנאה געטון און ער איז זייער צופרידן געווען. אָבער מאָטל פיינשטיין האָט אַ זאָג געגעבן מיט אַ חוזק טאָן:

— וואָס דען, אַן הצלחה פון אַ גוי! — און צוגעגעבן שוין ערנסט:

— אַ שיינער תכלית פאַר אַ יונגנמאַן אין מעקסיקע צו גיין אַר־בעטן און פאַרדינען וואַסער אויף קאַשע. שיין קען מען זיך דערפון אַרויפאַרבעטן... אַז דאָס איז דער אומגליק מיט אים. וואָס ער האָט גאָרנישט קיין יידישן געדאַנק אין זיך.

ר׳ הערש לייבן האָט פאַרדראָסן מאָטלס ווערטער און אין אַ גאַנץ העפטיקן טאָן האָט ער אים באַמערקט:

— איך בעט דיך, מאָטל, כאָטש איך בין דיין גאַסט, אַז איך זאָל פון דיר נישט הערן מער אַזוי רעדן וועגן בעניז.

— עס מאַכט נישט, רבי — האָט בעני זיך אָנגערופן — בעסער גויאישקע ערלעכע אַרבעט, איידער אַ יידיש צווייפלהאַפט פעקל...

מאָטלען האָט אַ שטאָך געטון די באַמערקונג, וואָס איז אין אים געצילט געווען און פונקט צום פינטל געטראָפן. ער האָט אָבער פאַר־ביסן די ליפן און געשוויגן, טראַכטנדיק אין זיך, מיט אַ ביטול באַ־ציאונג צו בעניז: „פון דעם יונג וועט שוין קיין לייט נישט זיין אין מעקסיקע!”.

.4

אין פאַרלויף פון די צוויי יאָר, וואָס בעני האָט געאַרבעט ביי

דער שיפֿס־קאָמפּאַניע אין מעקסיקע, האָט זיך פֿאַרבונדן צווישן אַט די צוויי קאָנטראַסטן, אָדער בעסער געזאָגט — צוויי וועלטן, דעם אַלטן ר׳ הערש לייבן דעם רב און דעם יונגן בעני גוי, אַן אינטימע, איבערגעגעבענע, האַרציקע פֿרײַנטשאַפֿט. נישט געקוקט אויף דער פֿאַרשידנקייט און קעגנגעזעצטקייט פֿון זייערע מיינונגען און אי־בערצייגונגען, נישט געקוקט אויף די אָפּטע — און טיילמאָל גאַנץ שאַרפֿע און העפֿטיקע — דיסקוסיעס צווישן זיי ביידע און נישט גע־קוקט אפֿילו אויפֿן שטאַרקן אונטערשיד פֿון די יאָרן — האָט זיך דאָך אַזאַ אינטימע נאָענטקייט איינגעשטעלט צווישן זיי. עס איז געלעגן אין די דאָזיקע צוויי באַזונדערע כאַראַקטערן עפּעס געמיינזאַ־מעס אין זייערע נשמות — הגם פֿאַר ביידע אומפֿאַרשטענדלעך — וואָס האָט אַזוי שטאַרק געצויגן איינעם צום צווייטן, געהאַלטן זיי געמיינזאַם פֿאַרבונדן אין פּריוואַט לעבן אפֿילו.

ר׳ הערש לייב פֿלעגט נאָר באַדויערן און אויך פֿאַרדריסלעך ליידן פֿון בענים גויאישקייט. ער פֿלעגט אָפֿט זיך אַרײַנטראַכטן און נישט פֿאַרשטיין אויף קיין פֿאַל, ווי קומט עס, אַז אַ בחור, געבוירן און דער־צויגן ביי פֿרומע חסידישע עלטערן אין פּוילן (לאָדזש), אַ בחור, וואָס האָט אַזוי פֿיל געלערנט, וואָס איז אַזוי בקי אין דער גאַנצער לומדיש־רבנישער ליטעראַטור מער פֿון אַנדערע רבנים — זאָל האָבן אין זיך אַזאַ גויאישקע נשמה, זאָל אין זיך טראָגן אַזאַ איינגעגעסענע שנאה צו אַלץ, וואָס איז יידיש. אַזאַ פֿאַרביסענעם האַס צו אַלע יידי־שע פֿאָלקס־הייליקייטן און דאָך, נישט געקוקט אויף אַלץ, האָט ער בעניין אויסערגעוויינלעך ליב געהאַט און פּשוט נישט געקאָנט אָן אים לעבן. נאָך צוויי יאָר, אַז די שיפֿס־קאָמפּאַניע האָט איבער־געשיקט בעניין קיין וועראַקרוז אין דער דאָרטיקער אָפּטיילונג, האָט ר׳ הערש לייב שרעקלעך געליטן פֿון בענים אָפּוועזנהייט. און כאָטש ר׳ הערש לייב האָט זיך באַמיט — ווי זיין שטייגער איז — צו זיין רואיק און נישט אַרויסווייזן, וואָס טיף אינעווייניק קומט ביי אים פֿאָר, האָבן אַלע דאָך דערקענט אין אים אַן ענדערונג אין זיין שטימונג און אין זיין געמיט־צושטאַנד.

מיט אומגעדולד פֿלעגט ר׳ הערש לייב קוים זיך דערוואַרטן אויף בענים בריוו פֿון וועראַקרוז, וואָס ער פֿלעגט אַזוי אָפֿט דערהאַלטן. און

שריפטלעך האט זייער פריינטשאפט — אדער ריכטיקער, זייער אינטימע חברישקייט — זיך נאך מער פארשטארקט און נשמהדיק־בענקלעך האט געצויגן איינעם צום צווייטן.

מיט פריידיקער אנטציקונג פלעגט ר׳ הערש לייב לייענען בענים בריוו און אפט באמערקן: „א יונגערמאן זאל האבן אזעלכע שיינע געדאנקען, הגם נאך נישט קיין אויסקריסטאליזירטע". און בעני פלעגט מיט פארוווּנדערונג לייענען ר׳ הערש לייבס בריוו און טראכטן: „אן עלטערער מענטש און א רב זאל האבן אזא קלוגע, וועלט־לעכע פארשטענדעניש פאר זאכן און געשעענישן, הגם איז אז אלט מאדיש מאנטל איינגעהילט".

און מערקווירדיק: קיינמאל נישט איינשטימיק איינער מיטן צווייטן און דאך אזא קעגנזייטיקע פארשטענדעניש איינער פארן צווייטן.

צו ביידנס קעגנזייטיקער פרייד איז געווען בענים צוריק־קומען קיין מעקסיקע.

נאך איין יאר אפזיין אין ווערעקרוז האט אים די זעלבע שיפס־קאמפאניע צוריק איבערגעשיקט, אויף א העכערן אמט אין צענטראל, קיין מעקסיקע.

אויך מירעלע, וועלכע האט זיך אנגעשטעקט פון איר זיידן צו קוקן אויף בענין מיט דער זעלבער ליבשאפט און נאענטקייט ווי דער זיידע, האט זיך געפילט צופרידן פון בענים צוריקקומען.

נאר איין מאטל פיינשטיין, — ר׳ הערש לייבס איידעם, — וואס האט פון ערשטן טאג אן בענין שרעקלעך פיינט געהאט, ווען בענים צוריקקומען קיין מעקסיקע האט קרענקלעך געערגערט און פארדראסן.

מיט בענים צוריקקומען האט א דערוואכנדיקע פרייל עכקייט באַ־לויכטן דאס גאנצע הויז פון ר׳ הערש לייבן מיט מירעלען; אן אויפ־געהייטערטע מונטערקייט, וואס דער פריילעכער בעני האט מיט זיך מיטגעבראכט, האט געלייגט איר שטעמפל אויף יעדן ווינקעלע פון הויז און גאר באזונדער מירעלען האט עס אריינגעבראכט אין א שטיפעריש אויפגעלעבטן געמיט־צושטאנד.

אזוי זענען אוועק יארן.

בעני איז אלץ מער געווארן פאמיליאר צוגעבונדן צו ר׳ הערש

ליבן און מירעלען און ער האט דערגאַנצט דאָס, וואָס אַן אים האט אין שטוב אויסגעפעלט. איז אריבער אַמאָל אַז אוונט און בעני איז נישט געקומען — וואָס האט זעלטן ווען פּאַסירט, — האט מען גע־פילט, אַז עפּעס פעלט אין דער פאַמיליע, אַז אין שטוב איז נישט אַלץ פולשטענדיק. מ'האט איבערגעקלערט, נישט געקאָנט פאַרשטיין וואָס ס'האט מיט אים פּאַסירט און מיט אומגעדולד געוואַרט אויף זיין קומען.

אַזוי האט זיך פון אַלע דריי צונויפגעשטעלט אַן ענגע, אינטימע פאַמיליע־סביבה, ביי וועלכער עס האט געהערשט איין געמיינזאַמער אינטערעס, דער אינטערעס פון דער פאַמיליע־גאַנצקייט איז אַלע אירע אַנגעלעגנהייטן.

האט אָבער געטראָפן, אַז ס'פלעגן זיך צוזאַמענקומען בעני מיט מאָטל פיינשטיין, דעמאָלט האט זיך באַלד אָנגעהויבן פאַרביטערטע דיסקוסיעס, מיט קריגערייען און פערזענלעכע באַליידיקונגען, וואָס האט ר' הערש ליבן זייער פאַרדראָסן און מירעלען שטאַרק געקרענקט.

---

ווי פּלוצלונג, האט מירעלע אָנגעהויבן דערשפּירן די פרוי אין זיך. זי האט ווי מיטאַמאָל פאַרלוירן איר קינדערשקייט און אַ שפּרונג אַריבער געגעבן צו דער פרוי.

גאַנץ נייע געפילן האבן זיך אָנגעהויבן אויסצופּיקן און צו אַנטוויקלען טיף אין איר פאַרבאָרגנקייט, מיט בעניִן אין צענטער פון אַלע אירע נייע דערוואַכטע געפילן. זי האט שוין נישט געקאָנט אים פאַרבייגייען — דעם זעלבן בעניִן, מיט וועמען זי איז אַזוי צו־געוווינט געווען — נישט רויט צו ווערן.

בעני מיט זיין קלוגן, דורכנעמענדיקן בליק, האט עס באַלד דער־זען און געוואָלט זיך מאַכן נישט־זעענדיק. אויף כוח האט ער געוואָלט אָפּוועקדרייען זיך, מאַכן זיך טויב און בלינד צו דער נייער מירעלען. אַז אינערלעכער געפיל האט אים אונטערגעזאָגט, אַז ער טאָר נישט, מיט דער מינדסטער קלייניקייט אפילו, מיטהעלפן דער צו שנעלער דער־וואַכונג פון דער פרוי ביי מירעלען. ער האט עס געהאַלטן פאַר פּריצייטיק און אומנאַרמאַל: ער האט זיך דעריבער געוואָלט מאַכן, אַז ער פילט גאָרנישט ווי איר האַנט פלאַטערט ווען ער האַלט זי אין זיינע

און אַז ער באַמערקט גאַרנישט איר רויטלען זיך, איר פלוצלונגן פארשעמען זיך און אראפלאזן די אויגן, ווען זיי טרעפן זיך מיט זיינע.

בעניין איז פון איין זייט געווען אַנגענעם מירעלעס דאַזיקע ענדער־רינג: מיידליש־חנעוודיקער איז די דאַזיקע מירעלע געווארן. און א צופרידנקייט האט אים באהערשט פון דער דאַזיקער נייער מירעלען און אירע נייע באַנעמונגען צו אים. פון דער צווייטער זייט אָבער, האט עס אים עפעס געשראָקן, אַליין נישט ווּיסנדיק פאר־וואס. און דאס צווייטע געפיל איז אים איז געווען שטאַרקער: ער האט מיט אַלע כוחות געוואָלט אָפּהאַלטן דאָס ליבע קינד מירעלע, צו וועלכער ער איז געווינט שוין פון יאָרן, און וועלכע איז אַזוי שוועסטערלעך פריי געווען אין זיין קעגנוואַרט.

אָבער מירעלע די פרוי, מיטן יונגן אויפגעברויזטן פרויען־אינס־טינקט איז אַ סך שטאַרקער געווען פון בעניין דעם מאַן מיטן שטאַרקן כאַראַקטער און פעסטן ווילנס־קראַפט, און זי האט אים באַזיגט.

הגם אויסערלעך האט זיך אויסגעדראַכט, אַז אַלץ איז דאָס זעל־בע ווי געווען, האט אָבער בעני דאָך שוין נישט געקאָנט פארבייגיין מער אַזוי ברודערלעך גלייכגילטיק דער נייער מירעלען. ער האט אָנגע־הויבן דערשפירן — און אַלעמאָל מער — גאַנץ אַנדערע געפילן צו איר, וועלכע האָבן אים מחיהדיק געוואַרעמט, אָבער גלייכצייטיק געשראָקן. און מירעלע, מיט איר נאַטירלעכן פרויען־אינסטינקט האט זיי ביידע דערשפירט. און מערקווירדיק: ביידע געפילן האָבן איר אין דערזעלבער צייט צוגלייך גערעגט איר מיידלישקייט און באַפרידיקט, דאָס האט נאָך מער צעפלאַמט איר יונג מיידל־האַרץ און אויך בעניין אַנשטעקנדיק ארומגעכאַפּט.

ביידע, בעני און מירעלע, האָבן זיך אָנגעהויבן צו פארשטיין און אויף וויפיל ביידע האָבן געוואָלט נישט אַרויסווייזן קיין ענדער־רונג, האט דאָך די ענדערונג זיך אַרויסגעריסן און אַליין זיך אַרויס־געוויזן, קעגן זייער אייגענעם ווילן.

דער ערשטער האט עס דערזען — פארשטענדלעך — ר׳ הערש לייב, וואָס פון איין זייט האט עס אים הנאה געטון און פון דער־צווייטער זייט האט אַ באַהאַלטענער צער אים געפייניקט, וועלכן ער

האט זיך באמיט טוּף אין זיך צו דערשטיקן, און דערווייל געוואַרט צו זען, וואָס די צייט וועט ברענגען.

5.

חול המועד פּסח. ס'איז אויך קריסטלעכער פּאַסכאַ.

א שיינער פרילינגדיקער אַפּריל־טאָג צעגיסט א פרייל‏עכע אויפ־געהייטערטקייט איבערן דרויסן, פּאַריאַנטעוועט די גאַסן פון מעקסי־קע און טרייבט אַריין, דורך די אָפענע פענסטער, א מנוחהדיקע, יאָנ־טעוודיקע שטימונג אויך אין די שטובן אַריין.

ר' הערש לייבס צימער שמעקט מיט פרישקייט און פּסחדיק. דער צימער איז פריש אויסגעווייסט, די גרויסע אָפענע שאַנק מיט ספרים, וואָס פאַרנעמט א גאַנצע וואַנט, איז אָפּגעשטויבט, איבערגע־ווישט, און די ספרים אויפסניי אין אָרדנונג איינגעשטעלט. אויפן קליי־נעם ארון קודש, וואָס שטייט ביי דער קעגנאיבערדיקער וואַנט, הענגט א נייער סאַמעטענער פּרוכת, גאָלדיק אויסגעהאַפּטן: אויפן טיש, אין מיטן צימער, וועלכער איז מיט א קלאָר ווייס טישטוך געדעקט — ליגן אנגעוואָרפן פאַרמאַכטע ספרים, א גרויסער חושן משפּט ליגט אָפן. אויפגעמישט הלכת טוען ונטען, און א קאַלירטע גרויסע קעשענע־פאַ־טשיילע אויבן אַרויפגעלייגט.

ר' הערש לייב זיצט אויף א שטול, אויסגעדרייט מיט א זייט צום טיש. קעגנאיבער אים זיצט א מיטל־יאָריקע שלאַנקע פרוי, אויף וועלכער ס'איז נאָך געבליבן פון איר געוועזענער שיינקייט אין דער יוגנט. דאָס איז ר' הערש לייבס טאָכטער הינדע.

ר' הערש לייב רעדט מיט האַרץ אין א מיטפילנדיקן, טרייסטנדיקן טאָן:

— מ'טאָר נישט מתרעם זיין, מיין קינד, מסתם איז אַזוי דעם רבונו של עולמס ווילן און קעגן זיין ווילן קאָנען מיר נישט גיין; עס איז דיר נישט באַשערט, מיין קינד, מוזטו זיין צופרידן און דאַנקען גאָט פאַר דעם, וואָס איז דאָ, און זען, דאָס נישט צו פאַרזינדיקן, אַז עס זאָל דיר, חלילה, דאָס נישט פאַרשטערט ווערן. אַנדערע — אַז דיין שאָדן — זאָלן דיך מקנא, ביסט, דאַנקען גאָט, רייך, האָסט א ווילן מאַן, וואָס האָט דיך ליב און איז מיט דיר נפש אחת, זינדיק נישט, מיין קינד.

— יאָ, ס'איז טאַקע אמת. אָבער, טאַטע, פאַר וועמען וועט אַלץ איבערבלייבן? — זאָגט הינדע וויינענדיק — וואָס איז דען דאָס גאַנצע לעבן פון אַ מענטש? אַ קינד. אַ שטיקל נחת. בעסער צו לעבן אָרים און איבערלאָזן נאָך זיך אַ געדעכעניש אויף דער וועלט.

— אָבער שטעל דיר פאָר, הינדע, — לאָזט איר ר' הערש לייב נישט רעדן ווייטער — ס'זענען פאַראַנען פאַמיליעס מיט קינדער, וואָס איז נישטאָ קיין שטיקל ברויט זיי צו געבן און אַז די קינדער זענען קראַנק — נישט דאָ געדאַכט — איז נישטאָ מיט וואָס זיי צו ראַטעווען גו, דאַרף מען מקנא זיין די דאָזיקע עלטערן? ווייַן נישט, הינדע, זינדיק נישט מיין קינד. טו מעשים טובים, העלף נויטליידנדיקע, אָרימע, ביסט, דאַנקען גאָט, בכוח. העלף אָרימע קינדערלעך, וואָס זייערע עלטערן קאָנען זיי נישט געהעריגן, זיי צו זיי אַ מאַמע. וויין נישט, הינדע, פאַרשאַף מיר נישט קיין עגמת־נפש און זינדיק נישט — און דערביי ווישט ער איר די טרערן פון די אויגן.

— ניין, טאַטע, כ'וועל נישט וויינען — נעמט הינדע ר' הערש לייבס האַנט און קושט זי שטאַרק — ניין כ'וועל נישט וויינען מער. ווו איז ערגעץ מירעלע? — פרעגט הינדע, איבערגייענדיק צו אַ געמאַכטער רואיקייט.

— מירעלע איז אַוועק מיט בעניו. ער גרייט זיך אַוועקצופאָרן. ער האָט געקראָגן וואַקאַציע אויף זעקס מאָנאַטן, נאָך ניין יאָר ווי ער אַרבעט ביי דער שיפס־קאָמפּאַניע גרייט ער זיך צו פאָרן אויף דער צייט אין איירָאָפּע. די קאָמפּאַניע גיט אים אומזיסטע רייזע און באַצאָלט פאַר דער גאַנצער צייט.

— זאָג מיר, טאַטע, פאַרוואָס האָט מיין מאַטל אַזוי פיינט בעניו? ער קאָן זיין נאָמען נישט הערן. און מיר דאַכט, אַז ער איז זייער אַ ליבער און וווילער יונגערמאַן.

— ס'איז אמת. בעני איז אַן אויסגעצייכנטער יונגערמאַן. ערשטנס — אַ למדן מופלג און אַ גרויסער געלערנטער אין שפּראַכן און אין וועלט זאַכן. ס'איז אַ פאַרגעניגן מיט אים צו רעדן איבער וואָס דו ווילסט. ער איז אַ קלוגער, פאַרשטענדיקער מענטש. אָבער פיינטשאַפט און ליבשאַפט זענען זאַכן, וואָס גאַנץ אָפט איז עס אָן אַ פאַרוואָס. פונקט ווי ס'איז דאָ „אהבה שאינה תלויה בדבר" אַזוי איז

דא „שנאה שאינה תלויה בדבר" און פונקט אזוי שטארק ווי מאטל האט אים פיינט, אזוי שטארק און נאכמער האב איך אים ליב, כאטש איך בין זייער נישט צופרידן מיט זיינע געדאנקען און פירונגען. אבער נישט אלע מענטשן קאנען דאך האבן איין געדאנק.

ר' הערש לייב בלייבט שטיל און פארטראכט ווי נאכדענקענדיק נאך זיינע אייגענע ווערטער, וואס ער האט נאר־וואס ארויסגעזאגט. הינדע שווייגט אויך, נישט וועלנדיק איבעררייסן דעם טאטנס מחשבות און דערוויי'ל זיך אליין פארטראכט אין אירע אייגענע געדאנקען.

ענדלעך, נאך עטלעכע מינוט שווייגן, רופט זי זיך אן:

— און וואס וועט זיין דער תכלית?

— וואס מיינסטו צו זאגן?

— איך מיין — הויבט הינדע אן האלב שטאמלענדיק, נישט גע־פינענדיק די פאסיקע ווערטער — איך מיין, וואס וועט ענדלעך זיין צווישן זיי ביידע, כ'מיין צווישן מירעלען מיט בענין?

ר' הערש לייב ענטפערט נישט באלד, ווי ער וואלט באטראכט, וואס צו זאגן איר אזעלכעס, וואס ער אליין ווייסט נישט און זאגן איר אזוי, אז ס'זאל איר זיין פארשטענדלעך און צופרידנשטעלנדיק.

— קיין זאך — ענטפערט איר ענדלעך ר' הערש לייב, לאנגזאם און מיט א מיושבדיקן טאן — קאן מען נישט כאפן און מ'דארף נישט כאפן: יעדע זאך מוז האבן איר פלאץ און איר צייט. יעדעס געוויקס מוז מען לאזן פריי אויסשטייגן, אויסוואקסן און אנטוויקלען זיך, ביז צו איר רייפקייט. און פונקט ווי אומרייפע פרוכט איז שעדלעך, אזוי בעט זיך די רייפע פרוכט אליין מ'זאל זי עסן. און אויב ס'איז מן השמים, וועט די צייט, אם ירצה השם, קומען.

הינדע, הגם נישט צופרידן פון טאטנס ענטפער, דאך וואגט זי נישט אים איבערצופרעגן.

---

אין דער זעלבער צייט, אויף א צווייטן פלאץ, זיצן אנדערע צוויי פערזאן און פירן א געשפרעך כמעט אויף דער זעלבער טעמע, אבער אויף א גאנץ אנדערן און מער אינטימען אופן.

אינם לוקסוסדייכן סאלאן פון בעני קאץ, זיצט מירעלע, אויף די גרין־פליושענע קאנאפע, האלב ליגנדיק, אנגעשפארט דעם קאפ אויף

דער רעכטער האנט און די זוניקע פּאסן, וואס שטראלן אריין דורך די אָפענע פענסטער, שפּילן זיך מיט אירע זיידענע העל־בלאָנדע האָר, דאס גיט צו מירעלען אזא חנעוודיק־ליבן, נאאיוו־קינדערישן אויס־זען.

נעבן איר, אויף א קישעלע אויפן דיל, זיצט בעני, קוקט איר אזוי נחתדיק גלייך אין די אויגן. ס'איז קענטיק ווי ער טובלט זיין בליק אין אירע כּשרע, בלויע אויגן, זייענדיק זיכער, אז זיין בליק וועט פון דאָרט ארויס א געלייטערטער, א דערהויבענער און דערפרישטער.

— נו, בעני, — רופט זיך אָן מירעלע, — וואס האסטו געזאגט, אז דו האסט מיט מיר אזוי וויכטיקס צו רעדן?

— איך האב א סך צו רעדן און וויל א סך, ווייס איך נישט ווו אנצוהויבן.

— נו, הויבט מען אָן ביים אנהויב און מ'ענדיקט ביים סוף.

— יאָ, אנהויבן ביים אנהויב וועל איך טאקע. אבער ענדיקן ביים סוף וועל איך קיינמאל נישט קאנען. — און באלד גייט ער איבער אויף א מער ערנסטן טאָן:

— הער זיך איין, מירעלע. איידער מיר גייען רעדן מיטן זיידן, האב איך געוואלט, אז מיר זאלן זיך פריער צווישן זיך אביסל ערנסטער אדורכרעדן.

— וואס? — צעלאכט זיך מירעלע — נאך אלץ ווינציק זיך דורכ־גערעדט? און צי פארשטייען מיר זיך דען נישט אפילו אינגאנצן אומגערעדט?

— מירעלע, — שטעלט בעני אָן א טאָן פון אַן אָראטאָר — די זאך איז א סך ערנסטער, ווי דו שטעלסט זיך פאָר.

— בעני! — האקט אים איבער מירעלע שפּאסנדיק — איך דערשרעק זיך פאר דיר! מיר דאכט, אז דו גייסט דיסקוטירן מיטן פעטער מאטל און מ'וועט זיך באלד נעמען קריגן. כ'וואלט אוועק אין דער וועלט אריין, אבי נישט הערן אייך קריגן זיך.

— מירעלע, — ווערט בעני אויף אַן אמת ערנסט — מיר וועלן זיך נישט קריגן. אבער דו ביסט שוין נישט קיין קינד און כ'וויל, אז דו זאלסט מיך אויסהערן און פארשטיין.

מירעלע זעצט זיך אוועק גלייך און זאָגט מיט אַ געמאַכטער ערנסקייט, כאָטש דער שטיפערישער שפּאָס קאָן איר נישט אַראָפּ פון די ליפּן:

— הנני, איך בין גרייט צו הערן און צו פאַרשטיין אַלץ, וואָס מיין ליבער בעני וועט מיר זאָגן.

— איך — הויבט אָן בעני — ווי דו קענסט מיך, פיל ווייניק.

— איך מיין — שלאָגט אים איבער מירעלע — ס'איז שוין צייט, אַז כ'זאָל דיך קענען.

— שלאָג זשע מיר נישט איבער אין מיטן — זאָגט בעני מיט אַ ליבלעכן פאַרוואורף — דערנאָך אַז דו וועסט רעדן, וועל איך דיר אויך נישט שטערן.

מירעלע לייגט אַרויף אַ פינגער אויף די ליפּן, וואָס מאַכט בעניז פאַרלירן זיין ערנסטקייט, ווי ער האָט געוואָלט אָנשטעלן און ער צעשמייכלט זיך.

— בין איך אַ מענטש — זעצט בעני פאָר — אַ גאַנצער; איך האָב ליב אַלץ, וואָס איז גאַנץ, פעסט, קערנדיק און גרונדיק באַזירט: איך האָב פיינט ברעקלעך, שטיקלעך און פיצלעך, מיר איז טייערער אַ פּראָסט ערדן טעפּל, נאָר אַ גאַנץ, איידער אַ שטיקל פון אַ צע־בראָכענער פיינער, פאַרצעלייענער, קונסט־וואַזע. אַזוי איז מיין כאַ־ראַקטער, עס ליגט אין מיין בלוט פון קינדווייז־אָן און כ'וועל קיינ־מאָל אַנדערש נישט ווערן. און דאָס — נישט נאָר איז פּשוטן מאַ־טעריעלן זין, נאָר אויך אין גייסטיקן און אין אידעאישן זין. איך בין אַ רעאַליסט, איך שטיי מיט ביידע פיס אויף דער ערד, ווייל די ערד איז פעסט מיך אויסצוהאַלטן און איך בין אויף איר זיכער. איך פלי קיינמאָל נישט אין הימל אַריין, ווייל מיטן הימל בין איך נישט זי־כער. איך קאָן פון דאָרט נאָך אַראָפּפאַלן און צעברעכן ריק און לענד. איך האָב פיינט צעבראָכענע פאַנטאַזיעס, וועלכע האָבן קיין באַזיס נישט אין רעאַלן לעבן. גאַכמער האָב איך פיינט היפּאָקירטסטוואָ: איך קאָן נישט און וועל נישט טון דאָס, אין וועלכן איך גלויב נישט, אָדער בעסער געזאָגט — אין וועלכן איך בין איבערצייגט, אַז עס איז פאַלש און זינלאָז.

בעני פאַרטראַכט זיך אַ מינוט און רעדט ווייטער:

— איך פארשטיי נאך דעם ערלעך פרומען יידן, וואס האלט זיך אין די ראמען פון דער תורה, ווייל ער איז צווייפללאז גלויביק אין דעם, אבער וואס פאר א ווערט האבן אט די אלע יידישע דינים, מנהגים און אלטע טראדיציאנעלע יידישע זיטן פארן פולשטענדיק־אומגלויביקן, נאכוואס זיך האלטן אן די אלע פארשימלטקייטן. יא, אנדערע זאגן — כדי צו דערהאלטן די יידישע נאציאנאלע גאנצקייט. אבער וואס איז דען פאראן אזעלכעס צו דערהאלטן, וואס פאר א פאזיטיוועס האט דאס יידישע פאלק אן דער יידישער רעליגיע, ווייל נאר זי איז דער גאנצער באזיס און גרונט־לאגע פון יידישן פאלק, פון זיין אנטשטיי־אונג אן ביז היינט. איז דאך א פשוטע לאגיק: אין דער צייט, ווען דער גאנצער פונדאמענט איז צעבראכן, צוואס נאך שפילן זיך מיט דער אלטער פארפוילטער חורבה.

— בעני — קאן זיך שוין מירעלע נישט איינהאלטן און האקט אים איבער — איך האב שוין דאס פון דיר געהערט אפשר הונדער־טער מאל, אין דיינע דיסקוסיעס מיטן זיידן און איך מוז דיר זאגן, איך בין נישט אזוי געלערנט ווי דער זיידע און נישט אזוי קלוג, אבער איך בין זיכער, איך פיל עס, אז דו ביסט אומגערעכט.

— אט דאס איז עס, וואס שרעקט מיך אזוי — ענטפערט בע־ני — איך וויים, אז דו וועסט שטענדיק אזוי פילן, דו ביסט אזוי דערצויגן געווארן און דו וועסט נישט קענען, ווי איך, פארשליידערן אט די שטיקלעך שארבנס פון דעם אלטן צעבראכענעם טאפ — די רעליגיע מיט אלע אירע נאכשלעפעכישן, דער מכלומרשטער זיך איינ־גערעדטער נאציאנאליזם, ציוניזם און נאך אזעלכע אנדערע מאדערנע איזמען, וואס זענען אין גרונט גענומען נישט מער ווי שערבלעך פון אן אלטן צעבראכענעם טאפ, וואס איז א שאד אוועקצווארפן.

— אבער בעני, זאג מיר, פארוואס קאנסטו מיטן זיידן זיין אזעלכע אינטימע פריינט, אין דער צייט, וואס ער איז אזוי פרום, און דו אזא פארעקשנטער קעגן יידישקייט אין אלע אירע פארמען; פאר־וואס זאלן מיר אויך נישט קאנען אזוי זיין; איך א פשוטע יידישע טאכטער און דו א פשוטער פראסטער גוי, און ביידע זאלן מיר זיין צוזאמען גליקלעך, ווען מיר האבן זיך אזוי ליב.

זי כאַפּט אַרום בעניען, דריקט אים צו זיך, און פּרעסט אים אָפּ אַ הייסן קוש אויף די ליפּן.

— אָבער קינד, — רעדט בעני צו איר אין אַ צערטלעכן, פאַטער־לעכן טאָן — מאַן און פרוי זענען דאָך נישט ווי פריינט — מאַן און פרוי דאַרפן דאָך צוזאַמען פירן אַ געמיינזאַם לעבן, מוז דאָך זיין אַ געאייניקטע מיינונג ביי זיי.

— פאַרשטיי איך שוין בעסער פאַר דיר, בעני — זאָגט מירע־לע גאַוודיק — מאַן און ווייב, וואָס האָבן זיך באמת ליב, דאַרפן נישט וועלן אָנוואַרפן איינער אויפן צווייטן זיין מיינונג, נאָר זיי דאַרפן דולדן איינער דעם צווייטנס איבערצייגונג, דאַרפן זיין ווי פריינט, אייביקע פריינט, וואָס איינער דעם צווייטן וויל פאַרשטיין, כאָטש ער איז מיט אים נישט איינשטימיק אין זיין מיינונג.

בעני גיט אימפּעטיק אַ כאַפּ אַריין איר קאָפּ אין זיינע הענט און באַשיט איר מיט הייסע קושן.

— ביסט דיין זיידנס אייניקל, מירעלע, איך בין גליקלעך מיט דיר! — שרייט ער אויס מיט עקסטאַז.

— נו, בעני, גייען מיר צום זיידן? — פרעגט מירעלע און קוקט צעפּיעשטשעט קינדיש אים אין די אויגן.

— יאָ, מיר גייען, מירעלע.

— וואָס וועסטו אים זאָגן?

— מעגסט זיך אויף מיר פאַרלאָזן, קינד, בעניען דאַרף מען נישט לערנען, וואָס צו זאָגן.

אַז מירעלע מיט בעניען זענען אַריין צו ר׳ הערש לייבן אין צי־מער, האָבן זיי געטראָפן דעם זעלבן חושן משפט ליגן אָפן אויפן טיש און ר׳ הערש לייב גייט אום פאַרטראַכט הין און צוריק איבערן צי־מער.

— וואָס עפּעס נייעס קינדער? — איז ר׳ הערש לייב זיי אַנט־קעגנגעקומען מיט אַ פאַרשנדיקן בליק.

— יאָ, אַ סך נייעס, רבי. — האָט בעני געזאָגט אַביסל אומ־דרייסט.

— אַבי נאָר גוטע נייעס.

— יא, רבי, גוטע נייעס. איך מיט מירעלען ווילן מיר ווערן חתן־כלה.

מירעלע האט אראפגעלאזט דעם קאפ פארשעמט און בעני האט געפילט, אז עפעס צו פראסט און צו גיך האט ער דאס ארויסגעזאגט, נישט ווי ער האט געוואלט.

ר' הערש לייב איז געשטאנען א ווײַלע קעגנאיבער זיי ביידע, האט זיי דורכדרינגלעך אנגעקוקט, נאכהער איז ער אריין צווישן זיי האט ארומגענומען מירעלען מיט איין האנט און בעניון מיט דער צווייטער האנט, זיי שטארק געדריקט צו זיך און ער האט זיך צעוויינט.

זינט בעני מיט מירעלען קענען דעם זיידן, האבן זיי דעם ערשטן מאל אים געזען וויינען.

# צעשטערט געוואָרן

אין אפריל האט לאה אנגעהויבן ארויסציקומען יעדן אינדערפרי אין „אלאמעדא", אויף א שפאציר מיט איר דריי־חדשימדיק קינד, א ייִנגעלע, כדי צו האלטן עס אויף דער פרישער לופט און זון עטלעכע שעה, ווי דער דאקטאר האט איר געהייסן.

יעדן אינדערפרי איז אויך עלווירא ארויסגעקומען אין „אלאמע־דא", אויף א שפאציר מיט איר זויגעדיק קינד, אויך א ייִנגעלע. און דארט, אין דער פרייער געמיטלעכקייט, פון ארומיקער גראז און בוי־מער פרישקייט, אונטער זון און שאטן געפליכט, האבן ביידע פרוי־ען, די יידישע לאה און די מעקסיקאנישע עלווירא, זיך באקענט און גוט זיך באפריינדעט.

לאה, ווי א מאמע א געפראקטעקירטע, שוין פון פינפטן קינד, האט, אין מאמישע און דערציערישע ענינים, געגעבן אנווייזונגען און עצות צו דער יונגער עלוויראן, ביי וועמען עס איז דאס ערשטע קינד געווען. און די אומדערפארענע צוואנציק־יאריקע עלווירא, אליין כמעט נאך א קינד אויפן אויסזען, האט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמ־קייט זיך צוגעהערט צו אלע לאהס אנווייזונגען און, מיט ציטערנדיקער

קינדערשער אומבאהאלפנקייט, פינקטלעך זיי אויסגעפאלגט.

איינמאל, איז אז אנהויב אווגט, איז צו לאהן געקומען עלווירא'ס זינסטמיידל און, אין נאמען פון איר באלעבאסטע, געבעטן, אז זי, לאה, זאל שוין צוקומען, ווייל דאס קינד אירס איז זייער קראנק.

באלד ביים עפענען די טיר פון עלווירא'ס וווינונג איז לאהן אנטקעגנגעקומען א הויכער ברונעטער מאן, ווי פון א יאר דרייסיק און זיך פארגעשטעלט: כארכע עספינאזא. ער האט זיך זייער אנטשולדיקט, פארוואס מ'האט איר, לאהן, באלעסטיקט און דערביי אויסגעדריקט זיין גרויסע פרייד, וואו ער האט דעם כבוד צו זען זי ביי זיך אין הויז, ווייל זיין עלווירא האט אים זייער א סך דערציילט פון איר און זי פארגעשטעלט אלס א פרוי —— א מלאך.

לאה איז אזש צעמישט געווארן פון איבעראשונג. צו ווערן אזוי גרויסארטיק אויפגענומען און, פון צעמישטקייט, נישט געוווסט אויפן מאמענט וואס צו ענטפערן.

לאה האט ווי א דאקטארין, באטראכט און אויסגעטאפט דאס קינד. איינגעגעבן עס עפעס איז א טיי־לעפעלע, מאסאזשירט דאס בייכעלע, א קאמפרעסל געמאכט און דעם קינד איז בעסער געווארן.

פון יענעם אווגט אן איז לאה געווארן אן אפטע ארייגייערין צו עלווירא'ן אין הויז, וו זי איז שטענדיק מיט דער גרעסטער פריינטלעכקייט אויפגענומען געווארן. עלווירא האט אויך גענומען אפגעבן וויזיטן — הגם זעלטן — ביי לאהן אין הויז און יעדעס מאל מיטגעבראכט פארשידענע מתנות פאר די קינדער, ביי וועמען די „מומע עלווירא" איז דורך דעם זייער באליבט געווארן.

---

לאהס מאן, דוד אסטראווסקי, אדער ווי זיינע לאנדסלייט רופן אים מיטן היימישן נאמען: „דוד צעפעלין", איז א ייד איז די אנהויב פערציקער, א הויכער, אן איינגעדארטער, מיט א שפיציק פנים, א שפיציקער נאז, מיט א שפיציק קאמעץ־בערדל און מיט נאכמער שפיציקע אויגן.

קיין באשטימטע פרנסה האט ער נישט, דוד, און „מ'מאכט א לעבן". אט איז דאלארן א סחורה, אט איז סוועטערס, אט איז אלטע פאפיר, אט איז הויזנס, אט איז אפפאל־שטיקלעך פון שניידערייען

און סוועטער־פאבריקן. און אט איז נאר א בורדות, אן אויסגלייך, א פארמיטלונג, — איז ער שטענדיק פארשמייעט, פארשוויצט, פארהאַ־וועט און האלט אין איין לויפן. לויפט ער און לויפט אזוי לאנג, ביז ער שטעלט זיך אפ און פרעגט זיך אליין:

— וווהין לויף איך? צו וואס לויף איך? און בכלל וואס טו איך דא אויף דער דאזיקער גאס?

אפגעפרעגט — און ווייטער געלאפן.

און אז דוד צעפעלין לויפט, לויפן נישט נאר די פיס, נאר יעדעס אבר אין אים לויפט — לויפן די הענט, לויפן די אויגן, לויפט דאס בערדל און יעדער מוסקול באזונדער לויפט מיט אים מיט און שרייט: „א שאד די צייט", ווארן דוד איז נאך אזא ייד, וואס לעבט נישט נאר פאר זיך: דורך טוט ווי יענעמס צער, דוד קאן נישט הערן יענעמס קרעכץ, דורך דערשלאגט יענעמס געוויין. דעריבער איז דוד בער טר־שטער אומעטום: — אן אקטיווער פארוואלטונגס־מיטגליד אין „סומך נופלים", פרעזידענט פון „עוזר דלים", וויצע־פרעזיעדנט פון „גמילת חסדים". א חוץ אזוי, פריוואטע, שטילע הילף: — דא א בכבודיקע צרה, דא א שטילער ווייטיק, דארט באהאלטענע יסורים, אומעטום דרינגט דוד אריין און אומעטום מוז דוד בייהילפיק זיין. און דער טאג האט פארט נישט מער ווי פיראונצוואנציק שעה.

איינמאל אין מיטן טאג, איז דוד צעפעלין פלוצלונג אריין אין שטוב א לויפנדיקער, א פארשוויצטער, א פארסאפעטער. און איידער ער האט נאך אפגעאטעמט, האט ער שוין אויסגעשריגן:

— זאג מיר נאר, לאה, ווו האסטו געזאגט. ארבעט דיין עלוויראס כאן?

לאה האט געהאלטן איר מאן פאר א חכם און זי האט געוווסט, אז וואס איר מאן טוט, איז קלוג און בארעכנט, האט זי פארשטאנען, אז ווען איר דוד פרעגט פלוצלונג וועגן עלוויראס מאן, מסתמא מוז ער עס נויטיק וויסן. פונדעסטוועגן האט זי, פון נייגעריקייט וועגן, געפרעגט:

— צו וואס דארפסטו דאס וויסן, דוד?

— איך דארף עס שוין גאר נויטיק וויסן, זאג מיר שנעלער!

ער האט ארויסגעזאגט די ווערטער מיט אזא געאיילטער אימפעטי־מיקייט, פונקט א שטייגער ווי פון איר ענטפער זאל אפהענגיק זיין.

צי די וועלט זאל שוין אונטערגייז, אדער זי זאל נאך דערווייל בלייבן עקזיסטירן.

לאה האט זיך פשוט געשראקן אויפצוהאלטן דעם ענטפער אירן און זי האט איז איין אטעם שנעל ארויסגעזאגט:

— ער ארבעט ביי דער רעגירונג — דערביי האט זי מיט שרעקל־דיקע אויגן אנגעקוקט איר מאן און געוואלט ארויסלייענען פון זיין פנים, צי איז נישט אמאל, חלילה, עפעס אן אומגליק דערמיט פאר־בונדן.

— ביי וועלכער רעגירונג?

— וואס הייסט, ביי וועלכער, ביי דער מעקסיקאנישער. — האט שוין לאה געענטפערט מיט א ציטערדיקן און אויפגערעגטן טאן, ווייל זי איז איצט שוין זיכער געווען, אז עפעס איז נישט גלאטיק.

— דו פארשטייסט מיך נישט. איך מיין אין וועלכער אפטיילונג ארבעט ער?

— אין אימיגראציע־דעפארטאמענט.

— אט דאס איז עס! כ'האב עס געפאקט! — האט דוד בגילופנ־דיק א פאטש געטון איין האנט אין דער צווייטער, די אויגן זענען אים פארלאפן מיט שמחה און ער האט גענומען ארומלויפן איבער דער שטוב הין און צוריק א צעשטראלטער, געריבן איין האנט אין דער צווייטער און כסדר געמורמלט:

— אט איז עס, אט איז עס, און אט איז עס!

לאה איז געשטאנען ווי א פארגליווערטע, מיט שטוינונג געקוקט אויף איר מאן און נישט פארשטאנען, וואס איז עס מיט אים פלוצלונג אזא אויפגעהייטערטקייט און וואס פאר א שייכות האט דאס מיט על־ווייראס מאן. און הגם זי האט שטארק געגלויבט אין איר מאנס חכמה און איז זיכער געווען, אז ער ווייסט וואס ער זאגט, האט דאך איר ווייבערישע נייגעריקייט זי נישט געלאזט רוען. זי האט שוין געוואלט וויסן, וואס דא טוט זיך. האט זי אזוי בקשהדיק געפרעגט:

— זאג מיר שוין, דוד, וואס איז געשען?

די דאזיקע פראגע האט דודן ווי ארויסגעשלעפט פון פארשיכורט־קייט. ער האט זיך אפגעשטעלט פון לויפן, געקוקט אויף זיין ווייב,

פונקט װי ער זאָל זי צום ערשטן מאָל זען און, געלאַסענער שױן, געזאָגט:

— אַ, װאָס איז געשען, פרעגסטו? גשען איז נאָך גאָרנישט. אָבער עס װעט געשען.

— זאָג שױן װאָס, צי נישט די עצמות. װאָס װעט געשען, גוטס, צי, חלילה, שלעכטס

— אַזאַ נאָר װאָס דו ביסט, מײַן װײַב. — האָט שױן דוד זיך צעגאָסן אין אַ מילדער ליבלעכקײט. — װער רעדט עפּעס פון שלעכטס און װער װיל גאָר טראַכטן פון שלעכטס. בלױז גוטס װעט געשען און נאָר װי גוטס — מיר װעלן װערן גבירים אדירים װעלן מיר װערן. אַז גאָט און לײַט װעלן פון אונז הנאה האָבן.

לאה האָט זיך אָנגעשטעקט פון איר מאַנס פרײדיקן. האָפנונגס־פולן טאָן און איז אַלײן אױך אַרײַן אין עקסטאַז פון האָפנונג און דערװאַרטונג. האָט זי, מיט אַ תחינה־טאָן זיך צעזונגען:

— אױ, רב—ונו של עולם, אפשר װעט שױן פאַר אונזער טיר אױך שײַנען די זון. אפשר װעלן מיר שױן אױך װיסן פון אַ מנוחה־דיק לעבן, אַז מײַן מאַן זאָל נישט דאַרפן זײַן שטענדיק אַזױ פאַריאָכ־מעט און פאַריאָגט צוליבן שטיקל פּרנסה און...

— הער־זשע מיך אױס, לאה, — האָט דוד איר איבערגעהאַ־ אינמיטן דער תחינה, מיט אַ געשעפטסמעסיקן טאָן זיך געװענדעט צום װײַב און דערבײַ זיך געצופּט בײַם קאַמעץ־בערדל — דו מיט על־װיראָן, זאָגסטו, זענט איר די בעסטע פרײַנט. אײנע פאַר דער אַנ־דערער,זאָגסטו, דאָס געזונט, דאָס לעבן. איר מאַן, זאָגסטו, איז דער גאַנצער מאַכער אין אימיגראַציע־דעפּאַרטאַמענט, בײַ דער רעגירונג. ער קאָן, זאָגסטו, דאָרטן מאַכן װאָס ער װיל. אַז ער איז, זאָגסטו, דאָרט דער גאַנצער באַלעבאָס, איז דאָך נישט שײך. אױב אַזױ, איז דאָך מעגלעך, אַז איך זאָל דורך אים קאָנען מאַכן דערלױבעניש־פּאַפּירן אױף אַרײַנצוקומען קײן מעקסיקע. און איך װעל נישט שינדן די הױט. װי די „מאַכערס", איך קאָן דאָס נישט. בײַ מיר, אַז אַ ייִד מאַכט אַ קרומע מינע, װעל איך אים אָװעקגעבן דאָס העמד פון זיך. אָבער אינגאַנצן אומזיסט װעלן דאָך מענטשן נישט פאַרלאַנגען. לאָמיר זאָגן, צו פופ־

ציק פעזעס פון אַ פּאַפּיר וועלן זיי געבן. איז אַפילו בלויז צען פּאַפּירן דורך דער וואָד, איז אויך פינף הונדערט פעזעס אַ וואָד.

דוד האָט זיך צערעדט אַלץ העכער און העכער, ביז ער איז אריין אין העכסטן עקסטאַז, האָט ער ארומגעכאַפּט לאהן און זיך צעשריגן:

— יעדע וואָך פינפהונדערט פעזעס. דורך איין יאָר ווערן מיר מיליאָנערן. נישט מער ווי איין יאָר, הערסט לאה, נישט מער ווי איין יאָר און מיר פאָרן קיין ארץ־ישראל.

לאה איז, פון פרייד און האָפנונג, ווי פאַרשטיינערט געוואָרן. און באַשיידענע שטילע טרערן האָבן איר גענומען רינען איבער די באַקן.

---

אַ יונגער בחור פון צוויי־און־צוואַנציק יאָר, אַ שלאַנקער, אַ בראַנעמער, מיט אַ פּאָר טונקלברוינע פלירטנדיקע אויגן. אַ קלוג, סימפּאַטיש, שטיפעריש פּנים, אָבער וואָס באַהאַלט אין זיך גלייכצייטיק עפּעס פאַרדעכטיקס. אַ שמייכל — מיט וועלכן ער ראַווייזט זיך אַזוי אָפט — אויף וועלכן עס ליגט אַן אָנציענדיקער, פרישער יוגנט־חן און גלייכצייטיק ווינקט פון דעם אַראָפּ אַ פאַרפירערישע אָפנאַרערישקייט. אָט אַזוי איז לאהס ברודער, משה, וועלכער אַרבעט אויף אַ פּאַסטן אַלס בוכהאַלטער און וווינט מיט שוועסטער און שוואָגער צוזאַמען.

---

אין אַ זומערדיקן פאַרנאַכט, אין טשאַפּולטעפּעק־פּאַרק איז עס געווען.

אַ זיסע מלוחהדיקייט, פאַרהילט אין אַ דערקוויקנדיקער פרישקייט, איז אויסגעגאָסן געווען איבער דער גאַנצער גרויס פונעם פּאַרק וועלכער האָט זיך שוין געבאָדן אין געדיכטע בוימער־שאָטנס פון נאָך זון־אונטערגאַנג.

די שפּעט פאַרזעסענע האָבן, אין ראָמאַנטישער פאַרחלומטקייט אריינגעזויגן אין זיך אָט דעם פאַרקישן פאַרנאַכט און מיט אים צוזאַמען, פאַרשיכורטערהייט, זיך געדוקט אין דער נאַכט אריין.

אין אַ ווייטער, געדיכטער און שטילער אַלייע זענען זיי ביידע געזעסן, משה מיט עלווירען. ער האָט זי געהאַלטן ארומגענומען, צוגעדריקט צו זיך און צום וויפילטן מאָל דערקלערט איר, ווי ער ליבט זי צום שטאַרבן.

א קיל ווינטעלע איז פֿאַרבייגעלאָפֿן, די בוימער האָבן זיך צעוויגט און ווי אַריינגעשושקעט עלווירען אין אויער אַריין:

— גלויב אים נישט, עלווירע, ער איז אַ פֿלירטאַטש, ער נאַרט דיך.

און די פֿייגעלעך האָבן, אין האַרמאָנישער געצוויטשעריי, צוגעזונגען צום טאַקט:

— יאָ, ער נאַרט דיך, עלווירע. ס'איז נישט אמת, וואָס ער זאָגט דיר.

און עלווירע האָט זיך צוגעהערט צו דער שושקעריי פֿון די בוימער און צו דער געצוויטשעריי פֿון די פֿייגעלעך. לאַנגזאַם האָט זי אַראָפּגענומען זיין האַנט פֿון איר אַקסל, עטוואָס זיך אָפּגערוקט, געקוקט אים גלייך אין די אויגן אַריין און מיטמאָל אַ פֿרעג געטון:

— זאָג מיר, מאָיסעס, ווילסטו מיט מיר חתונה האָבן?

משה האָט אַ לייכטן ציטער געטון פֿון דער דאָזיקער אומגעריכטגעשטעלטער און אומפֿאַרשטענדלעכער פֿראַגע. ער האָט **איר שווייגנדיק** און מיט פֿאַרוווּנדערונג אָנגעקוקט און ענדלעך געפֿרעגט:

— וואָס מיינסטו?

עלווירע איז דרייסטער געוואָרן. זי האָט זיך נאָכמער אָפּגערוקט פֿון אים און קלאָרער געפֿרעגט:

— **איך מיין**, צי ווילסטו מיט מיר געזעצלעך חתונה האָבן?

משה איז אינגאַנצן ווי צעמישט געוואָרן.

— וואָס הייסט געזעצלעך מיט דיר חתונה האָבן — האָט משה מיט שטוינונג געפֿרעגט, — דו האָסט דאָך אַ מאַן מיט אַ קינד!

— ווער, איך? — האָט עלווירע אויסגעשריגן — אַ קינד האָב איך, אָבער איך האָב נישט קיין מאַן.

— און כאַרכע?

עלווירע האָט זיך היסטעריש צעלאַכט.

— כאַרכע איז נישט מיין מאַן, ער איז מיין ברודער.

— און ווו איז דיין מאַן?

— מיין מאַן — האָט עלווירע געשטאַמלט, — מיין מאַן איז געשטאָרבן.

א שווערע שטילקייט איז געבליבן הענגען אין דער לופֿט און האָט

וי א מחיצה זיך אריינגערוקט צווישן זיי ביידע. ענדלעך האט עלווירא איבערגעריסן די שטילקייט און סארקאסטיש א פרעג געטון:

— נו, מאיסעס, וואס האסטו באשטימט?

ער האט מיט אן אראפגעלאזטן קאפ, ווי א פארשולדיקטער, שטיל געענטפערט:

— איך, בכלל, דענק, אינגאנצן נישט חתונה צו האבן.

עלווירא האט זיך האסטיק אויפגעשטעלט, זיך אויסגעגלייכט, זייטיק א ווארף געטון אן „אדיאס", צוזאמען מיט א צארנדיקן בליק און גענומען אוועקגיין.

משה איז נאך איר, זי צו באגלייטן, האט זי זיך אומגעדרייט און שטרענג באפעלעריש א געשריי געגעבן:

— גייט אוועק פון מיר! איך דארף נישט, אז מ'זאל מיך אהיימפירן און מער זאלט איר זיך פאר מיר נישט ווייזן!

---

מיט עטלעכע טעג שפעטער איז לאה אוועק צו עלוויראן, לויט דודס אנווייזונג, אנצוהייבן דעם פלאן, צו ווערן א מיליאנער אין איין יאר און דערנאך פארן קיין ארץ־ישראל.

דארט, באלד אין דער טיר, האט עלוויראס דינסט געמאלדן לאהן, אז עלווירא איז אוועקגעפארן מיטן קינד און דער סעניאר האט געזאגט, אז מער האט נישט זי, לאה, נאך וואס צו קומען אהער.

לאהן האט ביטער געקרענקט די דאזיקע אפענע באליידיקונג. נאך אזויפיל גוטס, וואס זי האט אין עלוויראן און אין איר קינד געטון, און טרערן האבן איר גענומען שטיקן אין האלז.

ערשט אהיימקומענדיק האט זי זיך היסטעריש צעוויינט.

און דוד צעפעלין איז ווי א משוגענער ארומגעלאפן איבער דער שטוב הין און צוריק. האט, פאר צרות, געריבן איין האנט אין דער צווייטער און יעדעס מאל א שווערן, הארצרייסנדיקן זיפץ ארויסגעלאזט:

— אוי וויי צו מיר, אזא פארמעגן צעשטערט געווארן!

# אַ באַנק אַזאַ

אַ טונקעלער, זויערער און עיפּושדיקער ריח, אַ געמיש פון אָנגע־הויפטע פאַרשידענע גרינצייג, פּרוכטן, קעזן, פרעגלדיקע פליישן, שוויי־סיקע לייבער, פּולקע, טעפּאַטשע, אַנגעפּישטע קאַנטינעס און אויס־געגרעבצטע שיכורים. און דער ריח קריכט אַזוי האַרביק און קיצלדיק אין דער נאָז אַריין, פאַרהאַקט דעם אָטעם, רופט אַרויס אַ נאָסקייט אין דער נאָז און אַ קאַטערדיקן ניסן. אויף דער דאָזיקער גאַס געפינט זיך דאָס הויז.

אַ פינסטערער, נאַסער און שמוציקער לאַנגער קאָרידאָר פירט אין ערשטן הויף אַריין, וווּ עס איז פאַראַן אַ פאַבריק פון לימאָנאַד. פון דעם ערשטן הויף, דורך אַ טויער אין וועלכן סגעפינען זיך די קלאָזעטן פאַרן גאַנצן הויז, איז דער דורכגאַנג אין צווייטן הויף אַריין. דאָרטן, אויף געדרייטע, שמאָלע און פינסטערע טרעפּ, איז דער אַרויפ־גאַנג צו דער טיר פון דער „באַנק”. קיין שילדל איז אויף דער טיר נישטאָ — עס איז איבעריק. אַז דעם איז אויך די דאָזיקע „באַנק” געגנוג באַקאַנט צו אַ גאַנץ גרויסער טייל פון יידישע סוחרים און אינ־דוסטריעלער אין מעקסיקע.

די אייגנטימער פון דער דאָזיקער באַנק זענען צוויי שותפים מיט א קאַפּיטאַל פון א האַלבן מיליאָן פּעזעס. אָבער שותפות איז נאָר דער לאָקאַל פון דער באַנק און נישט דער קאַפּיטאַל; יעדער איינער פון די שותפים אַרבעט באַזונדער מיט זיין אייגענעם קאַפּיטאַל פאַר זיינע קליענטן. דיסקאָנטירט וועקסלען, מאַכט הלוואות א. א. וו.

אויך איז פאַרשידן ביי די שותפים די פאָרם פון בוכפירונג. אַט צ. ב. ש. פירט איינער די חשבונות אויף לשון קודש, אין א שמאָלן און לאַנגן בוך. איין בוך פאַר אַלע קליענטן. יעדער קליענט פאַרנעמט צוויי זייטן, אויף איין זייט — נתתי און אויף דער צווייטער זייט — קבלתי. דער צווייטער שותף פירט די רעכענונגען אויף א דייטשישן יידיש. אין העפטן, יעדער קליענט האָט א באַזונדערן העפט, וווּ פון איין זייט איז פאַרשריבן „הינאאוסטראגן" און אויף דער צווייטער זייט — „איינגאַהמען".

---

עס איז געווען מיטאָג צייט, ווען די צוויי שיך־מאַיאָריסטן, בוימהאַלץ און לאַנגער האָבן אָנגעקלאַפּט אין טיר און זענען אריין, דעם ערשטן מאָל, אין לאָקאַל פון דער דאָזיקער „באַנק", וועלכער איז באַשטאַנען פון איין גרויסן, פּירעקיקן צימער, ווי עס האָט זיך געקענט אויסדאַכטן, איז ער אַמאָל געווען ווייס אויסגעקאַלכט. זיי, די שיך־סוחרים, האָבן זיך אַרומגעקוקט און מיט באַוווּנדערונג באַטראַכט די אויסשטאַטונג און איינאָרדנונג פון דער דאָזיקער באַנק.

אין איין ווינקל פון צימער זענען געשטאַנען צוויי אייזערנע בעטלעך, ווי א דאַלעט ;איבער איין בעטל, אויף דער וואַנט, האָט גע־האַנגען דאָס בילד פונם אַלטן גוטמוטיקן עסטרייכישן קייזער פראַנץ יאָזעף און איבערן צווייטן בעטל — דאָס בילד פונם שטרענגן אַלטן קאָוונער רב ר' יצחק אלחנן ספּעקטאָר. אויף ביידע בילדער האָט זיך געגנוג אָנגעזען די אַרבעט פון פליגן, וועלכע האָבן, ווייזט אויס — אַז מינדסטן דרך־ארץ פאַר די קייזערלעכע מעדאַלן און אויך נישט פאַר דעם רבס גאונישן שטערן — יאָרן לאַנג פריי זיך געטון זייערס.

קעגנאיבער די דאַלעט־בעטלעך, אין צווייטן ווינקל, איז געשטאַ־נען אן אַלטע קליידער־שאַנק, וועלכע איז נאָך — ווייזט אויס — אין קעניג סאָביעסקיס צייטן געקויפט געוואָרן א געניצטע.

אינמיטן, צווישן דער שאַנק און בעטן, בײם פענסטער, איז געשטאַנען אַ װײַס טישל מיט אַ צײַטונג פאַרשפּרײט, אויף װעלכן ס'איז געלעגן דריטהאַלבן זעמל מיט אַ צעשניטענעם הערינג. און אַרום טישל — דרײַ פּראָסטע, װײַסע בענקלעך, צװײ — מיט גאַנצע פיר פיסלעך און אײנס — מיט דרײַ פיסלעך און אַ קעסטל אונטערגעשטעלט, אַנשטאָט דעם פערטן פיסל, װאָס האָט געפעלט.

װען די צװײ שיך־סוחרים זענען אַרײַן, האָבן זײ געטראָפן נאָר אײן שותּף, דעם דײַטשישן בוכפירער: אַ בלאָנדער יונגערמאַן, אַ ברײטפּלײציקער און אַ הױכער. ער איז געזעסן אויף אַ בעטל מיט אײן אויסגעטונענעם שיך, פאַרקאַטשעטן הױז און געװײקט דעם פוס אין אַ שיסל װאַסער.

— גוט מאָרגן הער פּישמאַן, איז נישטאָ דאָ הער טענענבױם?

— גוט מאָרגן, גוט יאָר ייִדן. טענענבױם, יאָ, ער איז דאָ, איז נאָר אַראָפּ אויף אַ מינוט עפּעס קױפן, זיצט דערװײַל, ער קומט באַלד אַרײַן.

זײ האָבן זיך אַװעקגעזעצט װאַרטן. דערװײַל האָט אײנער אַרויסגענומען אַ צײַטונג פון קעשענע צו לײענען און דער צװײטער האָט געהאַלטן יהואשס תנ"ך איבערזעצונג אין ייִדיש, װאָס ער האָט נאָרװאָס באַקומען פון די שטאַטן. האָט ער אים געעפנט אַרײַנצוקוקן.

עס האָבן זיך דערהערט שװערע, לאַנגזאַמע און שלעפּעדיקע טריט אויף די טרעפּ, מיט אַ שטעקן בײַגעקלאַפּט צום טאַקט.

ס'איז אַרײַנגעקומען טענענבױם. אַ מענטש שױן אַ גרױער, אַביסל אײַנגעהױקערט, אָנגעשפּאַרט אויף אַ גראָבן שטעקן אין דער רעכטער האַנט און אין דער לינקער האַנט האָט ער געטראָגן אַ סיפאָן װאַסער. מיט אַ צעשמײכלט, צופרידן פּנים און מיט אַ סאַפּענדיקער הײזעריקער באַס־שטים האָט ער זיך געװענדעט צו די געסט:

— אַ, ברוכים הבאים, אַך סאַראַ חשובֿע געסט, װאָס ט'איר זאָגן עפּעס גוטס ייִדן? און נישט װאַרטנדיק אויף אַן ענטפער, האָט ער זיך גלײַך געװענדעט צום שותּף:

— זעט נאָר, פּישמאַן, האָב איך עס געפּאַקט אַ מציאה, זעלטן װען עס טרעפט זיך, גיט נאָר אַ קוק — דערבײַ האָט ער הױך אויפגעהױבן דעם סיפאָן און געװיזן, — דאָס רערל פון סיפאָן אינעװײ־

ניק דערגרייכט ביז דער סאמע דנא, אפילו קיין איין טראפן וועט נישט גיין חסר!

און ווידער איז ער צו צו די געסט.

— וואס לייענט איר, עפעס א גוט בוך?

ער נעמט דאס בוך אין האנט, עפנט דעם שער־בלאט.

— א, תנ"ך איבערגעזעצט אין יידיש. די גמרא זאגט, אז ווען אונקלוס האט איבערגעזעצט די תורה אויף אראמיש, האט די ערד א ציטער געטון פירהונדערט מייל אויף פירהונדערט מייל, ס'איז א גמרא אין מגילה.

— פון מיינעטוועגן — האט זיך לאנגער אנגערופן — מעג די גאנצע ערד ציטערן, אבי איך זאל דעם תנ"ך קענען לייענען און פארשטיין אויף מיין אייגענעם לשון.

— אבער לאמיר בעסער רעדן צום עיקר — האט אים בוימ־האליץ איבערגעהאקט — מיר זענען געקומען בארגן ביי אייך, ה' טענענבוים, צוויי טויזנט פעזעס אויף צוויי וועקסלען. איינס וועל איך אונטערשרייבן און לאנגער וועט זשירירן און דאס צווייטע וועט לאנגער אונטערשרייבן און איך וועל זשירירן.

דער אלטער האט מיט ישוב הדעת אזוי שטארק זיך איינגעקוקט אין דיביידע שיך־סוחרים, גוט באטראכט זיי, ווי ער זאל וועלן פון זייערע פנימער ארויסלייענען, צי לוינט זיך מיט זיי צו מאכן דאס דאזיקע געשעפט, צי נישט. און ענדלעך האט ער מיט א שעמעוו־דיקן שמייכל זיך אנגערופן:

— איר ווייסט דאך ווי די גמרא זאגט: „יציאת השבת שתים שהן ארבע" און דא, דאכט מיר, קומט גאר אויס שתים שהן אחת...

— איז דערפאר — האט אים לאנגער איבערגעהאקט — זענען מיר געקומען נישט מיט קיין גמרא, נאר מיט וועקסלען. און מיר זע־נען נישט געקומען אים שבת נאר אינדערוואכן.

טענענבוימען איז עפעס נישט געפעלן געווארן דער ענטפער. האט ער, שוין אין אן ערנסטן טאן צוגעגעבן:

— אבער איך וואלט וועלן, אפילו אינדערוואכן, ליתר תוקף, אז יעדעס וועקסל זאל האבן א צווייטע זשירע. און ווען עיסקא

ווייסט איר דאָך שוין מסתמא, אַז איך גיב היינט אויף נישט ווינ־ציקער ווי דריי פּראָצענט.

און כדי צו פאַרדרייען דעם שמועס אויף עפּעס אַנדערש, האָט ער זיך געווענדעט צו לאַנגערן:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, ה' לאַנגער, איך זע דאָך, אַז איר לייענט ביכער, אפשר געפינט זיך ביי אייך אַמאָל דאָס בוך „אוצר המשלים ופתגמים" פון דרויאַנאָוו. איך זוך שוין לאַנג דאָס בוך. איך דאַרף עס נייטיק צו האָבן, איך וואָלט אייך דערפאַר געקאָנט באַרגן מיינס אַ בוך.

די ביידע שיך־סוחרים האָבן זיך איבערגעקוקט. זיי האָבן גוט פאַרשטאַנען די ביטערע שטיק פון איבעררייסן דעם שמועס וועגן געלט, זיי האָבן דערפאַר מיט אַן אָפענער ביטול־באַציאונג אים געענטפערט:

— וועגן ביכער וועלן מיר צו אייך קומען ספּעציעל אַ צווייט מאָל. איצט זענען מיר געקומען צו דערליידיקן וועגן געלט.

ענדלעך האָבן זיי זיך רעגולירט. אי וועגן די וועקסלען און אי וועגן פּראָצענט.

אַז לאַנגער מיט בוימהאָלצן זענען שוין אַוועק און קוים מיט צוגעהאַלטענע נעזער, זיך אַרויסגעכאַפּט פון דער פאַרעיפּושטער אומ־געגנט און זענען שוין געווען אויף דער דריטער גאַס, האָבן זיי דער־הערט ווי מען שרייט זיי נאָך. זיי האָבן זיך אומגעקוקט און דערזען ווי דער אַלטער טענענבוים לויפט זיי נאָך, ער שרייט, סאָפּעט און מאַכט צו זיי מיט די הענט.

— אוי, ס'איז צרות, בוימהאָלץ — האָט זיך לאַנגער אָנגערופן — כ'האָב מורא, אַז ער האָט חרטה געקראָגן, דער אַלטער קורח...

— אוי, ס'איז שלעכט — האָט בוימהאָלץ, מיט אַן ערנסטער מי־נע פון שרעק, גאָכגעזאָגט — וואָס זשע וועלן מיר איצטער טון?

אַז טענענבוים איז צוגעקומען און האָט שוין קוים אָפּגעסאָפּעט און אָפּגעאָטעמט, האָט ער אויסגעשריגן:

— הערט יידן, איך האָב געהאַט אַ טעות... די גמרא איז נישט אין מגילה, נאָר אין חגיגה.

# קינדער

אַז אָפּענע טיר — אַ געשעפט אין גאַס אַריין און ס'איז אָנגע־פּאַקט מיט סחורה: וואַליזקעס, פוטבאָלס, פאַרשידענע ספּאָרט־מכשי־רים, שטאָלוואַרג און לעדער־אַרטיקלען. און פול איז דאָס געשעפט אַזוי, אַז קיין אָרט איז שוין נישט געבליבן פאַרן אייגנטימער, אפילו צו שטיין; מוז ער, דעריבער, זיך אַרומדרייען אַ גאַנצן טאָג אויף דער גאַס, אין פראָנט פאַר דער טיר, און אַזוי, אויף דער גאַס. באַדינען די קונים ביי דער שמאָלער טאָן־באַנק, וואָס שטייט אויף דער סאַמער שוועל, עטוואָס אַרויסגערוקט אין גאַס אַריין. און גרויס איז דאָס געשעפט — אַ מעטער די טיף אויף אַ מעטער די ברייט. דאָס האָט די אינעווייניק־סטע קאַנטינע אויסגעטיילט פון זיך און פאַרדונגען בענדערסקין פאַרן דאָזיקן געשעפט.

---

עס איז נאָד גאַנץ פרי געווען, נאָרוואָס האָט מען די געשעפטן געעפנט. חיים בענדערסקי האָט זיך שוין אַרומגעדרייט, ווי שטענדיק, הין און צוריק פאַר דער טיר פון זיין געשעפט, וואַרטנדיק אויף קונים. ס'איז אָבער קענטיק געווען אויף זיין געזיכט, אַז ער איז היינט שטאַרק

צעטראגן, אז זיין קאפ איז דאסמאל פארנומען מיט געדאנקען, וועלכע האבן אין דעם מאמענט אים אינטערעסירט מער ווי די פארבייגייער און ווי די דערוואַרטנדיקע קונים.

אינדעם איז צוגעקומען א יונגע פרוי, א מעקסיקאנעריו. א הויכע, שיינע, ברונעטע פרוי, מיט א פול רונדיק פנים און גרויסע, שווארצע, ליכטיקע אויגן, פון וועלכע ס'האט ארויסגעקוקט אן אוצר מיט גוטס־קייט, וואס האט צוריק אפגעשטראלט אויף איר אייגן פנים מיט טויזענטער חנען. ביי דער האנט האט זי געפירט א קליין בלאנד מיידעלע, ווי פון א יאר דריי. זי איז אנגעקומען בענדערסקין פונקט אין פנים אריין און מיט א הכנעהדיקער שטים ארויסגעזאגט:

— גוט מארגן, כאימע! און זי האט צו אים אויסגעשטרעקט די רעכטע האנט.

בענדערסקי האט א ציטער געטון. אן איבעראשטער האט ער ארייגעכאפט איר האנט אין זיינעביידע און זי שטארק געדריקט. די פרוים אויגן האבן אויפגעלויכטן און זיי זענען גרעסער און לעבעדיקער געווארן. מיטאמאל האט בענדערסקי ארויסגעלאזט איר האנט און געכאפט דאס קינד צו זיך אויף די הענט, געקוקט עם גלייך אין די בלויע אייגעלעך אריין און פלוצלונג — ווי א ספאנטאנער אויסברוך — האט ער גענומען אויסקושן דעם קינד יעדעס אבר. און טרערן האבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן.

ענדלעך האט ער זיך געכאפט, אז ער שטייט אויף דער גאס, האט ער צוריק אראפגעלאזט דאס קינד און אויסגעדרייט דאס פנים אין א זייט אויסצווווישן די אויגן. ער האט ארויסגענומען פון קעשענע א צוזעפעדיק פאפירל, דערלאנגט דער פרוי און ווידער מיט ביידע הענט שטארק געדריקט **דער פרוים רעכטע האנט.**

— אדיאס, ראמאנא!

— אדיאס, כאימע!

ביידע האבן מיט שטומע ליפן, אבער מיט גענוג רעדנדיקע אויגן, טיף ארייגעקוקט איינער אינעם צווייטן און זיי האבן זיך אזוי גוט און אזוי ליידנדיק פארשטאנען.

אזוי עטלעכע מינוט, ביז די פרוי איז אוועק.

נאָך עטלעכע טעג זענען געבליבן ביז צום אנקומען פון דער שיף און מיט יעדן טאָג אַלץ אומרואיקער איז געוואָרן חיים בענדערסקי. א פאַרגעפיל האָט אים געפּייניקט, אַז קיין נחת וועט ער פון זייער אנ־קומען נישט האָבן. און ווי האָט ער דען געקאָנט אַנדערש דערוואַרטן.

שוין אַכט יאָר ווי ער, בענדערסקי, איז אין מעקסיקע. געקומען איז ער אַ יונגערמאַן, אַ בן־תורה, אַ פרומער. נאָרוואָס פונם קליינ־שטעטלדיקן בית־המדרש אַרויס, מיט ענג־באַגרענעצטע באַגריפן וועגן מענטשן, וועלט און לעבן. און אין די אַכט יאָר איז פאַרגעקומען אַ פּילשטענדיקע איבערקערעניש אין זיין געדאַנקען־גאַנג. מיט גאַנץ אנ־דערע באַגריפן לעבט ער היינט, מיט אַ גאַנץ אַנדערער וועלט־אַנשוי־אונג און מיט אַן אַנדערן קוק אויפן לעבן.

און דאָ דאַרף צו אים אַנקומען אַ קליינשטעטלדיקע יידענע, וועל־כע וועט זיין פרוי דאַרפן זיין און צוויי דערוואַקסענע יינגלעך, איינער פון פופצן יאָר, אַ צווייטער פון זיבעצן יאָר, ביידע דערצויגן אין שטויב פון אַלטע שמות אינם קליינשטעטלדיקן בית־המדרש, אונטער דער השגחה פון זייער אַלטן זיידן. ווי וועלן זיי דען אויף זייער טאַטן קוקן.

— אָבער זיי זענען דאָך פּאַרט מיינע, מיין פרוי און מיינע קינ־דער...

— און ראַמאָנאַ, איז זי דען נישט מיין פרוי, און איר קינד, איז דען נישט מיין קינד?!

חיים בענדערסקי האָט דערפילט אַ גוטברודערישן פּאַטש אויף דער פּלייצע און האָט דערהערט:

— וואָס איז אייך, סעניאָר בענדערסקי, וואָס זענט איר אַזוי פאַר־טראַכט און פאַרזאָרגט?

נעבן אים איז געשטאַנען אַ שכן, דער לעדער־סוחר גרינבוים.

— יאָ, עס טראַכט זיך, סעניאָר גרינבוים, די וואָך קומען זיי שוין, מיין חברה. שוין אַכט יאָר זיך נישט געזען מיט זיי, ווער ווייסט צי זיי וועלן מיך דערקענען. — און ער האָט צוגעגעבן — צי מיר וועלן זיך דערקענען, איז אַביסל אומעטיק, טראַכט זיך.

— פון וואָס אַ מענטש איז פאַרזאָרגט! אַט ווי אַ מענטש ווייסט נישט זיין גליק אָפּצושאַצן! הלוואי וואָלט איך געקאָנט דערלעבן אַזאַ

גליק, גיב איך שוין אוועק מיין גאנץ פארמעגן און בין גרייט צו בלייבן מיין גאנץ לעבן אן עני־ואביון.

דערביי האט ער א שווערן, הארצרייסנדיקן זיפץ געטון.

בענדערסקי האט זיך ערשט איצט דערמאנט, אז גרינבוים האט נישט קיין קינדער. האט ער געוואלט, כדי אים צו טרייסטן, עפעס זאגן.

— גלויבט מיר, סעניאר גרינבוים, אז מ'האט אזוי פיל צרות, אזוי פיל הארצווייטיק און יסורים פון קינדער און גאנץ ווינציק נחת, אדער אפשר גארנישט קיין נחת פון זיי. עס איז א גרויסע פראגע, צי לוינט זיך איינגאנצן צו האבן קינדער.

— יא, דער זאטער גלויבט נישט דעם הונגעריקן. וואס איז דען דאס גאנצע... — גרינבוים האט נישט געקאנט ענדיקן. טרערן האבן אים געשטיקט אין האלדז.

אז גרינבוים איז אוועק האט אים בענדערסקי מיטליידנדיק נאכ־געקוקט אים שטארק באדויערט און ער האט זיך ווידער פארטראכט...

---

א כמארע האט זיך מיטאמאל פארצויגן איבערן הימל און אין דרויסן האט אנגעהויבן קאפען.

בענדערסקי האט זיך גענומען ישובן, צי זאל ער פארמאכן זיין געשעפט, צי נישט. צי וועט יא גוט רעגענען, אדער נישט. און איי־דער ער האט נאך צייט געהאט רעכט צו באטראכטן זיך, האט זיך פלוצלונג א לאז געטון א גאס רעגן, געטריבן דורכן ווינט, פונקט צו אים אין געשעפט אריין. בענדערסקי האט אויך שנעל אראפגעלאזט די רוק־טיר און א דורכגעווייקטער איז ער אריינגעלאפן אין דער קאנ־טינע איבערצוווארטן דעם רעגן.

דארט האט ער באמערקט ביי א טישל זיצן א מעקסיקאנער, וואס האט שטארק געצויגן זיין אויפמערקזאמקייט, עפעס זייער א באקאנט פנים. און ער האט זיך אנגעשטרענגט צו דערמאנען, ווו ער האט אים ערגעץ געזען.

יענער, דערזעענדיק בענדערסקין, איז באלד צו צו אים און מיט פרייד אים ארומגעכאפט.

— א, דאן כאימע. וואס מאכסטו, ווי גייט עס דיר?

אט ערשט איצט האט זיך בענדערסקי דערמאנט, אז ס'איז זיינער א גוטער באקאנטער, פאבלא גאנסאלעס פון טעאאקאן, פון דער צייט, ווען ער, בענדערסקי, האט דארט געהאט א קלייטל פון שמאלווארג.

און בענדערסקי האט זיך גענומען ׳אפרעגן אויף פריינט און באַ־קאנטע, וואס ער האט געהאט אזויפיל צווישן די טעאאקאנער און מיט וועלכע ער האט זיך אזוי גוט איינגעלעבט.

פאבלא האט אנגעהויבן אויסרעכענען יעדן איינעם, וואס מיט אים האט אין דער צייט פאסירט. פון יעדנס פאמיליע־לעבן און פון אלע פליאטקעס. וואס גייען ארום וועגן יעדן איינעם און וועגן יעדער איינער. מיטאמאל האט פאבלא פארלוירן די פרייליכע שטימונג; א קיל ווינטל האט א בלאז געטון איבער דער פריערדיקער פריינטלעכ־קייט און א גוט באקאנט פייערל האט זיך אים אנגעצונדן אין די אויגן.

— דו ווייסט, כאימע, — האט פאבלא אנגעהויבן שיין גאר אין אן אנדער טאן, — וואס דיין פאיסאנא, ענריקע טשולמאן, האט אפּ־טון ביי אונז? דו ווייסט דאך, אז ער האט חתונה געהאט מיט מאריא לואיסאן; דו געדענקסט ווי שיין און קלוג זי איז געווען? און זי האט אים געבוירן צוויי קינדער; אזעלכע שיינע און געראטענע קינדער! האט ער גענומען אין איין שיינעם טאג, זי איבערגעלאזט מיט די קינדער און איז אנטלאפן. מ'זאגט, אז ער האט דא אין מעקסיקע א צווייטע פרוי, אייערס א פאיסאנא. זי, מאריא, האט נישט געקאנט אויסהאלטן פון בענקשאפט, איז זי קראנק געווארן און געשטארבן. זענען די קינדער געבליבן אויף הפקר, פארלאזט און פארווארפן. זאג, דו, כאימע, איז גוט אזוי? דו ביסט דאך א פיינער מענטש. זאג, דארף מען אזוי טון?

בענדערסקי האט אראפגעלאזט דעם קאפ און עס האט אים אויס־געוויזן, אז פאבלא האט אריינגעשלעפט די כמארע פון דרויסן און זי ארויפגעווארפן אויף זיין קאפ, אויף זיין נשמה, אויף זיין לעבן. די כמארע האט זיך צעגאסן אין א פארפלייצונג, וועלכע שמייסט אים, בענדערסקין, אין פנים און אין אלע זייטן, און ער ווייסט נישט ווו

זיך אַהינצוטון, ווּ זיך אויסצובאַהאַלטן, וווהין צו אַנטלויפֿן: ער בויגט זיך אונטער דער גרויזאַמער לאַסט פון דער שרעקלעכער פאַרפלייצונג, און — ער פאַלט, פאַלט און פאַלט...

# שטילע טריט

באלד ווי יונה האט נאר איבערגעטרעטן די שוועל פון טויער און איז אריין אין פראכטפולן גארטן־הויף פון שפיטאל, האט אים דאס הארץ געגומען קלאפן האסטיקער און א שרעק איז אים באפאלן. ער האט אנגעהויבן גיין געלאסענער, ארומגעקוקט זיך, ווי זוכנדיק פון ערגעץ א הילף, א מעגלעכקייט אויסצומיידן אט דאס הויז, פאר וועלכן ער האט פלוצלונג אזוי שטארק מורא געקראגן. און אזוי גייענדיק, פאמעלעך, איז פאר זיינע פיס אראפגעפאלן א געל, פארוועלקט בלאט פון א דערבייאיקן בוים. יונה האט דאס בלאט אויפגעהויבן. עס באקוקט פון אלע זייטן, ווי ער וואלט וועלן אויסגעפינען די סודות פון דעם בלאטס פארגאנגענעם קורצן לעבן. אין דעם דאזיקן געלן בלאט, האט זיך יונהן געדאכט, דערזעט ער זיין אייגן לעבן.

א שרעקנדיקער געדאנק איז אים געקומען אויפן זינען: צי איז נישט אמאל אט דער דאזיקער בלאט א סימבאלישער אנדייט אויף דער נאענטער ענדע פון זיין לעבן אט דא אין שפיטאל? און באלד — א צווייטער געדאנק: אפשר צוריקגיין?

— ניי־יי־ן — האט ער מיט א ציטער זיך אפגעטרייסלט פונם געדאנק, פון צוריקגיין.

ער האט זיך דערמאנט אינם געשפרעך, וואס איז אין אז אונט פריער פארגעקומען ביי די שאפיראס — ווו ער, יונה, וווינט כמעט די גאנצע צייט, וואס ער איז איז מעקסיקע — ווי זיי, די שאפיראס, האבן אים שטארק צוגערעדט, אז ער זאל, איינמאל פאר אלעמאל, זיך לאזן אפערירן און נישט דארפן אזויפיל ליידן, ווארן אויב נישט — קאן ער נאך באקומען א פלוצלונגן שטארקן אנפאל פון וויטיק און עס זאל שוין זיין צו־שפעט אים צו ראטעווען. איז די אויערן האט אים נאך געקלונגען, ווי זייער טאכטער, די שיינע צוואנציק־יאריקע קלארא, האט זיך צעלאכט מיט אן איראנישן געלעכטער:

— א, געטראפן דאס ארט, יונה וועט זיך לאזן אפערירן. ער האט דאך מורא זיך פעסט אוועקצוזעצן אויף א שטול, טאמער צעברעכט זיך די שטול און ער וועט אראפפאלן, קאן ער זיך נאך, חלילה, א קלאפ טון... טא ווי וועט ער זיך לאזן שניידן מיט א מעסער? עס קאן דאך נאך וויי טון...

— ניין, ער טאר נישט דערלאזן — האט ער זיך געטראכט — אז קלארא זאל וועגן אים אזוי דענקען: ער מוז איר ווייזן, אז זי האט וועגן אים א פאלשע מיינונג. אז ער איז נישט אזא פחדן ווי זי מיינט.

ער האט זיך געגעבן אן אימפעטיקן ריס ארויס פון זיינע אייגענע געדאנקען, מאכנדיק זיך אליין א פארוווּרף, פארוואס ער מאכט זיך אזוי קינדעריש און פלאגט זיך מיט נארישע פארגעפילן.

און מיט שנעלע טריט, מיט געמאכטן, אויפגעשרויפטן מוט, איז ער אריין אינעווייניק, איז שפיטאל אפיס.

עס איז נאך זייער פרי געווען. א זוניקער, שטיפעריש־ליכטיקער פרימארגן האט זיך געשפילט ארום און ארום דער געביידע פון שפיטאל, איז מיט דער זעלביקער שטיפערישקייט אריינגעדרונגען, דורך אלע פענסטער, אינעווייניק און פול געמאכט מיט זיך אלע צימערן פון שפיטאל.

אין שפיטאל אפיס, זיצנדיק קעגנאיבער דער סעקרעטאריז, וועלכע

האט אים אזוי דורכדרינגלעך אנגעקוקט, ביים אויפנעמען די פארמעלע אינפארמאציעס פון אים, האט יונה — אונטערן איינפלוס פון די לוס־טיקע זון־שטראלן, וועלכע האבן זיך פריי ארומגעשפילט איבער אלע ווינקעלעך פונם צימער, און אונטער דעם ליכטיקן בליק פון די פרייע הימל־בלאע אויגן פון דער שיינער בלאנדער סעקרעטאריז, אויגן, פון וועלכע ס׳האט ארויסגעקוקט אזא רואיקע, מילדע און ליבע גוטסקייט — האט ער, יונה, אינגאנצן פארגעסן זיינע טרויעריק שרעקנדיקע געדאנ־קען, וועלכע ער האט נאר־וואס מיט זיך אריינגעבראכט פון דרויסן. אז אויפגעמונטערטער, א צעשמייכלטער, האט ער געענטפערט אויף אלע פראגן פון דער סעקרעטאריז. ער האט נאך צוגעגעבן וועגן זיך מער ווי זי האט אים געפרעגט, און זי האט אים מיט א העפלעך־ליבן שמייכל, אויסגעהערט.

יונה האט גאר פארגעסן, אז ער איז געקומען אהער זיך אפעריר־ן אויפן אפענדיסיט. דאס בלאנדע מיידל קעגנאיבער אים האט אים אזוי פארטשמעלעט, אז ער האט איז דעם מאמענט אלץ פארגעסן. נאר איין פארלאנג האט אים באהערשט: צו זיצן אזוי לאנג, לאנג, רעדן מיט איר און אויפהער און קוקן אין די דאזיקע בלויע, מאדאנישע אויגן.

לויט איר אויסזען און לויט איר שפאנישן אקצענט, האט יונה דערקענט, אז זי איז אן אמעריקאנעריז. האט ער — כדי זי צו פאר־לאקן און געווינען איר אינטערעס צו פארציען דעם געשפרעך — אנ־געהויבן רעדן ענגליש. אין אנהויב האט עס איר טאקע געשמייכלט און זי האט אים צוליב דעם, געשענקט מער אויפמערקזאמקייט. אבער נאך עטלעכע מינוט, האט זי זיך אויפגעשטעלט און אים זייער העפ־לעך צווויסן געגעבן, אז זיין צימער איז נומער זיבן.

---

יונה, אדער כואן, ווילענסקי איז געווען א בחור שוין נאענט צו פערציק, אבער ער איז שטענדיק געווען אימשטאנאנד אראפצוגנבענען פון זיך אמווייניקסטנס צען יאר: זיין פול, רונדיק, אויסגעבאליעט גע־זיכט, וואס האט מיט א רואיקער זארגלאזיקייט קינדיש אראפגעקוקט פון זיין קליינגעוויקסיקן קערפער: זיינע גרויסע, שווארצע אויגן, פון וועלכע ס׳האט ארויסגעוואונקען א לייכטזיניקער תאווה־גלאנץ און גלייכ־צייטיק א קעציישע פחדנות: זיינע דינע, ווייבע, מיידלשע ליפן, אויף

וועלכע ס'איז שטענדיק געלעגן א נארישער, זעלבסטצופרידענער שמייכעל, — דאס אלץ האט צוגעגעבן דעם אויסזען פון זיין עלטער נישט מער ווי עטלעכע און צוואנציק יאר.

מיט עטלעכע יאר צוריק איז יונה צוזאמען מיט זיין קוזין, מאטקע ווילענסקי, געקומען פון קאוונע קיין מעקסיקע. יונה האט מיטגעהאט אביסל געלט פון דער היים, האבן זיי — יונה מיטן קוזין און נאך מיט א דריטן, זייערן א לאנדסמאן, וועלכער איז געווען אין מעקסיקע פון פריער און האט שוין געהאט פראקטיק — געמאכט שותפות, צו האנדלען אויף „אבאנעס".

מאטקען איז באלד פון ערשטן טאג אן נישט געווען צום הארצן אט דער דאזיקער אבאנעס־מסחר. ער, דער פשוטער, ערלעכער מאטקע, פון דער היים א שלאסער, דער זון פון א שלאסער, האט נישט געקאנט, ס'איז אים געווען שרעקלעך דערווידער דאס, וואס מען נעמט ביי ארימע ארבעט־מענטשן טאפלט און טיילמאל נאך מער, פאר יעדער פארקויפטער זאך, בלויז דערפאר, וואס דער ארימער עקספלואטירטער ארבעטער איז נישט אימשטאנד פון זיין שווער־אויסגעהארעוועטן לוין צו קאנען באצאלן מיטאמאל פאר די נויטיקע שמאטעס און מוזן באצאלן ראטעסווייז. אים, מאטקען, האט עס געקרענקט פארוואס מ'וויל רייד ווערן אויפן ארבעטערס חשבון. און נאכמער האט אים פארדראסן, פארוואס ער זאל זיין א שותף מיטן דאזיקן „פוילן פוסט־און־פאסטניק", מיטן דאזיקן „צעקראכענעם סטודענט", מיטן דאזיקן „טאטנס ליימענער גולם", מיט זיין קוזין יונה, וועלכן ער האט נאך פיינט געהאט פון דער היים, פונקט ווי עס האבן זיך פיינט געהאט די פאטערס זייערע, די ברידער: דער הויכער, איינגעדארטער און אויסגעהארעוועטער שלאסער ישראל ווילענסקי, און דער גראב־בייכיקער באנקראטשיק, שיינער ייד און שניט־סוחר פסח ווילענסקי.

קוים מיט צרות האבן זיי דערשלעפט דאס שותפות עטלעכע חדשים און זיי, די קוזינען, זענען זיך פאנאנדערגעגאנגען טויט־ברוגז.

מאטקע האט געגעבן א שפיי אויף אלע אבאנערישע גליקן, מיט זיין קוזין צוזאמען, און ער איז אוועק ארבעטן אלס שלאסער־מעכאניק.

געווען איז דאס אין א רעגנדיקן נאכמיטאג, דער דרויסן — א נאסער א כמורנער, או אנגעברוגזטער און אויף דעם מענטשנס געמיט אויך אזוי.

אין א פול געפאקטן „קאמיאן" איז יונה געשטאנען אן איינגע־קוועטשטער. מיט איין האנט האט ער זיך אנגעהאלטן אן דעם שטאנג אין דער הויך, איבער די קעפ, און אין דער צווייטער האט ער גע־טראגן א פעקעלע, וואס ער האט באדארפט צופירן צו א קונד אין א נאענטער קאלאניע. אזוי שטייענדיק אן איינגעפרעסטער, מיט א כמור־נער שטימונג, האט ער זיך פארטראכט: פארטראכט זיך וועגן זיין קור־זן מאטקע, וואס איז מיט אים ברוגז געווארן און ער, יונה, ווייס נישט פארוואס; ער האט זיך פארטראכט וועגן שאפיראס טאכטער, קלארא, וואס זי פארדייסט מיט דער נאז. — „וואס איז מיט איר אזוי די גרויסקייט, ווייל זי גייט אין אוניווערסיטעט? אפילו אין צען יאר ארום וועט זי דאס נישט קענען, וואס ער האט שוין פארגעסן..." „און אפשר איז מאטקע גערעכט, אז מ'דארף נישט לערנען, נאר מ'דארף זיין א מענטש..." ער האט זיך פארטראכט וועגן די שאפיראס, וואס פאר א טייערע, צוגעלאזענע מענטשן זיי זענען. „און אפשר זאל ער מיט זיי א שמועס טון וועגן קלארא, גאנץ אפן..." „אבער וואס האט ער צו רעדן מיט זיי? פריער דארף ער זיין זיכער מיט איר, און יענע לאזט גאר צו זיך נישט רעדן, א שטייגער ווי זי זאל זיין א פרינ־צעסין".

אזוי טראכטנדיק האט ער גארנישט באמערקט, ווי דער קאמיאן איז שוין לאנג אריבער די קאלאניע, וווהין ער האט באדארפט, און ער איז שוין פארפארן אין א צווייטער קאלאניע.

אין דרויסן האט געגאסן א מבולדיקער שלאקס־רעגן. יונה איז אראפ פון „קאמיאן" און איז אריין אין דער „פערפומעריא", וואס איז געווען אין ווינקל גאס, כדי דארט צו ווארטן אויף א צוריקגייענדיקן „קאמיאן".

דער אייגנטימער פון דער פערפומעריא איז געווען א פראנצויז, א בעמיקער, וואס האט געהאט, אויפן זעלביקן פלאץ, א גוט איינגע־ארדנט פאבריק פון אלערליי קאסמעטישע ארטיקלען, ווי פאמאדאס, לאסיאנעס, פארשידענע טואלעט־זייפן, שמינקעס א. א. וו. דער פראנ־

צו'ז האט דערקענט אין יונהן, אז ער איז אז אינטעליגענטער בחור און אז ער איז נאך א פרישער אין לאנד. דער פראנצויז האט זיך מיט אים אינטערעסירט און פארפירט מיט אים א געשפרעך. יונה האט איז א צעבראכענעם שפאניש און די רעשט אין ענגליש, וואס דער פראנצויז האט אביסל פארשטאנען, אים דערציילט פון זיין היים, פון זיינע על־טערן, פון זיין לערנען, בכלל פון זיין פארגאנגענהייט און פון זיינע „אבאנעם" אין מעקסיקע.

נאך א לענגערן געשפרעך האט אים דער פראנצויז פארגעלייגט: אזוי ווי ער, יונה, גייט סיי ווי ארום פארקויפן אויף אבאנעם, זאל ער פרובירן מיטנעמען אויך זיינע קאסמעטישע ארטיקלען, וואס גיבן א גרויס פארדינסט און זענען זייער פארקויפבאר.

בלויז עטלעכע וואכן נאכן דאזיקן צופעליקן טרעפן זיך מיט דעם פראנצויזישן בעמיקער, האט יונה אויפגעגעבן אלע שמאטעס, מיט וועלכע ער האט געהאנדלט אויף אבאנעם, און אינגאנצן זיך איבער־געווארפן בלויז צו די קאסמעטישע ארטיקלען.

אזוי זענען אוועק צוויי יאר.

יונה האט שוין נישט נאר פארקויפט דעם פראנצויזס ארטיקלען. ער האט אויך געקראגן א דירעקטע פארטרעטונג פון א באוווסטער פראנצויזישער פערפום־פירמע און יונהן האט אנגעהויבן צו גיין גאנץ ראש בארג־ארויף.

איינמאל, אין א זונטיק, ווען יונה איז געווען ביים פראנצויז, נישט געשעפטלעך, נאר אזוי צו גאסט, האט דער פראנצויזן אים אריינגערופן אין זיין לאבאראטאריע. יונהן איז עס געווען א ווונדער, ווייל ביז דער־מאלט האט ער אים קיינמאל נישט דערלויבט אהין אריינצוגיין, און יונה האט באלד פארשטאנען, אז ס'איז עפעס נייעס.

דארט, אין דער לאבאראטאריע, האט אים דער פראנצויז גע־פרעגט:

— זאגט דעם אמת, הער ווילענסקי, זייט איר צופרידן פון דעם פארשלאג, וואס איך האב אייך געמאכט מיט צוויי יאר צוריק, אנצו־הויבן האנדלען מיט מיינע ארטיקלען?

— זייער צופרידן, הער זשאנעט, איך וועל אייך אייביק דאנקבאר זיין.

— אויב אזוי, האב איך פאר אייך נאך א מסחר, פאר וועלכן איר וועט מיר דארפן נאכמער דאנקבאר זיין.

דער פראנצוויז האט געקוקט אויף יונהן, צו זען וואס פאר אן איינדרוק זיינע ווערטער האבן אויף אים געמאכט. יונהן איז געקומען דאס בלוט אין פנים אריין. עס האט אין אים אויפגעקאכט זיין געלט־גייציקייט און ער האט שוין געברענט פון נייגעריקייט צו הערן וועגן דעם נייעם מסחר. ער האט לאנג נישט געדארפטווארטן. דער פראנ־צויז האט ווייטער גענומען רעדן:

— איצט, אז אייך, הער ווילענסקי, איז שוין גוט באקאנט די בראנזשע פון קאסמעטישע ארטיקלען, ווייסט איר גוט, אז איך האב ביי מיין ארבעט געמאכט א סך געלט, אבער עס באפרידיקט מיך נישט. איך בענק צוריק אהיים און איך קאן אין מעקסיקע מער נישט זיין. איבערהויפט צוליב מיינע קינדער; זיי מוזן דערצויגן ווערן אין דער אטמאספער און אין דעם גייסט פון מיין פאטערלאנד. איך האב דער־ריבער באשלאסן צו פארקויפן מיין פאבריק, דערביי נעם איך זיך אונ־טער אויסצולערנען דעם קויפער גאנץ גרינטלעך, ווי צו מאכן די אלע ארטיקלען. — האב איך באטראכט, אז דער פאסיקסטער דערצו זייט איר, הער ווילענסקי.

גאר אינגיכן, נאכן דאזיקן געשפרעך, איז יונה געווארן דער אייגנ־טימער פון דעם פראנצויזס פאבריק פון קאסמעטישע ארטיקלען.

גלייכצייטיק מיט דער דאזיקער זעלטענער געלעגנהייט, האט יונה זיך געקראגן נאך א צווייטע געלעגנהייט, וואס האט אים צופרידנגע־שטעלט נישט ווייניקער פון דער ערשטער: גלייך מיטן איבערנעמען די פאבריק, האט יונה זיך אליין אנגעהויבן צו טיטולירן: „דאקטאר בעמיק".

אז יונה איז געקומען אין שפיטאל אריין, צו לאזן זיך אפערירן אייפן אפענדיסיט, האט ער זיך פארגעשטעלט: „בואן ווילענסקי, דאק־טאר בעמיק, אייגנטימער פון בעמישער לאבאראטאריע און פאבריק פון קאסמעטישע ארטיקלען". און טאמער וואלט די שיינע בלאנדינקע געקאנט צווייפלען אין דער ריכטיקייט פון זיין טיטול, האט ער ביי־

געלייגט זיינס א וויזיט־קארטע, ווו ס'זענען בפירוש געווען אפגעדרוקט די דאזיקע ווערטער.

---

אין שפיטאל האט מען יונהן געקאנט אפּעריִרן ערשט אויפן צווייטען טאג. דערווייל האט ער זיך ארומגעדרייט אַ ערב־קראנקער איבער די קארידארן און אין דעם הינטערשטן גרויסן שפיטאל־גארטן. ער האט געזוכט צו פארבינדן געשפרעכן מיט די שוין געבעסערטע קראנקע און זייערע געסט, וועלכע האבן זיך געוויגט אין וויג־שטולן, אדער אזוי פאנאנדערגעזועצט געווען איבער דער גאנצער גרויס פונם גארטן.

יונהן האט באזונדער געצויגן די אויפמערקזאמקייט א יונגע פרוי, א טונקל־בראנעטע, א מעקסיקאנעריז, וועלכע איז געזעסן אויף א וויג־שטול, שטארק פארטיפט אין א בוך.

ער האט זיך געשמעלט קעגנאיבער איר, פון דער וויטנס, און זי גוט באטראכט: אלץ אין איר איז געווען עפעס אזוי אנדערשדיק, וואס האט גערופן אינטערעס צו זיך: אירע פעך־שווארצע האר, ווי זיי זענען געווען מענלעך, וויל־יונגעריש פארשוירן; איר לענגלעך טונקל פנים, מיט א הויכן שטערן און שטרענגע, שטייפע געזיכט־צוגן, ווי פון א מיליטער־מאן. אין דאך אזעלכע ווייבלעך רייצנדיקע, וואס קענען באומרואיקן יעדן פארבייגייענדיקן מאן. יונה האט געוואלט זי אנקוקן אין די אויגן, אבער ער האט נישט געקאנט, צוליב איר איינטיפן זיך אינם בוך, וואס איז געלעגן ביי איר אויף דער שויס. ער איז ציגעגאנגען נענטער גאר נאענט, און גענומען שפרייזן הין און צוריק פארביי איר, ביז זי האט אויפגעהויבן די אויגן פונם בוך און שמייבלענדיק אים אנגעקוקט. אבער אין איר שמייכל איז געלעגן א בולטע איראניע, וואס יונה האט עס ווי א נאדל־שטאך דערפילט און ס'האט אים אריינגעבראכט אין א צעטומלטער פארלעגנהייט. זי האט עס באמערקט. האט זי זיך אנגערופן, כדי אים פון דער פארלעגנהייט ארויסצונעמען:

— יונגערמאן, איך זע, אז אייך איז אימעטיק דא, איר האט נישט מיט וועמען צו רעדן און איר וואלט וועלן זיך באקענען מיט מיר נאר איר האט נישט די דרייסטקייט. זעצט אייך אוועק, אן צערעמאניעס. — דערביי האט זי אים אנגעוויזן אויף א שטול, וואס איז געשטאנען

נעבן איר. — זעצט אייך, וועלן מיר פלאפלען אביסל. מיר איז אויך דא אומעטיק.

אין ערשטן מאמענט איז יונהן געווארן אומהיימלעך פון אזא דרייסטקייט. ער איז צו אזעלכעס נישט געוווינט געווען; אבער באלד האט אים הנאה געטון דאס פשוטקייט, דער איינפאכער צוגאנג, די פארבינדונג צווישן מענטשן, אן אומנויטיקע צערעמאניעס.

ער האט זיך אוועקגעזעצט, און כדי אריין אין א געשפרעך, האט ער געפרעגט:

— וועט איר מיר דערלויבן, וואס פאר א בוך לייענט איר?

— א, מיט פארגעניגן. דאס איז זייער אן אינטערעסאנט בוך: „א מאמע", פון מאקסים גארקי.

און זי האט אים דערלאנגט דאס בוך. ער האט עס גענומען, באקוקט דעם שער־בלאט, און זיך אנגערופן:

— איך האב עס געלייענט, שוין זייער לאנג, אין רוסיש.

— איך געדענק נישט, — האט זי באמערקט, — אז א בוך זאל אויף מיר מאכן אזא שטארקן איינדרוק ווי אט דאס בוך. איך לייען עס שוין צום צווייטן מאל. אט אזעלכע מאמעס — האט זי צוגעגעבן מיט פאטאס — האבן עס דערהויבן רוסלאנד צו דער היינטיקער הויך!

די פרוי האט זיך צעפלאמט, גערעדט מיט היציקן טעמפעראמענט וועגן די אלע איינצלנע האנדלונגען פונם בוך „א מאמע": דערביי האט זי צוגעגעבן אירע אייגענע באמערקונגען און אויסטייטשונגען.

און יונה איז געזעסן, האט מער געקוקט אויף איר, ווי געהערט. ער האט זיך איינגעגעסן אין אירע ברענענדיקע, שווארצע, טעמפעראמענטפולע אויגן און זיך נישט געקאנט פון זיי אפרייסן. דעם ערשטן מאל ווי ער זעט אזעלכע רייצנדיקע, ליכטיקע פרויען־אויגן, און דאך דערלאזן זיי נישט, ביי זייער גאנצן רייץ, אז מ'זאל וועגן זייער ווייבלעכקייט טראכטן...

די פרוי האט באמערקט אין יונהס פארטומייעטן זיצן, אז ער הערט כמעט נישט, וואס זי רעדט צו אים, וועגן מאקסים גארקי און וועגן היינטיקן און אמאליקן רוסלאנד, האט זי מאמענטאל איבערגעביטן דעם געשפרעך. זי האט דערציילט, אז זי איז אין שפיטאל מיט

א שוועסטער, וועמען מ'האט געמאכט אן אפעראציע אויף א פוס און, אז עס איז דא זייער אומעטיק, ווייל די מערסטנס מענטשן דא זענען אמעריקאנער אדער ענגלענדער: זיי רעדן נאר ענגליש און זי פארשטייט נישט קיין ענגליש. זי קען קוים איר ארים מאמע־לשון — שפאניש. איז כמעט נישטא מיט וועמען א ווארט אויסצורעדן.

— און באזונדער — האט זי צוגעגעבן מיט צארן און פאר־דרוס — איך קאן נישט ליידן אט די שטילע טריט דא. אלע גייען זיי דא אויף די שפיץ פינגער, ווי זיי זאלן מורא האבן, אז די ערד זאל זיך אונטער זיי נישט איינברעכן. דאס באווייזט, אז זיי זענען נישט זיכער מיט זייער אייגענעם בארן...

יונה האט נישט באגריפן דעם אנמערק, וואס זי האט געגעבן מיט אירע ווערטער, — האט ער גאנץ פשוט איר אפגעענטפערט:

— די שטילע טריט זענען נישט צוליבן אומזיכערן בארן, נאר צוליב די קראנקע דא. מען זאל נישט מאכן קיין טומל, וואס די מערסטנס קראנקע קאנען נישט פארנעמען.

— און טיילווייז איז עס אויך — האט זי פילבאדייטנדיק נאכא־מאל שארפער אנגעמערקט דאס, וואס זי האט געוואלט ארויסברענ־גען — נישט צוליב יענעמס קראנקהייט, וואס זיי וואכן, נאר צוליב זייער אייגענער קראנקהייט, צעפוילטקייט און בלוטלאזיקייט: אט די שטילע טריט, ווי איך האב זיי פיינט! אט די שפיצפינגערדיקע, ווייכע, סאמעטענע טריט, ווי איך האס זיי!... אט די זעלביקע שטילע טריט, וואס היטן זיך, נישט צו הארט די ערד צו באטרעטן, מיט די זעלביקע שטילע טריט ווערן מיליאנען מענטשלעכע לעבנס צעטרעטן, ווי שטויב. אין דעם מיינדסטן באדויערן אפילו!

די לעצטע ווערטער האט זי ארויסגעזאגט מיט אזויפיל פארבי־טערטקייט און פעסטקייט, אז כאטש יונה האט אבסאלוט נישט פאר־שטאנען, וואס זי האט געזאגט און געמיינט, האט בלויז דער זיכערער און שטארקער טאן פון איר רעדן געמאכט אויף אים א קאלאסאלן איינ־דרוק און ער האט געגומען קוקן אויף איר מיטן רעספעקט פון א שי־לער צו זיין לערער: ער גלויבט אין יעדן ווארט, וואס דער לערער זאגט, אפילו ווען ער פארשטייט נישט.

דערווייל האט מען געקלונגען אויף מיטאג. זי האט אים איבער־

געבעטן, ווייל זי מוז גיין עסן מיט דער שוועסטער צוזאמען. ביים אוועקגיין האט זי אים געבעטן צו טרעפן זיך ווידער נאך מיטאג אויפן זעלבן פלאץ.

— עפעס סארא מאדנע פרוי זי איז — האט יונה געטראכט וועגן איר, נאכקוקנדיק און באטראכטנדיק זי פון קאפ ביז די פיס, ביי איר אפגיין — אזא גראציעזע, שיינע, שלאנקע פרוי — און עפעס פעלט אין איר די ווייבלעכקייט: די ווייכע צארטקייט פון א פרוי פארלירט זיך אין איר אינגאנצן. אבער וואס פאר א פארגעניגן ס'איז צו רעדן מיט איר, אדער בעסער — צו הערן זי רעדן.

און ער האט שוין געווארט אויפן נאכמיטאגדיקן טרעפן זיך.

---

אויפן צווייטן טאג נאך דער אפעראציע, אז יונה האט זיך אויסגעוועפט פון דעם עטער, מיט וואס מען האט אים איינגעשלעפערט, און ער האט שוין אנגעהויבן צו דערקענען זאכן און מענטש ארום זיך, ווי א ניכטערער און נישט ווי א שיכורערער — ווי ער איז געווען דעם גאנצן מעת־לעת נאך דער אפעראציע — האט ער, צו זיין גרויס איבערראשונג און אויסערגעוויינלעכער פרייד, דערזען, אז נעבן זיין בעטל זיצט זיין קוזין מאטקע.

יונה האט מיט פארשטיקטע טרערן, קוים ארויסגערעדט, מיט אזויפיל תחנונימדיקייט, דאס איינציקע ווארט:

— מאטקע!

— וואס איז יונה, וואס מאכסטו?

יונה האט מיט זיינעביידע שוואכע הענט אנגעכאפט מאטקעס גראבע, פארהארטעוועטע הענט און וויינענדיק, ווי א הילפלאזן קינד ארויסגערעדט:

— אוי, מאטקע, איך שפיר זיך אזוי שלעכט, איך פיל, אז איך גיי שטארבן.

— רעד נישט קיין נארישקייטן, יונה. וועסט נישט שטארבן, אידיאטן לעבן לאנג.

— א? יא, איך וועל לעבן? — האט יונה שטיל און אומזיכער ארויסגערעדט די דאזיקע ווערטער מיט א טאן, אין וועלכן ס'האט זיך געהערט מער געבעט איידער פראגע, ווי ער זאל וועלן מיט זיינע איי־

גענע ווערטער פארטרייבן די שרעק־געדאנקען, וואס זענען אים געקראַ־
כען אין קאפ אריין.

— וואס פאר א פראגע, צי דו וועסט לעבן! — האט אים מאטקע
אויף אן אמת געוואלט בארואיקן — וועסט נאך לעבן און לעבן און
פארשמירן אלע מעקסיקאנער ווייבלעך און מיידלעך מיט דיינע שמינ־
קעס און חזירייען.

מאטקע האט א קוק געגעבן אויף דעם בוקעט בלומען, וואס איז
געשטאנען אויפן טישל נעבן בעט און זיך א כאפ געטון, ווי דערמאַ־
נענדיק זיך אן עפעס, האט ער זיך אנגערופן:

— פריער איז דא געווען א מיידל, א בלאנדינקע, מיט א נאריש
ליאלקעדיק פנים און א פאר בלויע קעלבערנע אויגן. זי האט אוועקגע־
שטעלט אט דעם בוקעט ווייסע קלאוועלן. זיי שמעקן טאקע זייער פיין.
ווער איז זי, אט די אידיאטקע? זי איז אריין אויף די שפיץ פינגער,
מורא געהאט זיך א באוועג צו טון, פונקט ווי זי זאל זיין פון גלאז, און
אזוי שוועבנדיק איז זי ארויס ווי אריין. ווער איז זי? דו קענסט זי?

יונה האט זיך פארטראכט און א גליקלעכקייט האט זיך צעגאסן
אויף זיין פארוויטיקדיקט און צעגרימאסעט פנים.

— דאס איז אוודאי די מיס סטימסאן, די סעקרעטארין פון שפי־
טאל, — האט יונה מיט א קינדערשער צופרידנקייט ארויסגעזאגט —
די וואס זיצט אין ערשטן צימער, באלד ווי מ'קומט אריין.

— אבער וואס פאר א רוח אויף זיי אלע דא, וואס זיי גייען אויף
שטאלצן? וואס האבן זיי מורא, דער באדן וועט זיך זיי ברעכן אונטער
די פיס? אך, ווי איך האב זיי פיינט ווי סם, אט די שטילע צעקראכענע
טריט, מיט די צארטע, אויסגעהויכטע, נשמהלאזע באוועגונגען! אזעל־
כע שטילע שפיצפינגערדיקע טריט איז אדער ביי גוססדיקע מענטשן,
אדער ביי גנבים, און איך מיין, אז זיי זענען עם ביידע צוזאמען: א
ערלעכער מענטש, אפילו ער זאל וועלן גיין אויף די שפיץ פינגער, קאן
ער עם גארנישט: אין די טריט קלינגט אפ דער מענטש: זיי ווייזן ווער
און וואס דער מענטש איז.

— דו זאגסט דאך דאס זעלביקע ווי זי.

— ווער זי?

— זי, די בראנעטע פרוי. איך ווייס נישט ווי זי הייסט: זי איז

דא איז שפּיטאָל מיט אירער א שוועסטער, אָט דאָ איז דער אַנדערער זייט.

און איידער יונה האָט נאָך געענדיקט רעדן, איז אין צימער אַריינ־געקומען אָט די זעלביקע בראָנעטע פרוי.

מאַטקע, דערזעענדיק זי, האָט זיך ראַפּטום געגעבן אַ שטעל אויף, איז צו צו איר און מיט פריידיקער איבעראַשונג זי אַרומגענומען.

— אַ, לאַלאַ! וואָס טוסטו דאָ?

— איך בין דאָ מיט קאַסעפּינאַן. מ'האָט איר געמאַכט אַן אָפּע־ראַציע אויף אַ פוס.

— טאַקע! — האָט מאַטקע מיט אַ באַדויערנדיקן טאָן אַרויסגע־זאָגט — קאַסעפּינאַן האָט מען אָפּערירט און איך האָב גאָרנישט געוווּסט.

— וואָס ווייסטו יאָ, מאַטקע! — האָט לאַלאַ, מיט אַן אַנדייטנ־דיקן פאַרוואָרף געזאָגט, און דערביי מיט אַזויפיל ליבשאַפט און נאָענט־קייט אים געקוקט אין די אויגן אַריין.

יונה איז געלעגן און געקוקט אויף זיי ביידע און נישט פאַרשטאַ־נען, וואָס דאָ קומט פאָר. צי איז עס אַ פלאַנטער פון אַ חלום, האָט ער געטראַכט, אָדער איז עס אין דער ווירקלעכקייט? און — עפּעס גאָרנישט יענע מענלעכע האַרטקייט אין געזיכט ביי דער בראָנעטער פרוי, ווי ער האָט זי געזען אינם ערשטן טאָג, ווען ער איז אַריין אין שפּיטאָל!

— ווי רייצנדיק זי איז איצט — האָט יונה קוקנדיק אויף איר געטראַכט — וויפיל חנעוודיקע, צאַרטע ווייבלעכקייט עס שיינט איצט אַראָפּ פון איר יעדן שטריך. פאַרוואָס האָב איך עס פריער גאָרנישט געזען? — האָט ער אין געדאַנק זיך אַליין פאַרגעוואָרפן.

— און וואָס טוסטו דאָ, מאַטקע? — האָט לאַלאַ אים געפרעגט.

— זעסט דאָך, איך האָב זיך דערוווּסט, אַז מיין קוזין האָט מען געמאַכט אַן אָפּעראַציע. נו, ווי האָט מען אַ האַרץ פון אַ האַמער און מ'גייט נישט געוואָר ווערן וואָס ער מאַכט?

— אַזוי, איז ער דיינער אַ קוזין? — האָט זי מיט שטאַרקער פאַרוווּנדערונג אים איבערגעפרעגט.

מאַטקע, ווי נישט הערנדיק איר פראַגע, האָט זיך אומגעדרייט צו יונהן און געפרעגט:

— איז דאָס די בראַנעטקע, וואָס דו האָסט מיר וועגן איר גע־זאָגט?

יונה האָט מיט אַ פאַרשעמטן, נאַרישן שמייכל, געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף „יאָ".

— האָט איר באַטש נישט גערעדט פון מיר קיין שלעכטס? — האָט לאַלאַ זיך געווענדעט צו יונהן און, נישט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער, ווייטער געפרעגט — און וואָס מאַכט איר? ווי פילט איר זיך היינט? נעכטן זייט איר געלעגן אַזוי פאַרשמאַכט און באַוווסטלאָז, גע־עפנט די אויגן און פאַרמאַכט, געהאַלטן איין ברעכן און כסדר האָט איר געמורמלט: „קלאַרא, קלאַרא" און נאָך עפּעס האָט איר גע־מורמלט אויף אייער שפּראַך, וואָס איך פאַרשטיי נישט. זי, מיס סטימ־סאָן, האָט יאָ געמוזט פאַרשטיין, וואָס איר האָט גערעדט, ווייל איך האָב באַמערקט, ווי זי האָט זיך קוים איינגעהאַלטן פון געלעכטער, ווען איר האָט גערעדט ווי פון היץ. איך האָב זיך נעכטן זייער דערשראָקן פאַר אייך, אָבער די קראַנקן־שוועסטער האָט מיך באַרואיקט: זי האָט געזאָגט, אַז ס'טרעפט אָפט, אַז דעם ערשטן טאָג נאָך דער אָפּעראַציע, און אַמאָל צוויי טעג אויך, פילט מען זיך שלעכט אונטער דער ווירקונג פון עטער.

מאַטקע האָט איר איבערגעריסן אינמיטן רעדן:

— לאַלאַ, איך וויל אַריינגיין צו כאַסעפינאָן, זען וואָס זי מאַכט. און ביירע זענען אַרויס.

---

אַז יונה איז אַהיימגעקומען פון שפּיטאָל, איז ער געשטאַנען פאַר אַ רעטעניש: אויפן טיש, ביי אים אין צימער איז געשטאַנען אַ בוקעט ווייסע קלאָוועלן. פונקט דער זעלביקער בוקעט, וואָס אין שפּיטאָל האָט אים געבראַכט די בלאָנדע אַמעריקאַנערין, די מיס סטימסאָן, מיטן זעלביקן בלויען באַנד אַרומגענומען, און צום באַנד איז געווען צוגע־טשעפּעט אַ קליין קאַרטעלע, ווו ס'איז געווען אָנגעשריבן אויף יידיש מיט אַ שיינער און אומבאַקאַנטער האַנטשריפט: „פון אַ פריינדין, וואָס ווינטשט אייך גוטן געזונט".

יונה האָט ניט געקאָנט פאַרשטײן פֿון װעמען דאָס קאָן זײן.

— פּאַרוואַס — האָט ער זיך געבראָכן דעם קאָפּ — האָט יענע ניט געשריבן װער זי איז? און פּאַרוואָס איז דער בוקעט אַזוי נאַטירלעך דערזעלביקער, װי דער, װאָס איז שפּיטאָל? און פֿון װאַנען האָט יענע געוווּסט, וווּ ער וווינט?

װען עס זאָל ניט זײן געשריבן אין ייִדיש, — האָט ער גע־טראַכט, — װאָלט ער זיכער געװען, אַז דאָס איז פֿון דער מיס סטימ־סאָן; דער בוקעט איז דאָך אָבער פֿון אַ ייִדישע. אָבער פּאַרוואָס װיל זיך יענע באַהאַלטן? דאָס האָט אים נאָכמער נײַגעריק געמאַכט, אײדער דער בוקעט אַלײן.

די אײנציקע פּערזאָן, פֿאַר װעמען יונה פּלעגט זיך שטענדיק אָפּ־רעדן פֿון תּאַריז. פּרעגן עצות און זיך באַראַטן אַפֿילו אין געשעפֿטלעכע ענינים. איז געװען די באַלעבאָסטע, פֿרוי שאַפּירא, בײַ װעמען ער האָט געוווינט. ער האָט זי געהאַלטן פֿאַר אַ קלוגע, לאָגישע און פּראַקטישע פֿרוי. אין דעם פֿאַל אָבער האָט ער זיך געקווענקלט צו רעדן מיט איר וועגן דעם, ווײַל ער האָט נאָך אַלץ געהאָפֿט, אַז מיט דער צײַט װעט איר טאָכטער, קלאַראַ. אפֿשר פֿאַרט זיך אַנדערש באַציִען צו אים, הגם — שוואַכע האָפֿענונגען, דאָך איז נאָך דער לעצטער פֿינק בײַ אים ניט פֿאַרלאָשן געוואָרן. האָט ער, דעריבער, געוואָלט אויסמײַדן צו רעדן מיט דער פֿרוי שאַפּירא וועגן דער רעטעניש פֿון בוקעט, כּדי זי זאָל ניט מײנען, אַז ער אינטערעסירט זיך מיט אַנדערע מײדלעך. אָבער די נײַגעריקײט, וואָס האָט אים מיט יעדער מינוט אַלץ מער אַרומגעכאַפּט, האָט אַזוי צעשרויפֿט זײַן אומגעדולדיקײט, אַז ער האָט זיך ניט געקאָנט באַהערשן, ניט צו פֿרעגן בײַ דער אײנציקער פּער־זאָן, וועלכע, ווי ער איז געווען זיכער, אַז זי, מיט איר קלוגשאַפֿט, וועט אויסגעפֿינען, ווער עס האָט דעם דאָזיקן בוקעט געשיקט.

די פֿרוי שאַפּירא האָט ניט לאַנג געטראַכט און אים געזאָגט מיט זיכערקײט, מיט אַזאַ זיכערקײט, וואָס לאָזט גאָרניט נאָכצוווײפֿלען. אַז דער בוקעט ווײסע קלאָוועלן איז פֿון דער זעלביקער העל־בלאָנדער מיס סטימסאָן, וואָס איז אין שפּיטאָל, און זי האָט אים דערקלערט צוויי זאַכן, וואָס פֿאַר יונהן איז עס געווען אַ קאָלאָסאַלע איבעראַשונג:

— די וועלט זאָגט — האָט די פֿרוי שאַפּירא אים געגעבן צו

פארשטייז, — אז א גאסט קומט אויף א ווייל, זעט ער אויף א מייל. איך האב געזען אין שפיטאל צוויי זאכן, וואס איר האט עס אפשר נישט באמערקט. איינס: אז די מיס סטימסאן, אט דאס העל בלאנדע מיידל מיט די הימל־בלוי פארחלומטע אויגן, איז צו אייך נישט גלייך־גילטיק און צווייטנס: אז זי איז א יידישע. איך האב באמערקט אין איר פנים, אז זי פארשטייט גוט, ווען מען רעדט יידיש, כאטש זי מאכט זיך נישט פארשטייענדיק.

יונהן האבן ביידע זאכן אויסגעזען פאנטאסטיש און אומגלויבלעך. ער איז אבער צופיל געווען איינגעגלויבט אין דער פרוי שאפיראס לאגישן פארשטאנד. אירע ווערטער זענען אים דעריבער גוט אריין אין קאפ און האבן אים א גאנצע נאכט נישט געלאזט שלאפן.

אינדערפרי איז יונהן איינגעפאלן אן אידייע, וואס ער האט עס באלד פארווירקלעכט. ער האט אנגעשריבן א בריוו, אין יידיש, צו דער מיס סטימסאן, אז ער דאנקט איר פארן באמיען זיך ווען אים איי דער צייט פון זיין קראנק זיין און פאר דעם בוקעט בלומען, וואס ער האט געטראפן אין שטוב ביי זיין אנקומען אהיים פון שפיטאל.

ווען ער האט שוין געהאט דעם בריוו אוועקגעלייגט, האט אים באלד באנג געטון, און ס'האט אים פארדראסן אויף זיך אליין, פארוואס ער האט זיך געלאזט איינרעדן פון דער פרוי שאפירא אזא אבסורד.

— איך מאך אליין פון זיך חוזק — האט ער זיך זעלבסט פאר־געווארפן.

— שוין צייט — האט ער זיך געמוסרט — אז אזא מענטש ווי איך זאל לעבן מיט אייגענעם פארשטאנד און נישט לאזן זיך אלץ איינרעדן.

אזוי האט ער צוויי טעג זיך געגריזשעט, פארוואס ער האט דעם בריוו געשיקט, אבער ווי איבעראשט איז ער געווארן, ווען ער האט דערהאלטן אן ענטפער פון דער מיס סטימסאן, געשריבן אין יידיש, מיט דער זעלביקער האנטשריפט, וואס אויפן קארטעלע מיט די בלומען, זי האט אים געשריבן, אז זי איז זייער צופרידן פון זיין בריוו און זי דערוואַרט אים דאנערשטיק — איר וועכנטלעכער רו־טאג — ביי איר

אין פריוואט־וואוינונג, דערביי איז געווען אנגעגעבן דער גענויער אד־רעס.

---

אריסטאקראטיש האט זיך די גאס עקים צעלייגט אין דער מא־לאניע „ראמא״ און האט פון זיך געבלאזן, אין א פראסטן דאנער־שטיק, מיט שטילער, ראמאנטישער יאנטעוודיקייט.

אין איינער פון די דארטיקע הייזער האט געוווינט די מים סטימ־סאן.

אז יונה איז אנגעקומען, האט זי אים אויפגענומען ווי אן אלטן פריינט: זי האט באלד געשאפן, מיט איר באנעמען זיך, אזא היימישע אטמאספער, אז ביי יונהן האט זיך מאמענטאל פארלוירן די אומהיימ־לעכקייט און אומדרייסטקייט פון אזא ערשטן וויזיט. דערצו איז יונהן צוהילף געקומען נאך א דריטע פערזאן: ביי דער מים סטימסאן איז געווען צוגאסט איר פאטער פון די שטאטן. א נידעריקער ייד, א פולער, אין די פופציקער יארן, פון וועלכן ס׳האט אראפגעשיינט אן איידע־לער, יידיש־אינטעליגענטער אויסזען: נישט געקוקט אויף זיין גלאט־ראזירטן פנים, האט עס דאך עדות געזאגט — לויט דעם הויכן לומ־דיש־געקנייטשטן שטערן, פארטראכטע קנייטשן ארום מויל און קלוגע, דענקענדיקע אויגן — אויף א מענטש, וואס איז אנגעזאפט מיט תורה. און ווי יונה האט זיך דערוווסט אין פארלויף פון געשפרעך, איז ער אן אנגעזעענער ראבאי, מיט א גוט־באקאנטן נאמען, אין איינער פון די גרויסע שטעט אין די פאראייניקטע שטאטן.

יונהן איז זייער געפעלן געווארן זיין ארט געלאסן און דייטלעך רעדן, קלאר און פארשטענדלעך ארויסצוברענגען יעדן געדאנק, אפילו דעם טיפסטן. באלד האט זיך יונה אינגאנצן געפונען אונטער זיין השפעה און געשלונגען יעדעס ווארט, וואס איז ארויס פון זיין מויל.

ראבאי סטימסאן האט גערעדט וועגן דער רואיקייט און שטיל־קייט פון מעקסיקע, וואס פון איין זייט בארואיקט עס דאס געמיט פון אזעלכן, וואס קומט אויף א קורצער צייט זיך אפרוען פונם גרויסן, ראשיקן טומל; פון דער צווייטער זייט אבער האט עס א חסרון, וואס טעמפט אפ דעם אימפעט פון שאפן. דער רעש האט א מעלה, וואס ער איז דער כוח פון באוועגן, דער אימפולס פונם שאפן.

— דער מענטש —האט ער באגרינדעט זיין געדאנק איז גאנג פון געשפרעך — איז נישט מער ווי א טייל פון זיין אייגענער סביבה, כאטש ער אליין שאפט די סביבה, דאך געפינט ער זיך אליין אונטער דעם איינפלוס און אימפולס פון די רעדער, וועלכע ער האט אליין גע־שאפן: גייען די רעדער שלעפעדיק, גייט אזוי אויך דער מענטשלע־כער געדאנק, שלעפעדיק און פלעגמאטיש; גייען אבער די רעדער האס־טיק, ראשיק, אימפעטיק, איז אויך דאס מענטשלעכע דענקען און שאפן לעבעדיקער, באוועגלעכער און דערפאלגרייכער.

— דאס הייסט — האט ער דייטלעכער פארמולירט — דער מענטש שאפט די מאשין און דיזעלביקע מאשין באוועגט דעם מענטש צום ווייטערדיקן שאפן: אזוי גייט דער גאנצער וועלטלעכער פראַ־גרעס.

— איך בין שוין געווען עטלעכע מאל אין מעקסיקע — האט ראבאי סטימסאן געזאגט. — איך געפין דא א זעלטענעם אפרו, בפרט נעבן אזא טייערער טאכטער — דערביי האט ער אזוי ווארעם א קוק געגעבן אויף דער מיס סטימסאן, וועלכע איז די גאנצע צייט געזעסן נעבן אים. ער האט זי ארומגענומען, צוגעדריקט צו זיך און איר א קוש געטון אין שטערן, — אבער לעבן דא אין מעקסיקע, וואלט איך נישט געקאנט. מיר דאכט, אז מיין דענקונגס־אפאראט וואלט זיך דא אינגאנצן אפגעשטעלט.

— מיין קוזין — האט יונה באמערקט — אז איינפאכער ארבע־טער, זאגט אויך, אז ער האט שרעקלעך פיינט די שטילע, אריסטאַ־קראטישע טריט. די שטילקייט, זאגט ער, פארטעמפט דעם מענטש און מאכט פון אים א שקלאף, אז א פרייען, קעמפערישן גייסט.

— עס איז א שטיק אמת. — האט ראבאי סטימסאן געזאגט — אבער איך מיין דאס איז אן אנדער זין: ער זאגט עס געווים אין זין פון ארבעטער־באוועגונג, קאמף און רעוואלוציע. און איך מיין עס אין זין פון דענקען, שאפן און פון מענטשלעכן פראגרעס בכלל.

און נאך א ווײַלע פארטראכטן זיך, האט ער צוגעגעבן:

— און אפשר איז עס כמעט אלץ איינס, ווייל עס קאן נישט זיין קיין פראגרעס אן סאציאלער גלייכהייט און פרייהייט, צוליב וועלכער עס פאדערט זיך נאך א לאנגע צייט א פארבימערטער קאמף, און צו

קאמף איז אוודאי נויטיק באוועגונג, אימפעט, שטורעם, וואס נישט קיין שטילע טריט און נישט קיין שטילע, פלעגמאטישע אומגעבונג, קאנען דערצו באוועגן.

— און איך, פאפא, — האט די מים סטאמסאן זיך אנגערופן, — האב א סך ליבער די שטילקייט, די רואיקייט, איידער דעם הו־הא, געפילדער און טומל.

— און איך אויך. — האט יונה צוגעגעבן.

ביידע האבן זיך פיל־באדייטנדיק אנגעקוקט.

— שטילקייט איז אבער נישט לעבן. — האט ראבאי סטימסאן אראטאריש אפגעענטפערט, באטאנענדיק שארף יעדעסווארט. — מיט שטילע טריט גייט א שוואכער, א קראנקער, אן אפגעלעבטער: א געזונטער אבער גייט מיט פעסטע, ראשיקע טריט, ווייל ער לעבט, איז נארמאל און נאטירלעך.

— און מיך רעגט די קלאפנדיקע טומלדיקייט, איך האב ליבער די הארמאנישע נאטור־שטילקייט און די געמיטלעכע רואיקייט, איך וואלט אנטלאפן פונם כאאטישן טומל, פון די רעדער און מאשינען צו דער שטילער, ערלעכער, נאטור־רואיקייט — האט יונה זיך באמיט צו רעדן שיין אין דער קעגנווארט פון דער מיס סטימסאן.

— און איך אויך. — האט די מים סטימסאן צוגעגעבן.

ביידע האבן שווייגנדיק און מיט זיך פארשטייענדיקע שמייכלען, ווידער זיך אנגעקוקט.

— איר ווילט, קינדער, אנטלויפן פון דער וועלט — האט ראבאי סטימסאן ווי רעפערירט — און איר מיינט, אז מ׳קאן עס. אבער איר מאכט א טעות. די וועלט וועט אייך אייביק האלטן איינגעגעקלאמערט, קעגן אייער ווילן. נאר נישט מער, איר וועט שטענדיק בלייבן פרעמדע, אין א פרעמדער וועלט, ווייל די וועלט געהערט צו די. וואס לעבן אין איר און נישט צו די, וואס אנטלויפן פון איר.

לאנג, נאך זיין אוועקגיין, האבן נאך יונהן געקלונגען די ווערטער פון ראבאי סטימסאן, וועלכע האבן זיך טיף איינגעשניטן אין זיין זכרון, און דאך האט ער בעסער איינגעשטימט מיט דער טאכטער, מיט דער שיינער, בלאנד־האריקער און בלוי־אויגיקער מיס סטימסאן...

# „איך און מיין קאַפּיטאַל"

.1

אַ פאַרכמאַרעטער, פאַרשפּעטיקטער און קילער פרימאָרגן איז געשטאַנען.

דער דרויסן האָט נאָך געשמעקט מיט באַגינען און איז נאָך נישט אינגאַנצן אויסגעוועפּט געווען פון דער נאַכט.

אויף דער באַן־סטאַציע „קאָלאָניאַ" האָט מען דאַסמאָל זייער ווינציק מענטשן געזען.

געציילטע מינוטן זענען נאָך געבליבן ביז צום אָנקום פונם צוג פון סאַן־אַנטאָניאָ — לאַרעדאָ: אויף דער פּלאַטפאָרם האָבן זיך אַרומגעדרייט, הין און צוריק, שיטערע בילדער מענטשן, וואַרטנדיק אויף נאָענטע, וואָס האָבן באַדאַרפט באַלד מיטן צוג אָנקומען.

יעדעס מאָל האָט אַן אַנדערער אַ קוק געטאָן אויפן גרויסן וואַנטזייגער פון דער סטאַציע און באַלד, אומגעדולדיק, אָנגעשפּיצט די אויגן אין די מרחקים אַריין צו זען, צי באַווייזט זיך שוין, פונדערווייטנס, דער פאַרויסגייענדיקער רויך פון לאָקאָמאָטיוו. און — נאָך אַ ווײַלע אַזוי קוקן — זיך אויסגעדרייט און ווידער גענומען שפּאַנען הין און צוריק.

נאענט נעבן די גלאנציקע, אייזערנע שינעס, אויף וועלכע דער צוג האט זיך באלד באדארפט באוויזן, האט געשפאצירט, מיט רואיקע, געלאסענע און געמאסטענע טריט, א הויכער, בראנעטער יונגערמאן, זייער א מאגערער, מיט א לענגלעך, אויסגעצויגן און איינגעפאלן פנים, דורך וועלכן ס'האט ארויסגעקוקט די שארפקייט פון די באקנביינער און געמאכט די אויגן זיינע בולט ארויסגעשטארטשעט.

ער איז געגאנגען, אינגאנצן פארטון אין זיך, אין זיינע אייגענע געדאנקען:

— אט — האט ער זיך געטראכט — דארף זי באלד אנקומען: זי, די איינציקע, וואס וועט מיך קענען פארשטיין. וויפיל געזונט קאסט עס מיר — האט ער גענומען מאכן א חשבון הנפש אין געדאנק — וואס קיינער קאן מיך דא, אין מעקסיקע, נישט פארשטיין. אלע לעבן זיי נאר אויף אנגענומענע, שאבלאנישע טעאריעס און אלטגעבאקענע אמתן, אן דער מינדסטער פעאיקייט צו קענען זיך אליין רעווידירן און נאכצודענקען דעם אייגענעם געדאנק. דעריבער, מיט וועמען איך רעד פון מיין גאענטער פארגאנגענהייט, פון מיין רעוואלוציאנעלער טעטיקייט און פון מיין ברויזנדיקער רעוואלוציאנערער נשמה, פיל איך נאר ווי יענער הערט מיך אוים מיט א באהאלטענעם חוזק־שמייכל. מיך, זלמן ריינעס, קאן מען נישט נארן, איך קאן אריינדרינגען אין יענעמס נשמה, צו זען, וואס יענער טראכט: זע איך טאקע ווי יענער טראכט מיט א מין אפחוזקן פון מיר: „א שיינער רעוואלוציאנער, וואס האט אן אייגענעם גאראזש פאר זעכציק פארדונגענע אויטאמאבילן, אן אייגענעם ווערקשטעל צו פאריכטן אויטאמאבילן, אייגענע גאזאליןסטאציעס. געשעפטן פון אויטאמאביל - צודאטן און אייגענע צען אויטאמאבילן, וואס ארבעטן אין גאס". „א רעוואלוציאנער — הער איך ווי יענער לאכט אין זיך — וואס באשעפטיקט עטלעכע און צוואנציק ארבעטער, ביי וועלכע ער נאגט אוים דעם קליאק פון די ביינער פאר אן ארימען נישטיקן ארבעטס־לוין!..." אזוי טראכט יענער, ווען איך רעד מיט אים פון מיין אידעאל, פון מיין „איד", פון מיין נשמה; און ווי פארטעמפט זיי זענען, אט די אלע קליינע מענטשעלעך מיט זייער קליינלעכער אויפפאסונג. זיי קאנען נישט פארשטיין, אז דאס אלץ איז נישט איך, נישט איך האב עס.

נאָר מיין קאַפּיטאַל האָט עס, מיין פֿאַרשאַלטענער קאַפּיטאַל. אָבער איך, איך זלמן רייניס, בין דער זעלביקער רעוואָלוציאָנער ווי געווען, דער זעלביקער, וואָס שטייט אין שטענדיקן קאַמף קעגן קאַפּיטאַליזם.

— נאָר זי, ראָזאַ — האָט ער געטראַכט ווייטער — זי וועט מיך קאָנען פֿאַרשטיין, זי וועט מיך דערקענען לויט מיין נשמה און נישט לויט מיין קאַפּיטאַל.

— אַזאַ מיידל ווי ראָזאַ — איז ער אַריין אין אויפגעמונטערטער התפּעלות, וועגן איר — אַזאַ העלדישע רעוואָלוציאָנערע קעמפּעריןָ, וואָס האָט אָפּגעשמאַכט פינף יאָר אין די פּוילישע תּפיסות, צוליב איר טעטיקייט, און פֿון דאָרטן אַריבערגעפֿירט איר קעמפּערישן ברען אין די שטאַטן אַריין, אַט אַזעלכע קאָן זיין אַן אמתע חברטע און פילן אַ חברס נשמה.

דער צוג האָט פֿאַרשפּעטיקט מיט אַ האַלבער שעה. האָט ער, זלמן, דערווייל צייט געהאַט זיך אײַנגאַנצן איבערצוגעבן צו זיינע געדאַנקען, טראַכטן וועגן זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט אין דער היים, צוליב וועלכער ער האָט געמוזט עוקר זיין קיין מעקסיקע, כּדי אויסצומיידן אַ זיכערן אַרעסט.

דאָס ווייטע פייפן פֿונם אָנקומענדיקן צוג האָט אים, זלמנען, אַרויסגעשלעפּט פֿון דער געדאַנקען־וועלט אין דער ווירקלעכקייט אַריין.

דער צוג איז לאַנגזאַם צוגעקומען, זיך אָפּגעשטעלט און געגנעריען אויסשפּייען פֿון זיך אַ פֿאַרשידנפֿאַרביקע מענטשן־מאַסע.

זלמן האָט מיט אָנגעשטרענגטע אויגן גענומען זוכן אייז באַקאַנט פּינטעלע, צווישן דעם דאָזיקן גאַנצן לויפֿנדיקן אומבאַקאַנטן, מענטשן־שטראָם. אָבער ער האָט עס נישט געטראָפֿן

די אָנגעקומענע זענען אַלץ געוואָרן ווייניקער און ווייניקער, און ראָזאַן האָט ער נאָך אַלץ נישט געזען.

זלמן איז געבליבן אַן אָפּגענאַרטער און באַליידיקטער. ער האָט נישט געקאָנט פֿאַרשטיין, וואָס איז דאָ געשען. ער האָט אַרויסגענומען אַ בריוו פֿון בוזעם־קעשענע, אים פֿאַנאַנדערגעלייגט און זיך פֿאַרטיפֿט אין אים.

— זי שרייבט דאָך פֿאַרט קלאָר: „דעם 25־טן זאָלסטו מיך דער־

ווארטן ביים צוג וואס קומט אן קיין מעקסיקע, ניין מיט דרייסיק מינוט אינדערפרי, פון סאַן־אַנטאָניאָ".

און ווי ער איז אַזוי געשטאַנען פאַרטראַכט אינם בריוו, איז צו אים צוגעקומען אַ יונגערמאַן, נאָך גאָר אַ יונגיטשקער אויפן אויסזען, און געפרעגט אים:

— זייט איר זלמן רייניס?

— יאָ, איך בין עס.

— ווארט איר אוודאי אויף אייער קוזינקע, ראָזאַ פאַרפעלד פון טשיקאַגאָ, אָבער זי איז נישט געקומען, איך קום פון טשיקאַגאָ, איך הייס שלמה קערנער, קומט מיט מיר, איך וועל אייך אַלץ דערציילן.

זלמן האָט באַלד דערקענט אינם יונגנמאַנס אַרט רעדן, אין זיין דרייסטן טאָן און אין דער באַלדיקער, אַן צערעמאָנישער היימישקייט, אַז ער האָט דאָ צו טון מיט אַן אייגענעם יאַט. „זלמן האָט אַ גוטן הויש צו דערקענען מענטשן" — האָט ער אַליין געדענקט וועגן זיך.

עס איז אים, זאַלמנען, געוואָרן אַביסל ווארימער צוריקצופאָרן פון באַן מיט אַן „אייגענעם מענטשן" און מיט אומגעדולד האָט ער שוין געוואַרט צו הערן וואָס איז די סיבה, וואָס ראָזאַ איז נישט געקומען.

.2

נאָך עטלעכע טעג בלויז ווי שלומקע איז געקומען קיין מעקסיקע, איז ער, זלמן, צוגעבונדן געוואָרן צו אים מיט ליב און לעבן.

— אָט דאָס הייסט אַ חבר מיט אַן אמתער רעוואָלוציאָנערער נשמה! — האָט זלמן געטראַכט וועגן שלומקען יעדעס מאָל, נאָך אַ געשפּרעך מיט אים — ער פאַרשטייט מיך אויסגעצייכנט, אַז איך מיט מיין קאַפּיטאַל זענען מיר גאַנץ באַזונדערע צוויי. אַז איך בין איך, זלמן רייניס דער רעוואָלוציאָנער, וואָס קעמפט קעגן קאַפּיטאַליזם, פאַר אַן אַנקלאַסיקער געזעלשאַפט, פאַר אַן איינציקער פּראָלעטאַרישער מאַכט, אָבער מיין קאַפּיטאַל איז זיך אַ גאַנץ באַזונדערע קערפּערשאַפט, וואָס מוז — פאַרלויפיק — ביי דער איצטיקער, צעפוילטער, קאַפּיטאַ־ליסטישער אָרדנונג, אַרבעטן לויטן אָנגענומענעם קאַפּיטאַליסטישן סיס־טעם, לויט זיינע מעטאָדן, רעגלען און געזעצן.

און ווירקלעך האָט אים שלומקע שטענדיק צוגעבאַמקעט און צו־

געגעבן פולשטענדיקן גערעכט, זלמנען, מיט זיין טעאריע פון „איד און מיין קאפיטאל".

אמאל האט אים שלומקע נאך צוגעגעבן:

— ווי געזונט און לאגיש דו פאסט אויף, חבר זלמן, אונזער ארבעטער קאמף. שטעל דיר פאר, לאמיר זאגן, א דאקטאר האט דערפונדן א ניי מיטל צו היילן א געוויסע קראנקהייט, עס דארף אבער נעמען א צייט ביז דאס נייע מיטל וועט געהעריק און ריכטיק ארויסגעבראכט ווערן. נו, זאל דערווייל דער דאקטאר אפשטעלן זיין פראקטיק און אויפהערן צו היילן קראנקע לויטן אלטן סיסטעם? עס וואלט דאך געווען נאריש און לעבערלעך גאר אזוי צו דענקען. אדער, לאמיר זאגן, א שניידער נייט אויף אן איינפאכער פוס־מאשין, די ארבעט איז שווער — פארמאטערנדיק, און זי קאן נישט ארויסגעבן גענוג. די גאנצע שטערונג פון שניידער איז, צוצוקומען צו אן עלעקטרישער מאשין. אבער מיט זיין שטרעבן צו א נייער מאשין מאך זיך דער שניידער, פארלויפיק, נישט אפזאגן פון דער אלטער מאשין: פארקערט — ער מוז נאך מער נוצן די אלטע, כדי וואס פריער צו קאנען ציקומען צו דער נייער.

זלמן איז געווארן אנטציקט פון שלומקעס ארגומענטן און ער האט אויסגעשריגן מיט התלהבות:

— דו ביסט א חכם. שלומקע! מיט אזא חבר ווי דו, קאן מען גיין איבער פייער און וואסער, דו האסט אן אמתע רעוואלוציאנערע נשמה! וועסט נאך אמאל זיין א גרויסער רעוואלוציאנער־ער פירער!

אזוי איז שלומקע, ביסלעכווייז, געווארן זלמנס נאענטסטער און אינטימסטער פארטרויאונגס־פריינט, פאר וועמען ס'האט נישט עקזיסטירט קיין סעקרעט, נישט קיין פערזענלעכער און נישט קיין געשעפטלעכער. און אינגיכן האט שלומקע גענומען מיטארבעטן אין אלע זלמנס געשעפטן, ווי ער זאל זיין אן אמתער שותף און נאכמער אפילו — אן קיין פערזענלעכע חשבונות אין די אויסגאבן.

נאך א קורצער צייט, פון עטלעכע מאנאטן אינגאנצן, האבן אלע, וואס זענען געקומען אין געשעפטלעכע באציאונגען מיט זלמן רייניס, שוין געוווסט, אז אין אלע געשעפטלעכע ענינים איז אלץ איינס צו דערליידיקן, מיט שלמה קערנער, אזוי גוט ווי מיט זלמן רייניס.

.3

געוועז איז דאס אין א פרייטיק אינדערפרי פון מיטן זומער. ווען זלמן ריינים איז אפגעפארן אין קואוטלא, מיטן ציל צו טרעפן זיך דארט מיט „א רייכער, שיינער, געבילדעטער און אלע מעלותדיקער מיידל״, וועלכע מ׳האט אים גערעדט פאר א כלה.

א גאנצע וואך האט זיך זלמן צוגעגרייט צו דער דאזיקער רייזע: נייע אנצוגן זיך געמאכט, ספּעציעלע וועש זיך גענייט, ספּעציעלע מאַ־דערנע ווערטער און אויסדרוקן זיך איינגעחזרט, וואס מ׳דארף איז אן אינטעליגענטער געזעלשאפט באנוצן, און א גוט בריליאנטן פינגערל געקויפט, אז אין פאל ווען יא... צו האבן גרייט א רייכע מתנה, ווי עס פאסט פאר זלמן ריינים, און דאס אלץ איז געווען אויף שלומקעס קאפּ. ער האט עס באדארפט אלץ באזארגן, איינארדנען, אים אויסלערנען און צוגרייטן און זען, אז אלץ זאל זיין שיין, פיין און אין ארדנונג.

און באשטימט האט זלמן צו פארברענגען דארט, אין קואוטלא, אכט טעג, ווארן וואס איינגנטלעך האט ער זיך צו יאגן — האט זיך זלמן געטראכט — ווען די געשעפטן זענען אויף אזעלכע זיכערע און גיטע הענט, אויף שלומקעס הענט, איבערגעלאזט, מעג ער זיך פאר־גינען אפּצורוען אכט טעג, נאך אזוי פיל יארן אנגעשטרענגטער אר־בעט.

ביים אפפארן האט זיך זלמן הארציק צעקושט מיט שלומקען און מיט פריידיקע טרערן אין די אויגן געזאגט:

דו דינסט מיר, שלומקע, מער ווי א ליבלעכער ברודער. — מיין גאנצן לעבן וועל איך דיך געדענקען.

א וואונדערבארע וואקאציע האט זלמן פארבראכט אין קואוטלא:

די ערשטע טעג איז גארנישט געווען קיין גלייכן צו אים און זיין גליק. די כלה איז אים נאך מער ווי געפעלן געווארן. ער איז באלד פארליבט געווארן אין איר, מיטן גאנצן פלאם פון זיין „רעוואלוציאנע־רער נשמה״, און ער האט גארנישט באמערקט ווי די טעג לויפן פאר־ביי.

אבער אויפן פינפטן טאג האט א כמארע פארטונקלט זיין זוניק־פריידיקן הימל, מיט דעם, וואס שלומקע האט אים נאך גארנישט געשריבן.

— צי איז ער נישט אמאל מיט עפּעס באַליידיקט פֿון מיר — האָט זלמן געטראַכט — און דאָס האָט אים זייער געערגערט, און גע־שטערט, אַז ער זאָל זיין פֿולשטענדיק צופֿרידן מיט זיין גליק.

ערשט פֿרייטיק האָט זלמן דערהאַלטן אַ בריוו פֿון שלומקען. אָבער נישט פֿון מעקסיקע, נאָר פֿון לאַרעדאָ, ווו שלומקע שרייבט אים אַזוי:

„ליבער חבר זלמן, ווי דו ווייסט, בין איך דער שטאַרקסטער אָנ־הענגער פֿון דיין גלענצנדקיער טעאָריע: „איך און מיין קאַפּיטאַל": ווייל מיר זענען אמתע, ערלעכע, רעוואָלוציאָנערע קעמפֿער, ווייסן מיר, אַז „איך בין איינס און מיין קאַפּיטאַל איז צוויי". דער קאַפּי־טאַל מוז אַרבעטן לויט דעם איצטיקן צעפֿוילטן קאַפּיטאַליסטישן סיס־טעם. דעריבער ווען דו וועסט טרעפֿן אין דיין „קאַפּיטאַלס באַנס־רעכענונג" ווינציקער מיט אַכצן טויזנט פּעזעס, זאָלסטו וויסן, אַז דאָס איז געוואָרן אָפּגענומען מיט דיינע אונטערגעשריבענע טשעקן, וואָס דו האָסט מיר איבערגעלאָזט: איך האָב געהאַנדלט אין איינקלאַנג מיט דיין טעאָריע פֿון „איך און מיין קאַפּיטאַל". דער קאַפּיטאַל מוז זיך פֿירן לויט זיינע קאַפּיטאַליסטישע מעטאָדן און רעגלען, אָבער איך בין שטענדיק איך, דער רעוואָלוציאָנער שלמה קערנער, דיין שטענ־דיקער בעסטער חבר און איך האָף, אַז דו וועסט צו מיר אויך אַזוי בלייבן, ווייל מיר האָבן רעוואָלוציאָנערע נשמות, און מישן נישט צוזאַמען אונזער פּערזענלעכקייט, מיט אונזער קאַפּיטאַל, וועלכער מוז גיין מיט זיינע צעפֿוילטע קאַפּיטאַליסטישע גענג. איך בין זיכער, אַז דו, חבר זלמן, האָסט מיך ריכטיק פֿאַרשטאַנען, ווי איך האָב דיך, די גאַנצע עלף מאָנאַטן, ריכטיק פֿאַרשטאַנען. דיין חבר ש. קערנער".

# צוויי נקמות

„שלמה דאַס, דער שניידער", אַזוי האָט מען אים גערופֿן אין זיין היימיקן, ליטווישן שטעטל. דאָרט, אין יענעם פֿיר־געסלדיקן הילצער־נעם שטעטל, מיט דער אָפּגעברענטער שול אין צענטער: דאָרט, ווו אַלע שטעטלשע איינוווינער זענען ווי איין משפּחה, וואָס האָבן זיך שטענדיק פֿיינט איינער דעם צווייטן און דאָך ווייסט יעדער איינער וואָס ביים צווייטן טוט זיך מיט אַלע קליינינקייטן: דאָרט ווו יעדער מענטש איז באַטיטלט מיט אַ צונאָמען, ווער מיט אַ אייגענעם און ווער מיט אַ בירושהדיקן.

שלמהס טאַטע, ברוך משה דער שניידער, איז געקרוינט געוואָרן לדורות... מיט צונאָמען „דאַס", ווייל קיין זאַך האָט ביי אים נישט געהאַט קיין באַשטימטן נאָמען, נאָר אַלץ איז ביי אים געווען אַ „דאַס". אַזוי דערציילן חברים לציים. אַז שלמהס טאַטע האָט געוואָלט זאָגן, אַז אונטן ביים טויער האָט זיך אָפּגעבראָכן דאָס טירל, האָט ער געזאָגט: „אַז אונטן ביים דאַס, האָט זיך אָפּגעדאָסט דער דאַס". איז אים אַזוי פֿאַרבליבן אויף שטענדיק דער דאַזיקער נאָמען. און אַפֿילו זיין ווייב — שלמהס מאַמע — האָט מען אויך גערופֿן: „חיענע די דאָסיכע".

ווי לאנג שלמה איז געווען קליין האט מען אים גערופן „שלמה דעם דאסיקן שניידערס". אבער אז שלמה איז אונטערגעוואקסן, דער אלטער ברוך משה דאס איז געשטארבן, און שלמה איז געווארן א שניידער פאר זיך, האט אים דאס שטעטל — אלס אנערקענונג פאר א גרויסן — אפגעגעבן א פארזיכדיקן „דאס", און מען האט שלמהן אנגעהויבן צו רופן: „שלמה דאס, דער שניידער".

אז שלמה האט חתונה געהאט, איז זיין ווייב — ווי נאר זי איז אנגעקומען פון דער דערבייאיקער גרויסער שטאט — באלד געקרוינט געווארן אלס שרה לאה די דאסיכע.

אפילו שוין דא, אין מעקסיקע, רופן אים נאך אלע זיינע לאנדס־לייט — אונטער די אויגן, פארשטענדלעך — „שלמה דאס, דער שניי־דער"; אבער דאס איז נישט אוים געוווינהייט פון דער היים, נאר פשוט אויס קנאה: פארוואס זיי, די קנאקערס אינדערהיים, זענען דא אין מעקסיקע אויף צרות, און ער, אזא „שניידערוק", אזא „שלמה דאס", האט זיך אזוי שיין ארויפגעארבעט.

שלמה איז אין מעקסיקע נישט מער קיין שניידער, און נישט מער קיין „דאס", נאר — סעניאר סאלאמאן זאלקין, פאבריקאנט פון העמדער און אונטער־וועש.

א נידעריק איינגעדארט יידל, מיט רויטע, פארטערטע אויגן, מיט א דינע אויסגעצויגענע נאז, וואס ער האלט אין איין ווישן. און ווישן ווישט ער, מיט וואס עס קומט אונטער דער האנט: מיטן ארבל, מיט א פאפיר, מיט א נאז־טיכל, אדער מיט סתם א שמאטע; און א שטענדיק אנגעגרייטן הכנעה־שמייכל אויף די ליפן, פאר יעדן וואס רעדט מיט אים.

אט דאס איז סעניאר סאלאמאן זאלקין.

ווען שלמה דאס איז מיטן יארן צוריק אנגעקומען קיין מעקסיקע, האט ער דאן געטראפן נאר איין לאנדסמאן זיינעם, דעם אפטייקער גראיעווסקי.

דער דאזיקער גראיעווסקי איז אן אפטייקער נאך פון דער היים. דארטן האט עם געהייסן נישט נאר אן אייגנטימער פון א געשעפט, וואס פארקויפט מעדיצינישע ארטיקלען, נאר אויך — א גאנצער דאק־טאר, וועלכער דארף אליין אויסגעפינען די מחלה פונם קראנקן און

אויפן ארט טאקע, מאכן פאר אים דעם נויטיקן רעצעפט. דאס האט אויך געמיינט צו זיין דער איינציקער יידישער אינטעליגענט אינם שטעטל, צו וועמען מען קומט געוואר ווערן וועגן אלע נייעס, וואס ס'טוט זיך אין דער ברייטער וועלט, בפרט נאך ווען ער איז א „קרוב למלכות"... שפילט אין קארטן מיטן נאטשאלניק פון דער סטאציע און מיט די שרייבערס פון דער גמינע. דאס האט אים אויך פריווילעגירט צו טשעפען זיך צו די מיידלעך און ווייבלעך, וואס זענען אים געקומען אונטער דער האנט. עס האט אים אויך געגעבן רעכט צו שיטן מיט נארישע, פרעכע וויצן, צווייַדייטיקע אנעקדאטן און צו ציניש אפחוזקן פון אלץ וואס איז יידיש, וואס קיינמאל וואלט מען א געוויינלעכן, פשוטן יידן דאס נישט דערלויבט.

אט דעם דאזיקן גאנצן אינטעליגענט־באגאזש זיינעם, האט עס גראיעווסקי — צוזאמען מיט אפטייקעריי — מיט געבראכט קיין מעקסיקע.

אז שלמה דאס איז צום ערשטן מאל אריינגעקומען צו גראיעווסקין, האט אים יענער אויפגענומען מיט א ברייטן „ברוך הבא"... ווי אז אמתן לאנדסמאן:

—א, וואס מאכסטו, שלמה דאס? דו וועסט מאכן דא זייער גוט אין מעקסיקע. שניידערס דא גייען איין גאלד.

שלמה איז געבליבן א צעטומלטער, האט געוואלט אים עפעס ענטפערן, ער האט אבער נישט געוווסט ווי אזוי אנצוהויבן, און ער האט גענומען שטאמלען:

— אבער, הע — הע — הע — איך בין נישט געקומען קיין מעקסיקע צו זיין א שניידער. אויף צו זיין א שניידער האט מיר גארנישט געפעלט אין דער היים אויך. איך וואלט דא וועלן ווערן א סוחר. אי־קאן זיין דערזועלבער דאס, ווי אלע. און ציקומען צו עפעס א דאסיקן תכלית... ווען איר, פאניע גראיעווסקי, זאלט מיר וועלן טון א טובה און הע — הע — הע — אויסבארגן, אויף דער ערשטער צייט, עפעס געלט... איר קענט דאך מיך פון דער היים. איך בין נישט קיין כאפער, וואלט איך אנגעהויבן צו האנדלען, אזוי גוט ווי אלע...

— הער זיך איין, שלמה דאס, — האט גראיעווסקי אנגעהויבן מיט א כלומרשטער ערנסטקייט, אבער מיט א ציניש שמייכל, וואס ער

האט באהאלטן אונטער די גרויסע, שווארצע וואנצעס זיינע — דייז הינטן וועט אויף דיר שטארק פאריבל האבן, אזוי פיל יארן ביסטו אים אויסגעזועסן, בכבוד גדול, ביי דער שניידערשער מאשין און פלוצלונג גאר, וועסטו אים ארומשלעפן פארקויפן זאקן מיט קראוואטן. נישט פאר דיר, שלמה. איטלעכער דארף גיין צו זיינס: דער בעדער צו דער באד, דער באלעגאלע צום ראד און דער שניידער צום...

שלמה איז געבליבן ווי אן אפגעגאסענער פון דעם דאזיקן „ברוך הבא" און א דערשלאגענער, אן עלנטער און פארביטערטער איז ער אוועק פון גראיעווסקין. ער האט גוט אפגעווישט די נאז מיט בײדע ארבל, און זיך א נדר געגעבן מער זיין טריפהנעם פרצוף נישט אנצוקוקן. און „יבא יומו" האט ער זיך געמראכט, זיך אפצורעכענען מיט אט דעם כל־בוניק, דעם אפטייקער...

---

סעציליא גראיעווסקי. — א נידעריקע, דיקלעכע, שווער־באוועגלעכע פרוי, — איז דער פולשטענדיקער היפוך פון איר מאן, דעם אפטייקער, אלבערט גראיעווסקי.

עס שיינט פון איר אראפ, — סיי לויט איר אויסזען און סיי פון איר באנעמונג צו מענטשן, — א נאטירלעכע איידלקייט און אן אינערלעכע איינגעבוירענע אינטעליגענטישקייט.

א רואיקע פון נאטור און א גוטע אין כאראקטער, האט זי פאר יעדן מענטש א גוט ווארט אין א פארצווייפלטער לאגע, א טרייסט אין אן אומגליק, א מיטהילף אין א נויט און א שטענדיקע גרייטקייט פאר מיטמענטשן, אין יעדן פאל בכבודיק ארויסצוהעלפן.

זי איז דעריבער זייער געשעצט צווישן אלע לאנדסלייט, באקאנטע און פריינט. אלע האבן זי אויפריכטיק ליב און אלע וואלטן זי גערן געוואלט האבן אין זייער געזעלשאפט.

איינס נאר, וואס מאכט זי אביסל אומאנגענעם און אפשטויסנדיק — דער טרויעריקער שאטן, וואס ליגט ווי איינגעקריצט אין איר געזיכט, און וועלכער וויל קיינמאל פון איר נישט אראפ. אפילו אין די פריידיקסטע מאמענטן שלאנדערט זיך דער טרויער ארום איר. איר לאכן אפילו זעט אוים, ווי ארויסגעלאכט פון טרויער ארוים.

זי איז די צווייטע פרוי שוין ביי גראַיעווסקין, און ער אויך, איר צווייטער מאַן.

פון ערשטן מאַן האָט זי איין און איינציקע, טאָכטער און דער־פון — איר טראַגעדיע און איר טרויער: איין און איינציק קינד, וועמען זי קאָן נישט פאַרגעסן און טאָר נישט דערמאָנען. אַן איינציק קינד, וואָס ליגט טיף איינגעבאַקן אין האַרצן און אין די בלוטן, און טאָר עס אַפילו אויפן געדאַנק נישט אַרויפברענגען.

זי — איר טאָכטער — האָט זיך געשמדט און חתונה געהאַט מיט אַ גוי...

קיינער וואָגט נישט — מיט דער מינדסטער אַנדייטונג אַפילו — צו געבן איר צו פילן וועגן דעם, אָבער איר דוכט אויס, אַז יעדער פון אירע באַקאַנטע, שטעכט איר מיט מינדערוווערטיקע בליקן, איר, דער מאַמען פון איר איינציק אומגליקלעך קינד, וועמען זי קאָן נישט אויפ־הערן צו ליבן, ווי זי זאָל נישט זיין...

צו גראַיעווסקיס בן־יחיד, מישאַ, — פון זיין ערשטער פרוי, — איז זי, סעציליאַ, אַן איבערגעגעבע, געטריייע מאַמע. מישאַ אַליין גיט עס צו, און נישט איינמאָל זאָגט ער, אַז ער האָט זי אַ סך ליבער ווי דעם פּאַפּאַ; דאָך אַן אינערלעכער אינסטינקט גריזשעט איר, נישט צו וועלן זען מישקען דערפאַלגלעך... זי שפּירט עס אינסטינקטיוו, אַז כדי צו דערהאַלטן די גלייכגעוויכט צווישן איר מיטן מאַן, מוז אויך זיין מישקע זיין אַ דעפעקטירטער...

זי אַליין האָט מורא פאַרן דאָזיקן געדאַנק, זי וויל אים נישט צו־לאָזן צו זיך, אַפילו פאַר זיך אַליין נישט, אָבער — קעגן איר ווילן — קומט ער איר אָפט אויפן זינען און פּייניקט זי, מיט אַזאַ דעמאָנישן פאַרלאַנג, עפּעס ווי אַ נקמה־געפיל פאַר איר באַליידיקטער מוטער־לעכקייט...

זי וואַרפט אים אָפּ פון זיך, אָט דעם טייוולשן געדאַנק און זי מאַכט זיך זעלבסט די ערגסטע פאַרוואורפן פאַר איר געמיינהייט, צו האָבן אַזעלכע שלעכטע געדאַנקען, אָבער פונקט ווי אַן איינגעגעסענע, כראָנישע קראַנקהייט, צו וועלכער ס'איז שוין קיין שום הילף נישטאָ. אַזוי קומט איר אַן אָפּט — קעגן איר ווילן — אַזאַ ווילדער פאַרלאַנג.

פון וועלכן זי וויל זיך מיט אלע כוחות אפטרייסלען און קאן נישט...

---

עס איז זונטיק פארנאכט. די גאס האנדוראס רוט איצט אפ פון איר גאנץ־וואכעדיקן טומלדיקן געפילדער און פארהאוועטע געשרייען.

זי אטעמט איז זיך אריין אביסל מנוחה, נאך א וואך שווערע הא־רעוואניע און אימפעטיקער יאגעניש, און זי גרייט זיך אן מיט פרישע כוחות פאר דער נייער, אנקומענדיקער וואך.

אלע גייען איצט — לויטן ריטם פון זונטיקדיקייט, וואס הערשט איבער דער גאס — מיט רואיקע, געלאסענע מנוחה־טריט: נישט גע־לאפן, נאר בנעימותדיק געשפאצירט, אז קיין שאטן פון וואכעדיקייט. „ס'איז זונטיק פארנאכט", רעדט עס אראפ פון יעדן איינעם פון די דורכשפאצירנדיקע.

מיט אמאל באווייזן זיך אויף דער גאס מערערע גרופעס מענטשן. מענער און פרויען, טייל צופוס געקומען און טייל — מיט אויטאמא־בילן צוגעפארענע. אלע — אין פריילעכער, פייערלעכער שטימונג, און אין יום־טובדיקער אויסגעפוצטקייט. מ'רעדט, מ'טומלט, אלע אינאיי־נעם און יעדער באזונדער, אבער דאס טומלען איז אויך א יום־טובדיקס, וואס הארמאנירט גאנץ גוט מיט דער ארומיקער, גאסיקער מנוחהדי־קייט. ביז אט די אלע מענטשן ווערן פארשווינדן אין איין טויער פון די דארטיקע הייזער, אינם טויער ווו ס'וווינט דער פאבריקאנט פון העמדער און אונטער־וועש, סאלאמאן זאלקין.

ביי זאלקינען איז עס היינט א שמחה, גאר א גרויסארטיקע שמחה — תנאים ביי זיין עלטסטער טאכטער.

ס'זענען פארזאמלט אלע לאנדסלייט (כמעט דאס גאנצע שטעטל געפינט זיך שוין אין מעקסיקע) מיט די ווייבער און קינדער.

התן־כלה זיצן אויבן־אן צעשטראלטע פון גליק, — די גליקלעכ־סטע אין דער וועלט: נאך אזא שווערן קאמף, נאך אזוי פיל ליידן און יסורים, האבן זיי דאך זייערס דערגרייכט, און דאס גליק פון דער דער־גרייכטער אמביציע איז ביי זיי איצט נאך שטארקער, ווי דאס גליק פון ליבע.

נעבן זיי זיצט דער מחותן, דעם חתנס פאטער, אלבערט גראיעווו־סקי, דער אפטייקער, ער זיצט אזן אנגעכמורעטער און א שווייגנדיקער.

ווי אַ באַזיגטער לייב אין אַ שטייג, אַזוי פילט ער זיך דאַ אויף זיין אייגענער שמחה...

כאַטש ער טרינקט מיט יעדן „לחיים" און מ׳ווינטשט זיך גליק. אָבער ס׳איז גוט אָנזעענדיק די אָנגעשטרענגטע געמאַכטקייט זיינע און די נישט־נאַטירלעכע מכלומרשטע צופרידנקייט זיינע: עס שלאָגט אַרויס פון זיינע אויגן דער באַהאַלטענער כעס, וועלכן ער באַמיט זיך צו באַהערשן, ער ברענט מיט רציחה, פאַרוואָס ער מוז דאַ פיגורירן אַלס דער מחותן פון שלמה דאַס, דעם שניידער; ער, גראַיעווסקי, דער אינטעליגענט, אַ מחותן מיט שלמה דאַס — אונטערגעהאַקטער שטאַלץ... און ער טראַכט זיך: אַלץ דורך קינדער, דורך קינדער ווערט מען דערהויבן און דורך קינדער ווערט מען דערנידעריקט.

דערפאַר אָבער, די פרוי גראַיעווסקי, די מחותנתטע, זיצט גאָר אַז אויפגעלעבטע. די לאַנדסלייט האָבן זי נאָך קיינמאָל אַזוי נישט געזען. ס׳איז כמעט פאַרשוווּנדן געוואָרן דער שטענדיקער טרויעריקער שאָטן. וואָס רוט אייביק אויף איר געזיכט.

דאָס באַהאַלטענע געפיל פון נקמה־באַפרידיקונג, האָט זיך, קעגן איר ווילן, אַרויסגעריסן אויבן־אויף און שיינט אַראָפּ פון איר גאַנץ וועזן. צווישן די לאַנדסלייט אָבער ווערט עס פאַרשטאַנען, אַלס ער־לעכע מוטערלעכע געטריישאַפט צו איר שטיף־קינד, דעריבער פריידט זי זיך מיט אין זיין שמחה.

און דער מחותן, סאַלאָמאָן זאַלקין, לויפט אַרום אַ פאַרפאַרעטער־אַ פאַרסאַפּעטער און פאַריאַכמעטער. ער ווייסט נישט וואָס פריער צו טון מיט די געסט. גיט ער, פאַר שמחה, אַלע מאָל אַ וויש די נאָז מיטן אַרבל און טרינקט צו גראַיעווסקין מיט אַ ברייטן: „לחיים מחותן!". יעדער „לחיים מחותן!" שניידט גראַיעווסקין ווי מיט מעסערס. זאָל־קין זעט עס גוט, און ווי אויף צולהכעיס, נאָכאַמאָל: „לחיים מחותן!", און אין האַרצן טראַכט ער זיך:

— דערלעבט אַ נקמה!...

# פרײ אָפּגעאָטעמט

גארניק איז ארײן אין װארטע־זאל פון דאקטאר מארלעי און ער האט זיך דערפילט אומבאקװעם. דער װארטע־זאל איז געװען פול מיט פרויען־פאציענטן, װעלכע האבן געפירט צװישן זיך א געמײנזאמען שמועס װעגן מאדעס, שנײדערקעס און קלײדער. גארניקס שװעסטער, װעמען ער האט געבראכט אויף א װיזיט צום דאקטאר, איז באלד ארײן, װי אן אײגענע, אינם אלגעמײנעם װײבערשן געשפרעך און ער, גארניק, איז געבליבן אײנער אלײן, אן איבעריקער, װי א פארבלאנגדזשעטער אויף א פרעמדער שמחה.

פון לאנגװײליקײט האט ער גענומען באקוקן די בילדער, װאס זענען צעהאנגען אויף די װענט: דעם דאקטארס צװײ דיפלאמען, אײנער אויף אונגאריש און דער צװײטער אויף שפאניש, בײדע ארײנגעפאסט אין שײנע געגילדעטע ראמען; בילדער פון דאקטוירים בײ אפעראציע־טישן; בילדער פון מענטשלעכע סקעלעטן; בילדער װאס װײזן װי דער דאקטאר ראנגלט זיך מיטן מלאך המות איבער א קראנקן, װעמען דער דאקטאר װיל ארױסרײסן פון זײנע נעגל.

פון אנפאנג האבן גארניקן די בילדער פאראינטערעסירט און ער

האט זיך אין זיין ערנסט אריינגעטראכט. אבער באלד האט עס אים גענומען לאנגווייליקן. ער האט אנגעהויבן זוכן אינם ארום עפעס, וואס זאל לוינען צו ליגן אויפמערקזאמקייט כדי צו פארטרייבן די לאנגווייליקייט אט דא, אינם דאקטארס ווארטע־זאל.

אינם דאזיקן מאמענט האבן זיך זיינע אויגן אנגעשטויסן אן דער קראנקן־שוועסטער, וואס איז געזעסן אינם פאדערשטן צימער ביי א טישל, פארטיפט אין א בוך.

די קראנקן־שוועסטער מאטילדע — א יונג מיידל פון א יאר עטלעכע און צוואנציק: א שיינע, בראנעטע מעקסיקאנעריןן, מיט א לענגלעך, פול און מאט געזיכט: מיט גרויסע, קלוגע, ברוינע אויגן: מיט א ליבן קינדערשן שמייכל אויף די ליפן און מיט א חנעוודיקער רואיקייט איבער איר גאנץ וועזן אויסגעגאסן, — האט אינם בלאנקענדיק־ווייסן פארטוך אויסגעזען מאיעסטעטיש.

גארניק האט זיך אליין פארוואונדערט: פארוואס ער האט זיך אריינגעטראכט אין אזעלכע נארישע בילדער אויף די ווענט און גארנישט באמערקט פריער אזא שיין, ליכטיק און לעבעדיק בילד.

גארניק איז צוגעגאנגען צו דער קראנקן־שוועסטער, געפרעגט וואס פאר א בוך זי לייענט. מאטילדע האט אים געוויזן דאס בוך און דערווייל האבן ביידע, שארף דורכדרינגלעך זיך אנגעקוקט און ביידע האבן שעמעוודיק געשמייכלט.

עס איז אוועק א שמועס וועגן ביכער און שרייבער און גלייכצייטיק האט זיך ביי ביידע געוויקלט א נישט גערעדטער שמועס, פאראלעל מיטן גערעדטן, וועגן ביכער.

איבערגעריסן דעם שמועס האט א קלונג פון א גלעקל — א רוף פונם דאקטאר, ווען גארניק האט עס גארנישט געקאנט מוחל זיין. מאטילדע איז אוועק און ער איז געבליבן ווי אויף א באזסטאציע נאכן אפגיין פון צוג, אליין, מיט נערוועישן נאכדענקען.

פון יענעם טאג אן האט גארניק גענומען זיך פילן קראנק. עס האט אים אויסגעדוכט, אז ער ליידט אויף רעוומאטיזם און עס איז אים אויסגעקומען אפט צו ווארטן ביי דאקטאר מארלעי אינם פאדערשטן צימער, פארן ווארטע־זאל.

יעדעס מאל, ווען גארניק איז געקומען צום דאקטאר, האט ער

מיטגעבראַכט אַ נײַ בוך פאַר מאַטילדען, און ער האָט ארויסגעלײענט פון אירע אויגן, אַז מער ווי זי איז צופרידן פונם בוך, איז זי צופרידן פון דעם, וואָס ער האָט עס איר געבראַכט.

אין גאַרניקס אויגן איז מאַטילדע אויפגעוואַקסן צו עפּעס אויסער־געוויינלעכס. ער האָט אין איר געזען די פאַרקערפּערונג פון אמתער פאָלקסמענטשלעכקייט אין יעדן זין: אין שיינקייט, אין קלוגשאַפט, אין איידל־קייט און אין גוטסקייט. ער האָט זיך געפילט דערהויבן אינם מאָמענט, ווען ער האָט געהאַט די געלעגנהייט צו זיין אין איר קעגנוואַרט. ער איז געווען זיכער, אַז אַדאַנק מאַטילדען וואַקסט זיין נשמה און גיט אים אַ נײַעם אינהאַלט אין זיין לעבן.

מאַטילדע — ווירקלעך אַ קלוגע — האָט עס אַלץ גוט באַאָבאַכ־טעט און איז געווען פון דעם אי צופרידן, אי אומצופרידן.

איינמאָל, ווען גאַרניק איז געקומען צום דאָקטאָר, האָט ער באַלד ביים איבערטרעטן די שוועל פונם פאָדערשטן צימער, אַ פאַרשעמטער זיך גענומען רויטלען, ווי אַ קינד, וואָס ווייסט, אַז עס האָט אָפּגעטון אַ נאַרישקייט. צווישן די פינגער האָט ער נערוועיש געדרייטאַ קליינ־טשיק פּאַרפּאַקט פּעקעלע און נישט געוווּסט וואָס צו טון מיט דעם. ער האָט אַ ווײַלע אָנגעקוקט מאַטילדען שווייגנדיק, ווי ער זאָל מיט די אויגן פרעגן ביי איר אַן עצה, וואָס צו טון אין אַזאַ פאַרלעגנהייט. מיטאַמאָל האָט ער דערלאַנגט דאָס פּעקעלע מאַטילדען און אַ זאָג געטון:

— דאָס איז פאַר דיר, מאַטילדע, — דערביי שאַרף באַטאָנט דאָס וואָרט „דיר".

גאַנץ רואיק און מיט אַ וואַרעמען דאַנק האָט מאַטילדע צוגענו־מען ביי גאַרניקן דאָס פּעקעלע, דערביי אים אָנגעקוקט מיט פאַרוווּנ־דערונג: ביידע, סיי דער „דיר" און סיי די מתנה — אויסער אַ בוך — זענען פאַר איר געווען איבערראַשונגען. די אויגן האָבן זיך איר צע־בליאַסקעט פון צופרידנקייט.

גאַרניק האָט עס גוט באַמערקט. דאָס האָט אים געמוטיקט, צו־געגעבן דרייסטקייט און ער האָט געזאָגט:

— דו ווייסט, מאַטילדע, איך האָב מורא, אַז דער דאָקטאָר מאָר־

לעי וועט שוין מיר נישט אויסקורירן, מיין קראנקהייט קאגסטו נאר אליין אויסהיילן.

— איך? -- האט מאטילדע געפרעגט מיט געמאכטע פארוווּנדע־רונג און דערביי שטארק רויט געווארן — איך ביז דער א דאקטאר?

ווי נישט הערנדיק מאטילדעס ווערטער, האט גארניק פלוצלונג זיך אנגערופן:

— מאטילדע, איך האב דיך ליב!

נישט ווי איר געוווינהייט, האט מאטילדע פארצויגן אן ערנסט־קייט איבערן געזיכט און שטערנג אנגעקוקט גארניקן גלייך אין די אויגן. ער האט זיך נישט געקאנט אריענטירן, וואס דאס זאל באדייטן: צי פארוווּרף, צי איבערראשונג, אדערביידע נישט. אים האט אויס־געוויזן, אז אין אירע אויגן האבן זיך געשטעלט טרערן.

מיטאמאל, ווי א רים ארויס זיך געגעבן פון עפעס, איז מאטילדע אנטלאפן, אריין צום דאקטאר, כאטש דער דאקטאר האט זי נישט גערופן. אויפן וועג, לויפנדיק, האט זי א ווארף געטון די ווערטער:

— מיר וועלן נאך רעדן!

---

אין צעפייניקטע נעכט פון נשמה־ליידן און שלאפלאזיקייט, איז גארניק געלאפן הין און צוריק איבער זיין צימער און געפירט מלחמה מיט זיך אליין:

— צי קען דען נאך זיין א גרעסער גליק פאר א מאן, ווי צו האבן אזא מאטילדען אלס לעבנס־באגלייטערין?

אינדעם האט ער דערפילט ווי א שטאך מיט א שפיז אין מוח:

— אבער מאטילדע איז דאך נישט קיין יידישע!...

ער פאלט אוועק אויפן בעטל, גראבט איין דעם קאפ אין קישן און צעוויינט זיך ווי א קינד. אויסגעוויינט, פילט ער זיך אביסל בא־רואיקטער, ער נעמט מאטילדעס בילד, טראכט זיך אריין אין יעדן שטריך פון איר געזיכט און ער שרייט אויס היסטעריש:

— איז דען פאראן אין דער וועלט אזא ליבע נשמה, אזא צארט וועזן, ווי דאס דאזיקע מיידל?

פלוצלונג הערט ער ווי עס שרייט אים איינער אריין אין אויער מיט א גוואלט:

— זי איז נישט פאר דיר. זי איז א פרעמדע וועלט פאר דיר! פרעמד! פרעמד!

ווי א וואנזיניקער עסט ער זיך איין מיט די אויגן אין מאטילדעס בילד. מאטילדעס אויגן שמייכלען צו אים, אירע ליפן ציען זיך צו אים און זי זאגט:

— וואס ליגסטו דא, דאוויד, אן איינזאמער אינם דאזיקן שטיקנ־דיקן צימער? קום צו מיר, דאוויד, איך האב פאר דיר אזוי פיל הארץ, נשמה און לעבן, אזופיל פרייד און געניס. אייביק וועלן מיר זיך טיילן און מיר וועלן גליקלעך זיין.

ער מאכט צו די אויגן. דערזעט ער ווי זיין גוטע מאמע שטייט נעבן אים א געבויגענע, א פארטרויערטע און באצערטע און זי וויינט:

— דו ווילסט, מיין קינד, זיך פארבינדן מיט א גויע! שלאג זיך עס בעסער ארויס פון קאפ, ווי לאנג עס איז נאך צייט. דו קאנסט קיינמאל נישט זיין מיט איר גליקלעך. פארוואס זאלסטו זי אפנארן, האסט דאך זי ליב, זאגסטו!

ער עפנט אויף די אויגן און פאלט צו מיט הייסע ליפן צו מאטיל־דעס בילד.

— אבער מאטילדע, מיינע, איך ליב דיך מיט יעדן טראפן בלוט וואס איך פארמאג נאר!

אן אויסגעמאטערטער, א מידער פאלט ער אוועק אויפן בעטל און ווערט האסטיק אנטשלאפן.

אין א קאשמאר און פלאנטער פון חלומות, זעט גארניק זיך שטיין צוזאמען מיט מאטילדען אויף א דאך פון א הויך הויז. זיי שטייען ארומגענומען, איינגעפרעסט איינער אין צווייטן מיט א לאנגן קוש. אינדעם קומט אן איר פאטער, — א הויכער, א ברייט־פלייציקער, מיט שווארצע וואנסעס און גזלנישע אויגן. ער גיט א ווילדן געשריי:

— וואס האסטו זיך צוגעזעצט צו מיין טאכטער, דו יידאטש איינער!

דערביי פארפארט ער גארניקן מיט א פויסט צווישן די אויגן. גארניק דרייט זיך איבער און פאלט אראפ פון הויכן דאך.

פון שטארקן קלאפ האט זיך גארניק אויפגעכאפט. פון דרויסן האט

שוין גרויסער טאג אריינגעקוקט, אבער גארניק קאן דעם קאפ נישט אויפהויבן, ווי ביי א שיכורן פאלט אים דער קאפ צוריק אויפן קישן.

---

אין א הייםן זונטיק איז עס געשען. אין א שטילן טאל, צווישן בערג, אויפן פעלד ביים טייכל, זענען זיי ביידע געזעסן, גארניק און מאטילדע, ארומגענומען, צוגעטוליעט איינער צום צווייטן. זיי האבן געהאלטן די בארוועסע פיס אין וואסער און איינגעקוקט זיך אינם וואסער־שפיגל, ווי זיי וואלטן וועלן פון דארטן ארויסזען די אפשפיגלונג פון זייער געמיינזאמען ליבע־געפיל, וואס האט מיט אזא וואַרימקייט ועשלאגן פון ביידנס הערצער גלייך.

פלוצלונג רופט זיך אן מאטילדע:

— דו ווייסט, דאווידל, איך האב א חתן.

גארניק איז געבליבן זיצן די ערשטע רגע ווי א פארגליווערטער. ער האט זי ארויסגעלאזט פון זיינע הענט, געעפנט דאס מויל און אייסגעגלאצט די אויגן, ווי א תם. ווי אן אראפגעפאלענער פון עפעס א פרעמדער וועלט. באלד איז ער געקומען צו זיך, א קוק געגעבן אויף מאטילדען מיט א מאדנער אומרואיקייט, ווי א פארמשפטער, וואס ווארט אויף דעם געריכט־אורטייל. און ער האט געפרעגט:

— וואס האסטו געזאגט?

מאטילדע האט זיך צעוויינט.

דאס ערשטע מאל, אז גארניק זעט מאטילדען וויינען. ער האט עס נישט געקאנט איבערטראגן. ער האט צוגעדריקט איר קאפ צו זיין ברוסט, מיט הייסע קושן אויסגעווישט איר די אויגן און ער האט דערפילט, אז ער געהערט מיט נשמה און לעבן בלויז נאר צו אט דעם מיידל, וואס טוליעט זיך אין זיינע ארעמס, און ער האט זיך אליין גענומען ווישן די אויגן.

— ווער זשע איז דיין חתן?

— ער איז נישטא הי, ער ארבעט אויף א רעגירונג־פאסטן אין מאנטעריי. — און זי האט זיך ווידער צעכליפעט.

און אז זי האט זיך אביסל בארואיקט, האט זי צוגעגעבן:

— מיינע עלטערן ווילן דווקא, אַז איך זאָל מיט אים חתונה האָבן.

— און דו וועסט מיט אים חתונה האָבן?

זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און שטיל געענטפערט:

— יאָ.

זי איז צוגעפאַלן צו זיינע ליפּן, זיך איינגעגעסן אין זיי, אויף נישט אָפּצורייסן זיך, און שטיל, קוים שעפּטשענדיק, האָט זי — ווי בעטנדיק זיך — געפרעגט:

— דאַוויד, ווילסט בלייבן מיין געליבטער? אויף אייביק מיין געליבטער?

אַנשטאָט אַן ענטפער האָט גאָרניק זי שטאַרק געדריקט צו זיך...

אין זעלביקן אָוונט איז גאָרניק געלעגן אַ רואיקער אויסגעצויגן אויפן בעטל, געקוקט אויף מאַטילדעס בילד און ערשט איצט האָט ער דערפילט, ווי אַ שווערע לאַסט איז אים אַראָפּ פון האַרצן. און ער האָט פריי אָפּגעאָטעמט...

## צוליב אַ קלייניקייט

אַ פֿאַרנאַכט פֿון מיטן זומער איז דאָס געווען.

נאָך אַ ברענענדיקן מעקסיקאַנער טאָג האָט, מיטן פֿאַרנאַכט, אַלץ פֿרייער אָפּגעאָטעמט און אַ פֿרישקייט איז זיך אַריינגעצויגן. מענטשן האָבן אַ גאַנצן טאָג זיך געשראָקן פֿאַר דער גליענדיקער לופֿט אין דרויסן און פֿון איר זיך אויסבאַהאַלטן. מיטן פֿאַרנאַכט האָבן זיי מאַסנווייז אָנגעהויבן אַרויסצוקומען און די גאַסן זענען פֿון זיי איבערגעפּאַקט געוואָרן.

אין אַ ווינקל פֿון צוויי גרויסע גאַסן איז געשטאַנען אַ נידעריקער יונגערמאַן, אַ דיקלעכער, און האָט געוואַרט אויף אַ טראַמוויי „טאַקובאַ".

די שטראָמיקע מענטשן־כוואַליע האָט אים געשטופּט און נישט געלאָזט איינשטיין. דאָס האָט אים אַרויסגעבראַכט פֿון געדולד און נערוועז געמאַכט. אויף זיין פּנים האָט זיך אַלעמאָל באַוויזן אַ גרימאַסע פֿון אומצופֿרידנקייט, פֿאַרוואָס דער טראַמוויי איז נאָך נישטאָ.

דערווייל זענען אַנדערע טראַמווייען פֿאַרבייגעגאַנגען און נאָך יעדן טראַמוויי איז ער, דער יונגערמאַן, געבליבן אַן אָפּגענאַרטער.

פאר פארדרוס האט ער זיך א דריי אויס געגעבן צו דעם גרויסן שויפענסטער פונם צירונג־און זייגער־געשעפט, וואס האט זיך געפונען אין יענעם גאסן־ווינקל.

ער האט געקוקט אין פענסטער, אבער אין דער אמתן האט ער דארט גארנישט געזען; דער אומגעדולד האט אים אזוי געבלענדט די אויגן, אז זיי האבן קיין זאך נישט אויפגעכאפט, אפילו די זאכן, אויף וועלכע זיי האבן מכלומרשט געקוקט.

פון איינעם פון די דורכגייענדיקע טראמווייען, אין יענעם גאסן־ווינקל, איז ארויס א מיידל, ווי פון א יאר עטלעכע און צוואנציק. א שלאנקע בראנעטקע, מיט א שמאל און לענגלעך געזיכט; מיט ליכטיקע טיף־שווארצע אויגן און קורץ־געשוירענע, שווארצע, געקרויזלטע האר. אויף איר גאנץ וועזן איז געווען אויסגעגאסן אזא חנעוודיקע פראסטקייט און מילדע נאטור־פרישקייט, וואס האט נישט נאר געצויגן יעדנס אויפמערקזאמקייט, נאר אויך יעדנס ווילן, אריינצוזאפן אין זיך אט די מיידלשע פרישקייט.

דער יונגערמאן, וואס איז געשטאנען און געווארט אויף א טראמוויי „טאקובא", האט זי גלייכגילטיק פארבייגעלאזט און אפשר זי גארנישט געזען, פונקט ווי ער האט נישט געזען די איבעריקע מענטשן, וואס זענען פון יענעם טראמוויי ארויס. האבן אבער די צוויי שווארצע שארפע אויגן פון דעם מיידל אזוי שטעכעדיק זיך איינגעגעסן אין אים, אז ער האט זיך ווי פון הינערפלעט אויפגעכאפט. ער האט א ציטער געטון פון דערשטוינונג און אויפגעריסן די אויגן פון פארוווּנדערונג.

ביידע האבן זיך דערזען פון דער נאענט און זי האט די ערשטע א היסטערישן געשריי געגעבן:

— ליפשיץ!

— רחל! איר אין מעקסיקע? פון ווען? ווי אזוי?

און ער האט איר, פון פלוצלונגער איבעראשונג, אנגעכאפט פארביידע הענט.

מער האבן ביידע, די ערשטע מינוט, קיין ווארט נישט געקאנט ארויסברענגען.

נאכן ערשטן איבעראשנדיקן מאמענט פונם אומגעריכטן טרעפן

זיך, זענען זיי צוזאַמען אַוועק צו אַ זייטיקער גאַס צו, און ליפשיץ האָט פאַרגעזעצט זיינע פאַרוואונדערנדיקע און נייגעריקע פראַגעס:

— וואָס איז, זענט איר דען נישט געפאָרן דעמאָלט צוזאַמען מיט אייער ברודער און מיט דער קבוצה „אחוה" קיין ארץ ישראל?

— יאָ, מיר זענען געפאָרן. — האָט רחל געענטפערט קורץ און מיט איינגעהאַלטנקייט, ווי וועגן אַ זאַך, איבער וועלכער מ'וויל אויסמיידן צו רעדן. — מיר זענען געווען אין ארץ־ישראל, מיין ברודער האָט דאָרט חתונה געהאַט און אַ יאָר שפּעטער זענען מיר צוריק אַהיים געפאָרן, שוין אין דרייען.

— און די קבוצה „אחוה" ווו געפינט זיך? — האָט ליפשיץ געשלונגען מיט געשפּאַנטער נייגעריקייט אַלץ, וואָס ער האָט זיך געקאָנט דערוויסן וועגן זיינע געוועזענע חברים. — זענען זיי געבליבן אין ארץ־ישראל אַלס אַ באַזונדערע קבוצה, אויף די זעלביקע יסודות, וואָס אין פראַנקרייך, אָדער אויף אַנדערע באַדינגונגען?

— דער גרעסטער טייל פון זיי איז אַריין אין „גדוד עבודה": בלויז חייקין, קרינסקי און נאָך עטלעכע, זענען אַוועק אין פאַרשידענע אַנדערע קבוצות.

און נאָך אַ ווײַלע שווייגן, האָט זי באַמערקט:

— איר און פרענקל האָבן געטון ווי חכמים, וואָס איר זענט דעמאָלט אַוועק קיין מעקסיקע. איצט זענען אייך אַלע מקנא.

זי האָט זיך פאַרטראַכט און באַלד צוגעגעבן:

— פונדעסטוועגן וואָלט איך געוואָלט צוריקפאָרן קיין ארץ־ישראל...

— דאָס פאַרשטיי איך שוין נישט. — האָט ליפשיץ פאַרוואונדערט געפרעגט. — אויב זיי דאָרט זענען אונדז מקנא, פאַרוואָס זשע וואָלט איר געוואָלט צוריקפאָרן אַהין?

— אָט דאָס — האָט רחל געענטפערט מיט אַ זיפץ — קאָן נישט פאַרשטיין קיינער, וואָס איז נישט געווען אין ארץ־ישראל.

— אָבער ווי אַזוי קומט איר קיין מעקסיקע? — האָט ליפשיץ געפרעגט.

— וואָס הייסט ווי אַזוי, גאַנץ פּשוט, מיט אַ שיף איבערן וואַסער.

— ניין, אַ חכמות, כ׳מיין ערנסט. — ווען זענט איר געקומען? מיט וועמען? צו וועמען?

— ס׳איז אַ גאַנצע געשיכטע און אַ טראַגישע. אָבער מיר וועלן נאָך רעדן וועגן דעם.

ליפשיץ האָט באַמערקט, אַז זי מיידט אויס צו געבן אַ קלאָרן ענטפער, האָט ער איר מער נישט געפרעגט וועגן דעם.

דערווייל זענען זיי צוגעקומען צום „אַלאַמעדאַ״, נעבן גרויסן נאַ־ציאָנאַלן טעאַטער. זיי האָבן זיך אָוועקגעזעצט אויף אַ באַנק און רחל האָט די ערשטע איבערגעריסן דאָס אומאַנגענעמע שווייגן:

— זייער גוט, ליפשיץ, וואָס כ׳האָב זיך דאָ באַגעגנט מיט אייך. — האָט רחל אַרויסגעזאָגט די ווערטער מיט אַ טאָן, אַ שטיי־גער ווי זי זאָל וועלן אַראָפּוואַרפן אַ משא, וואָס האָט איר אַזוי שווער געפּרעסט אויפן האַרצן. — כ׳בין דאָ אַזוי איינזאַם, שרעקלעך איינ־זאַם... כאָטש איך האָב דאָ אַ סך פריינט און באַקאַנטע, דאַכט זיך מיר, איך דערשטיקט פון איינזאַמקייט. איר האָט מיר געפרעגט, נאָכוואָס איך בין געקומען קיין מעקסיקע, — וועל איך אייך דערציילן די גאַנ־צע געשיכטע:

ביי אונז אין דער היים, אין וולאָצלאַוועק, האָט געוווינט מיט יאָרן צוריק אַ בחור, זלמן שימין, זייער אַ אינטעליגענטער בחור: ער איז געווען דאָרט בוכהאַלטער אין דער יידישער לייַ־קאַסע. ער פלעגט אָפט אַריינקומען צו אונז אין שטוב. מיט מיין ברודער איז ער געווען גוט באַפריינדעט און מיינע עלטערן האָבן אים זייער ליב געהאַט. היינט איז ער אין מעקסיקע. ער דאַרף שוין דאָ זיין מער פון צען יאָר. איך בין נאָך געווען כמעט אַ קינד, ווען ער איז פון אונז אַוועק־געפאָרן.

— זלמן שימין? — האָט ליפשיץ איר איבערגעפרעגט — דאָ אין מעקסיקע, שוין מער ווי צען יאָר? — מיר איז אומבאַקאַנט אַזאַ נאָמען. איך קען כמעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אין מעקסיקע און איך ווייס נישט פון אַזעלכן.

— ער איז נישטאָ אין מעקסיקע־שטאָט; ער וווינט די גאַנצע צייט אין סאַן פעדראָ קאָאַהילאַ. האָט דאָרט אַ גרויס געשעפט: ער האָט אויך פּלאַנטאַציעס פון בוימוואָל און ער איז זייער רייך. אַ לאַנ־

גע צייט האָט ער צו אונז גאָרנישט געשריבן. און מיטאַמאָל, נאָכדעם ווי מיר — איך מיט מיין ברודער און שוועגערין — זענען צוריקגעקומען פון ארץ־ישראל, האָבן מיר דערהאַלטן פון אים אַ בריוו. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאָרעספּאָנדענץ צווישן אים מיט מיין ברודער, מיט די עלטערן און באַזונדער מיט מיר. ביז — וואָס זאָל איך אייך מאַרך זיין, כ׳האָב באַקומען פון אים אַרויספאָדערונגס־פּאַפּירן און צו אים בין איך עס געפאָרן קיין מעקסיקע.

זי האָט זיך אָפּגעשעלט, אָפּגעצויגן דעם אָטעם, ווי אַ מענטש, וואָס וואַרפט אַראָפּ פון זיך אַ שווערע משא, וואָס ער האָט אַ לאַנגן וועג מיט מאַטערניש געשלעפּט, און זי האָט פאַרגעזעצט:

— די שיף איז אָנגעקומען קיין וועראַקרוז. צו יעדן איינעם זענען אַרויסגעקומען פריינט, קרובים אָדער באַקאַנטע, אויף אַראָפּצונעמען פון שיף. איך האָב געזוכט אָט דעם זלמן שימין, לויט ווי איך האָב אים געהאַט אין מיין זכרון פון מיין קינדהייט, אָט דעם יונגן, אינטעליגענטן בחור, וואָס האָט מיך באַדאַרפט אַראָפּנעמען פון שיף אַלס כלה. איך האָב געזוכט צווישן די אַלע מענטשן, וואָס זענען צו דער שיף אַרויסגעקומען; אָבער אומזיסט: איך האָב אים ערגעץ נישט געזען. איך האָב שוין אָנגעהויבן צו ווערן פאַרצווייפלט און פאַרשידענע טרויעריקע געדאַנקען האָבן גענומען קריכן אין קאָפּ אַריין. פּלוצלונג — עס וואַקסט אויס נעבן מיר אַ מאַן, ווי פון עלטער און פערציק יאָר מיט אַ מגושמדיק, קלייענדיק, דאַרביש פּנים: מיט קליינע, וואַסערדיקע אייגעלעך און אַ גראָבער, רויטער נאָז, ווי ביי אַ שיכור. עס איז מיר אפילו נישט איינגעפאַלן, אַז דאָס זאָל זיין אַ ייד. ער נעמט אַרויס מיינע אַ פאָטאָגראַפיע פון קעשענע און פרעגט מיך, צי איך בין עס פריילין רחל זאַיאַנץ, פון וולאָצלאַוועק. איך, אַ פאַרציטערטע און דערשראָקענע, האָב געענטפערט: „יאָ, דאָס בין איך. וואָס דאַרפט איר?!“. שטעלט ער זיך מיר פאָר: „איך בין דיין חתן, זלמן שימין“. — איך קאָן זיך נישט דערמאָנען גענוי וואָס איז מיט מיר אין יענעם מאָמענט פאָרגעקומען: איך האָב געמיינט, אַז דער הימל איז אויף מיין קאָפּ אַראָפּגעפאַלן, און איך מיט דער גאַנצער וועלט זינק אין אָפּגרונט. אַז איך האָב אויפגעעפנט די אויגן, האָב איך זיך געפונען אויף אַ בעטל אין שיף־שפּיטאָל. נעבן מיר, פון איין זייט, איז געשטאַנען דער דאָק־

טאר אין אַ ווייס פּאַרטוך און געהאַלטן מיך ביים דופק און אין דער צווייטער זייט — ווידער אַמ דער נפש מיט דער נאָז. דערווייל זענען אַלע פּאַסאַזשירן שוין געהאַט אַראָפּ פון שיף, נאָר מיך אַליין האָט מען פאַרהאַלטן, ביז איך וועל זיך נישט פאַרשרייבן מיט אַט ד'עם פּאַרשוין, אַלס מאַן און ווייב. אין יענעם טרויעריקן מאָמענט האָב איך גאָרנישט אויפגעכאַפּט די שרעקלעכע פאָלגן, וואָס אַזאַ פאַרשרייבן זיך וועט פאַר מיר האָבן; איך האָב געמיינט, אַז עס איז בלויז אַ פאָרמאַליטעט אַזאַ אויסצופילן, כדי צו קאָנען אַראָפּגיין פון שיף און איך האָב די דאָזיקע פאָרמאַליטעט אויסגעפילט.

רחל איז אַנטשוויגן געוואָרן און אַ טרויער האָט זיך פאַרצויגן איבער איר געזיכט. עס איז איר פלוצלונג איינגעפאַלן אַ צווייפל־געדאַנק: — צי האָט זי באַדאַרפט איצט, ביים ערשטן טרעפן זיך מיט ליפשיצן, אים באַלד אַלץ דערציילן.

ליפשיץ האָט אָבער געברענט פון נייגעריקייט צו וויסן, וואָס איז געוואָרן מיט רחלען. און נישט דערוואַרטנדיק זיך אויפן ווייטער־דיקן דערציילן, האָט ער געפרעגט:

— וואָס זשע איז געוואָרן דער סוף?

רחל האָט זיך געמאַכט ווי נישט הערנדיק זיין פראַגע, און זי האָט זיך געווענדעט צו אים:

— ווו זשע איז ערגעץ פרענקל? איר זענט דאָך דעמאָלט צוזאַמען געפאָרן קיין מעקסיקע.

ליפשיצן האָט נישט געפאַסט נאָכאַמאָל איבערצופרעגן זיין פריערדיקע פראַגע. האָט ער געמוזט דערשטיקן אין זיך די נייגעריקייט און ער האָט געענטפערט:

מיט אונז איז געוועזן אַזאַ געשיכטע:

ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין מעקסיקע, איז פונקט געווען אַן אויפשטאַנד אין וועראַקרוז און קיין שיף האָט דאָרט נישט געקאָנט לאַנדן, איז אונזער שיף אַוועק קיין טאַמפּיקאָ. אַנקומענדיק אין טאַמ־פּיקאָ, האָבן מיר געמיינט, אַז מיר זענען אַריין אין אַ גיהנום: דער הימל האָט געגליט ווי אַנגעגליטער אייזן אין אַ קוזשניע: די ערד האָט געברענט, ווי אין אַ קאַלך־אויוון און די לופט האָט געבלאָזן מיט וואָלקאַנישע לאַווע.

— כ׳האָב גאָרנישט געוווּסט, אַז איר זענט אַ פּאָעט — האָט רחל באַמערקט מיט איראָניע.

— ניין, דאָס איז נישט קיין פּאָעזיע: דאָס איז געווען אַ ביטערער אמת. פֿרענקל האָט דעמאָלט געוויינט, ווי אַ קינד: געשריגן, אַז זיין סוף איז געקומען, אַז ער וועט עס נישט איבערהאַלטן. מיר האָבן עס אָנגענומען פֿאַר אַ שטראָף פֿון גאָט פֿאַרוואָס מיר זענען מיט אייך נישט מיטגעפֿאָרן קיין ארץ ישׂראל. און ווען מיר זאָלן געווען דאַרפֿן זיין דעמאָלט נאָך עטלעכע טעג אין טאָמפּיקאָ, וויים איך טאָקע נישט, צי מיר וואָלטן עס אויסגעהאַלטן. צו אונזער גליק האָבן מיר זיך דאָרט געטראָפֿן מיט אַ ייד פֿון מאָנטעריי, וועלכער האָט אונז צוגערעדט, אַז מיר זאָלן מיט אים מיטפֿאָרן אין יענער שטאָט. האָבן מיר געטראַכט: וואָס האָבן מיר איינצושטעלן? אַבי אַרויס פֿונעם דאָזיקן שרעקלעכן טאָמפּיקער גיהנום. אַז מיר זענען אָנגעקומען אין מאָנטעריי, האָט אונז דער זעלביקער ייד געגעבן יעדן פֿון אונז צו פּעקלעך שמאָטעס און געהייסן אַרויסגיין אין גאַס אַריין, דאָס פֿאַרקויפֿן אויף אַבאָנעס. אַזוי האָבן מיר אָפּגעאַרבעט פֿיר חדשים ביים דאָזיקן ייד אַלס פֿאַרקויפֿערס. נאָך די פֿיר חדשים, אַז מיר האָבן געמאַכט אַ חשבון, זענען מיר אים נאָך שולדיק געבליבן געלט פֿאַרן עסן, וואָס ער האָט אונז געגעבן... אָבער מיר זענען שוין דאָן נישט געווען קיין גרינע: די חכמה פֿון אַבאָנעס האָבן מיר שוין געקאָנט בעל־פּה, און דאָס לשון האָבן מיר שוין אויך געקענט אַביסל, אויף וויפֿיל מ׳דאַרף האָבן צו דער דאָזיקער „מלאכה". האָבן מיר ווענומען אַרבעטן פֿאַר זיך, איך מיט פֿרענקלען בשותּפֿות. נאָך אַ שטיקל צייט צוזאַמען אַרבעטן, האָבן מיר אָנגעהויבן צו דערזען אין אונזער רשות געלט: ממש עס האָט געמוזט ווערן קאַפּיטאַל, אַ הונדערטער נאָך אַ הונדערטער. ביז — נאָך דריי יאָר אַזוי אָפּאַרבעטן, האָבן מיר געעפֿנט אַ געשעפֿט אין מאָנטעריי.

דאָ האָט זיך ליפּשיץ עפּעס פֿאַרהאַקט. רחל, וואָס האָט די גאַנצע צייט געקוקט אויף אים, ווען ער האָט דערציילט זיין געשיכטע, האָט באַמערקט, אַז ליפּשיץ שטיקט זיך דאָ מיט עפּעס. אָבער זי האָט זיך געמאַכט נישט באַמערקנדיק.

— אָבער — האָט ליפּשיץ גענומען ווייטער דערציילן — מיר איז נמאס געוואָרן מאַנטעריי.

רחל האָט גוט געזען אין זיינע אויגן, אַז ער זאָגט איר נישט דעם גאַנצן אמת, אַז ער זוכט צו פאַרדעקן די אמתע סיבה פון זיין אוועק פון מאָנטעריי; און כאָטש זי האָט עס אין יענעם מאָמענט זייער געוואָלט וויסן, דאָך האָט זי עס נישט געוואָלט אַרויסווייזן.

— איז פרענקל געבליבן אין מאָנטעריי. — האָט ליפּשיץ, ווי איבערערשפּרינגענדיק בשלום אַ געפערלעכן באַרג, ווייטער דערציילט — ער האָט מיר אויסגעצאָלט מיין העלפט און איך בין געקומען קיין מעקסיקע. איך האָב פּרובירט אין אַנהויב פאַרשידענע געשעפטן; אָבער קיינס פון זיי איז מיר נישט געווען צום האַרצן. איצט איז שוין אַכט מאָנאַטן, ווי איך האָב איבערגענומען אַ געשעפט פון עלעקטרישע מאַטעריאַלן, אַ גוט איינגעאָרדנט געשעפט, און עס גייט נישט שלעכט.

— און ביידע, זענט איר נאָך נישט פאַרהייראַט? — האָט רחל לאַקאַניש פּלוצלונג אַ פרעג געטאָן.

ליפּשיץ האָט אויף איר אַ שאַרפן, פאַרשנדיקן קוק געגעבן, טראַכטענדיק: צי ווייסט נישט אַמאָל די בחורטע עפּעס וועגן אים און זי מאַכט זיך אַזוי תמעוואַטע, נישט ווויסנדיק?... אָבער זעענדיק אין איר פּנים, אַז זיין שרעק איז אַן אומזיסטע, האָט ער שפּאַסנדיק געענטפערט:

— נאָך נישט, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר.

---

ביידע, סיי ליפּשיץ און סיי רחל, האָבן דערשפּירט, אַז אַ חלל אין זייער לעבן איז אויסגעפילט געוואָרן דורך זייער צופעליקן ווידערטרעפן זיך אין דער ווייטער פרעמד.

אַ נאָענטע היימישקייט האָט זיי געמיינזאַם אויסגעשיילט פון דער אַרומיקער פרעמדקייט און דאָס האָט זיי צוזאַמענגעבונדן.

כמעט ווי אומבאַמערקט פאַר ביידע, איז זיך געגאַנגען, מיט אַ נאַטירלעכן וועג, די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון זייער נאָענטקייט אַזוי, ביז אַלע זייערע פריינט און באַקאַנטע האָבן גענומען קוקן אויף זיי ווי אויף חתן־כלה, וואָס זיי, ליפּשיץ מיט רחלען, האָבן עס נישט באַשטעטיקט און נישט אָפּגעלייקנט.

זיי אַליין, צווישן זיך, זענען אויך געווען אין אַזאַ לאַגע, פון נישט קאָנען באַשטעטיקן און נישט אַפּלייקענען, כאָטש זייער שטענדיק צוזאַמענזיין און זייער צוזאַמענדיקע אָפּגעזונדערטקייט פון אַלע, האָט שוין אויסגעזען אַזוי נאַטירלעך, ווי אַנדערש קאָן עס שוין גאָרנישט זיין.

אַ ריזיקע שווערקייט, וואָס איז זיי געשטאַנען אין וועג צו געזעצ־לעכער פאַרבינדונג, האָט זיי שרעקלעך געפּרעסט, געפּייניקט און זיי געשטערט זייער גליק פולשטענדיק צו מאַכן, סיי פאַר זיך זעלבסט און סיי פאַר דער עפנטלעכקייט.

דאָס איז געווען די פראַגע פון אַ גט.

שוין אַנדערהאַלבן יאָר איז אַריבער פון רהלס קומען קיין מעקסי־קע און נאָך איז זי אַלץ געבונדן געווען געזעצלעך צו דעם מאַן, מיט וועלכן זי האָט געצוווּנגענערהייט געמוזט חתונה האָבן ביים אַראָפּ־שטייגן פון שיף. עס האָבן נישט געהאָלפן קיין שום אָנווענדונגען, דורך פאַרשידענע וועגן און מיטלען, צו ווירקן אויף אים: עס האָבן נישט געפּועלט קיין תחנונים און רחמנות געבעטן פון אירע עלטערן, דורך בריוו, אין נאָמען פון זייער אַלטער פריינטשאַפט, מיטלייד צו האָבן מיט זייער עלנט אומשולדיק קינד.

ער האָט זיך — פאַרעקשנט אין מיט אַ פאַרשטיינערט האַרץ — געהאַלטן ביי זיינס, אַז ווי לאַנג ער וועט לעבן וועט ער זי נישט פריי־לאָזן.

עס טרעפט אָפט, אַז גראַד צו דעם, צו וועלכן עס איז שווער צו דערגרייכן, ווערט אַלץ שטאַרקער די אַמביציע, און די אַמביציע שאַפט שוין די נויטיקע איינבילדונג, וועלכע מאַכט די דאָזיקע דערגרייכונג פאַרן גאַנצן לעבנס־ציל, ביז צום העכסטן עקסטרעם, פון „אָדער דער־גרייכן אָדער שטאַרבן".

איז עס זייער מעגלעך, אַז גראַד צוליב דער דאָזיקער שווערקייט, וואָס איז זיי געשטאַנען אין וועג צו געזעצלעכער פאַרבינדונג, איז עס ביי ליפּשיצן מיט רהלען געוואָרן אַן אַמביציעזער און ענטוזיאַסטישער לעבנס־ציל, וואָס האָט אַרויסגערופן די איינבילדונג פון אַן אָנגעצונ־דענעם ליבע־פלאַם, וואָס האָט צונויפגעשמאָלצן ביידע הערצער אין איין שטרעבונג: צו אַ געזעצלעכן אייביקן פאַמיליע־בונד.

ענדלעך, נאך לאנגע יסורים, האט רחל, גאר אומגעריכט דעם גט באקומען.

עס איז געשען, ווען זלמן שימין איז שטארק קראנק געווארן, האט אים גענומען מאטערן אן אבערגלויביש געפיל, אז צוליב דעם, וואס ער פייניקט אומזיסט אן אומשולדיק מיידל, א קינד פון זיינע אמאליקע גוטע פריינט, וועלכע האבן אים אמאל זייער מקרב געווען און א סך טובות געטון איז דער היים — אז צוליב דעם איז ער קראנק און ער וועט שטארבן; ער האט אויך געהאט שרעקלעכע חלומות, אין וועלכע זיינע עלטערן זענען אים געקומען צו חלום און האבן אים געזאגט, אז אויב ער וועט רחלען נישט פריילאזן, וועט ער פון קראנקבעט נישט אויפשטיין.

דאס האט גערירט זיין פארשטיינערט האַרץ, מער ווי אלע אנדערע יושרדיקע טענות און רחמנותדיקע ארגומענטן; און — אז ער איז געזונט געווארן, האט ער מקיים געווען דעם נדר, וואס ער האט געטון בעת זיין קראנקהייט, און געשיקט רחלען א גט.

אבער מערקווירדיק: גראד דאן, ווען דער וועג, צו וועלכן זי האט אזוי פיל געשטרעבט, איז איר פריי געווארן: אז אט דער ציל, צוליב וועלכן זי האט אזויפיל געליטן און אזויפיל געזונט פארלוירן, איז איר נענטער געווארן, האט פלוצלונג א ווארעם פון צווייפל זיך אריינגעבאפט צו איר אין הארץ, זיך טיף איינגעגעסן אין דער נשמה, זי געמאטערט און געפייניקט מיט מאטערנדיקע ספיקות: צי קאן איר לעבנס־וועג און איר לעבנס־גליק גיין צוזאמען מיט ליפשיצן?... עפעס א פארגעפיל האט איר געזאגט, אז זי טאר זיך נישט איילן אין איר שריט, חתונה צו האבן מיט ליפשיצן; א פארגעפיל, וואס האט זי וואס אמאל מער באהערשט, קעגן איר אייגענעם ווילן.

---

איינמאל, אין אן אוונט, איז רחל געווען אויפן וואקזאל צו באגלייטן אירס א חברטע, וואס איז אפגעפארן קיין סאן לואיס פאטאסי. זי איז אזוי געשטאנען אין א קרייז פון חברטעס, וועלכע זענען צוזאמען מיט איר ארויסגעקומען צום וואקזאל. מיטאמאל — זי דערהערט ווי מ'רופט זי:

— רחל!

דאָס קול האָט איר געקלונגען זייער היימיש און גאָר באַקאַנט. זי קוקט מיט פאַרוווּנדערונג אויפן יונגנמאַן, וואָס רופט זי אַזוי ביים היימישן נאָמען: די שטים איז איר באַקאַנט, דער יונגערמאַן אָבער — דאָך פרעמד און אומבאַקאַנט. ער שטייט און שמייכלט, אַז זי פאַרשעמט זיך פאַר זיך אַליין, וועןִ יענער ווייזט אַרויס אַזאַ היימישקייט, און זי — זי קען אים אָבער פאָרט נישט.

— וואָס, איר דערקענט נישט פרענקלען, פון קבוצת אחוה? — האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט אַזאַ געלאַסנקייט און מיטן זעלביקן שמייכל.

— אוי! — האָט רחל אַ היסטערישן געשריי געגעבן, אַז אַלע אַרום האָבן זיך אומגעקוקט — ווי אַזוי קאָן עס אַ מענטש אין אַ פּאָר יאָר אַזוי זיך פאַרענדערן?

זיי זענען אַוועק אין אַ באַזונדער ווינקל, האָבן זיך גענומען פאַנאַנדערדערן, זיך אויסדערציילן, און רחל האָט אים אין קורצן דערציילט פון איר אַלע איבערלעבענישן ביזן לעצטן טאָג.

רחל האָט באַמערקט ווי אויף פרענקלס פּנים האָט זיך עפּעס, ווי אַ וואָלקן, פאַרצויגן און אים איינגאַנצן פאַרכמאַרעט.

— וואָס איז מיט אייך? — האָט זי געפרעגט — וואָס זענט איר אַזוי פאַרזוֹיערט געוואָרן?

— הערט רחלע, — האָט פרענקל מיט זייער אַן ערנסטן טאָן איר געענטפערט, — גאָט אַליין האָט מיך צוגעשיקט צו אייך, אויסצוהיטן אייך פון אַ נייעם אומגליק.

און ער דערציילט איר אַ גאַנצע געשיכטע, אַז ליפשיץ האָט איבערגעלאָזט אין מאָנטעריי אַ פרוי, אַ מעקסיקאַנעריןִ, זייער אַ פיינע, אינטעליגענטע פרוי, מיט צוויי קינדער, און אַז ער, פרענקל, איז דעריבער מיט אים ברוגז ביז אויף היינטיקן טאָג.

ווי אַ פאַרגליווערטע איז רחל געבליבן. זי האָט נישט געקאָנט צונויפנעמען די געדאַנקען, און די צונג איז איר ווי פאַרשטיינערט געוואָרן אין מויל. זי האָט זיך אָבער אַליין געשטאַרקט און נאָך עטלעכע מינוט שווייגן האָט זי מיט אַן אַנטשלאָסענעם טאָן אַרויסגעזאָגט:

— איך מוז דאָס מיט מיינע אייגענע אויגן זען.

און אזוי ווי זי איז געשטאנען און געגאנגען, איז זי מיט פערנק־לען מיטגעפארן קיין מאנטעריי.

---

צוריק, קיין מעקסיקע, איז שוין רחל נישט געקומען. זי האט בלויז צוגעשיקט צו ליפשיצן עטלעכע ווערטער:

„אויף מיר ווארט נישט מער. דיין פרוי, מיט דיינע צוויי קינ־דער ווארטן אויף דיר אין מאנטעריי"...

אז ליפשיצעס פריינט און באקאנטע האבן אים מיט פארוווּנ־דערונג געפרעגט די סיבה, פארוואס האט אים רחל פארלאזט, האט ער מיט ווייטיק און פארשעמטקייט געענטפערט, מיט א האלב מויל:

— עט, צוליב א קלייניקייט. — און טיילמאל נאך צוגעגעבן:

— אפט קאן צוליב א קלייניקייט א גרויסער, געזונטער בנין איינפאלן...

# באַיקאָט

נאָך אַ שווערער שלאָפלאָזער נאַכט, איז גאַנץ פרי אַראַנאָוויטש אויפגעשטאַנען פון בעט. ער האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ דורכן פענסטער, האָט אַריינגעקוקט דעם אַנקומענדיקן טאָג אין די אויגן אַריין און עס האָט אים אויסגעוויזן, אַז דער טאָג קומט אַן אַ אומרואיקער און אומעטיקער.

ער האָט זיך שנעל אָרומגעוואַשן, זיך אַנגעטאָן און איז אַראָפּ אין פאַבריק אַריין.

אַ צעטראָגענער האָט ער אַרומגעשפּאַנט צווישן די מאַשינען, באַקוקט די בייטלען, וואָס זענען שוין אַרויסגעגעבן געווען און די, וואָס זענען נאָך געווען אין דער אַרבעט. ער האָט באַטאַפּט די לעדער, באַטראַכט די שלעסער און האָט אויסגעפונען, אַז ס'איז נישטאָ קיין אונטערשיד, די זעלביקע זענען די דייטשישע, ווי די אַמעריקאַנער, און עס האָט אים פאַרדראָסן.

— וואָלטן זיי כאָטש געווען געמיינער, ערגער, — האָט ער זיך געפייניקט אין געדאַנק, — וואָלט איך, ווייניקסטנס, געהאַט פאַר זיך אַליין אַ פאַרענטפערונג, פאַרוואָס נישט צו נעמען קיין דייטשישע.

נישט צו דארפן נוצן קיין מאטעריאלן פון בלוטיקן הימלער־לאנד. אבער אויך צו להכעיס, זענען זיי, סיי די לעדער און סיי די שלעסער, די זעלביקע ווי די אמעריקאנער און עס איז אזא ריזיקער אונטער־שיד — פינף פעזעס אויף יעדן טוץ בייטלעך.

ער האט ארויסגענומען א קאנווערט פון קעשענע, ארויסגעשלעפט פון דארט צוויי פאפירן, פארטראכט זיך אין זיי, פארגלייכט, גערעכנט און האט מיט פארדרוס אויסגעשריגן:

— א ווארע, ס'קומט אויס פינף פעזעס אויף יעדן טוץ א אונ־טערשיד. און דורכן טאג הייסט עס דרייסיק פעזעס!

מיט אן אראפגעלאזטן קאפ האט אראנאוויטש גענומען שפאנען הין און צוריק איבער די צוויי צימערן פון דער פאבריק און אין די אויערן האט אים געקלונגען א שניידנדיקע שטים:

— אבער מיט די דאזיקע דרייסיק פעזעס א טאג, וואס דו ווילסט מער פארדינען, ווערן דארטן דיינע אייגענע ברידער צעקאליעטשעט, פארקריפלט, דערנידעריקט, באשפיגן און צעטראטן!

— אבער פארט דרייסיק פעזעס א טאג! אין פארלויף פון אייז יאר איז עס דאך א קאפיטאל! און איך לעב דען בלויז פאר זיך אליין — האט ער זיך גענומען פארענטפערן, א שטייגער ווי ער זאל רעדן צו וועמען — מיינע עלטערן אין פוילן לעבן דאך אויך נאר פון מיינע פארדינסטן און וויפיל שטיץ איך היגע אינסטיטוציעס און פאר־שידענע אויסלענדישע אקציעס. מיט מער פארדינסט וועל איך נאך־מער קאנען העלפן!

ערשט אכט אזייגער, ווען די ארבעטער האבן אנגעהויבן קומען, האט זיך אראנאוויטש אויסגעטשוכעט פון די דיסקוסיעס מיט זיך אליין, און איידער ער האט זיך ארומגעזען איז ער שוין געווען ארייג־געטון אין דער ארבעט, וועלכע האט אים שוין נישט געלאזט קיין מעגלעכקייט צו טראכטן פון עפעס אנדערש.

מיטאמאל, ער גיט א קוק אויפן זייגער — ס'איז שוין ניין מיט 30 מינוט.

— מ' דארף לויפן אין דער דייטשישער באנק, איינצאלן געלט און ארויסנעמען די דאקומענטן, אבער — טראכט ער זיך — הלוואי עס זאל מיך כאטש קיינער נישט טרעפן אריינגיין אין באנק אריין.

אויף וו. קאראנזא גאס, האט אראנאוויטש אנגעהויבן צו גיין לאנגזאמער, זיך אפּט ארומגעקוקט, צי קיינער זעט אים נישט, ער האט אויסגעזען ווי א פארברעכער, וואס גייט אפּטון א פארברעכן און וויל זיך היטן, אז עס זאלן נישט בלייבן קיין שפּורן און נישט קיין פאר־דאכט. און אין א גינסטיקן מאמענט, ווען אראנאוויטש איז זיכער געווען, אז קיינער זעט אים נישט, איז ער שנעל אריין אין דער דייטשישער באנק.

אינעווייניק, אין באנק, האט אראנאוויטש זיך גענומען רייבן די אויגן, אפשר האט ער א טעות, אפשר דאכט זיך אים אוים. אבער וואס הייסט א טעות, ער קען דען נישט דעם באוווסטן כלל טוער, דעם פאבריקאנט בלאשטיין.

זיי האבן זיך באגריסט און מיט פארשעמטע בליקן האט אראַ־נאוויטש אים אנגעקוקט.

אינדעם איז אריינגעקומען אין באנק א יידישער יונגערמאן און געמאכט א טשעק אויף צוואנציק דאלאר קיין פּוילן.

ביי ביידע פאבריקאנטן האט אין איין צייט זיך ארייגעכאפּט דער זעלביקער געדאנק:

— מילא, ביזנעס איז ביזנעס: ס'איז אן אונטערשיד אין פּרייז, ס'איז פּאַרט ביליקער און בעסער צו פארקויפן. אבער א טשעק אין דאלארן קאן מען דאך מאכן אין א צווייטער באנק אויך!

אט האבן זיי געוואלט איינער פארן צווייטן דעם זעלביקן געדאנק ארויסזאגן, און מיט דעם זיך אליין מאכן גרינגער אויפן געוויסן, ווי עס האט זיך געעפנט אן אינעווייניקסטע טיר און עס איז ארויס פון א צימער דער פארנעמער יידישער סוחר און קהלשער פארזארגער דער באקאנטער שטאלווערגער לייבאוויטש, געפירט געארעמט מיטן דירעקטארפון באנק, וועלכער האט אים צוגעפירט ביזן ארויסגאנג, און דארט זיך מיט אים ווארעם צעזעגנט ווי אינטימע ידידים.

זעענען זיי אזוי געשטאנען, די ביידע יידישע פאבריקאנטן און נאכגעפאלגט אט די אינטימע פריינטשאפט־סצענע צווישן דעם באַ־וווסטן נאצי־אגענט, דירעקטאר פון דער דייטשער באנק מיטן אנגע־זעענעם יידישן פארזארגער לייבאוויטש און זיי, די פאבריקאנטן, האבן זיך אנגעקוקט ווי זיי זאלן זאגן:

— אט זענען מיר יאלדן!

דערווייל איז אריינגעקומען דער זייגער־סוחר גלאטשטיין. ער איז באלד צו צו די פריערדיקע צוויי פאבריקאנטן און נאך איי־דער ער האט זיי באגריסט, האט ער באלד אנגעהויבן מיט א ירגזות, ווי ער זאל דערמיט זיך אליין וועלן פארשרייען:

— אן אנשיקעניש אזא! דאס ערשטע מאל איז מיין לעבן הער איך, אז מ׳זאל זיך מישן אין יענעמס געשעפטן! פארוואס מיש איך זיך נישט צו יענעם? פון מיינעטוועגן מעג יענער גיין מיטן קאפ אראפ און מיט די פיס ארויף, גייט עס מיך נישט אן. אזא חוצפה! עטלעכע סמארקאטע יינגלעך וועלן עס מיר לערנען, פון וואנען איך זאל יא ברענגען זייגערס און פון וואנען נישט!

— אבער וואס שרייט איר אזוי? — האט זיך אנגערופן אראַ־נאוויטש — צי ווייסט איר, אז איר האנדלט מיט צעטראטענע יידישע לעבנס. איר לעבט אויפן חשבון פון מיליאנען געפייניקטע און דערני־דעריקטע! — ער האט עס גערעדט מער צו זיך אליין, איידער צום זייגער־סוחר.

— זעט נאר זעט, דעם צדיק אין פעלץ! און נאך וואס זענט איר געקומען אהער, אין דער דייטשישער באנק, זאגן תהילים?

ארויסגייענדיק פון באנק האט דער פאבריקאנט בלאשטיין זיך אנגערופן צו אראנאוויטשן:

— מיינט נישט, אז ער איז אזוי אינגאנצן אומגערעכט. וואס הייסט אזעלכעס, צו קריכן יענעם אין די ביינער און דיקטירן, וואס ער זאל יא טון און וואס ער זאל נישט טון! יעדער איינער ווייסט אליין וואס ער האט צו טון!

שוין אין טיר האבן זיי זיך אנגעטראפן מיטן באוווסטן געזעל־שאפטלעכן טוער ה׳ אלטערמאן. ער האט פארקוועטשט מיט איין אויג, מיטן צווייטן — באטראכט ביידע ארויסגייענדיקע יידישע פאברי־קאנטן, שעלמיש א שמייכל געטון און אזוי פארבייגייענדיק ארייננגע־זאגט:

— וואס דען, א געלעגנהייט דארף מען אויסנוצן! און ווער עס פארשטייט נישט אויסצונוצן קיין געלעגנהייט, דעם דארף מען געבן שטרוי צו עסן!

און באַלד האָט ער צוגעגעבן:

— וואָס ווייסן זיי דאָרט, די מלמדים, פון זייער חיות צו זאָגן! אַ בינטל בטלנים זענען געוואָרן פּאָליטיקער און האָבן אַנגעדרייט אַז עניין מיט אַ באַיקאָט! נאָר ווען זיי קאָנען פאַרדרייען אַ קאָפּ, מיר וועלן זיי דעם קאָפּ נישט פאַרדרייען!

אַראָנאָוויטש איז אַהיימגעגאַנגען אַ דערשלאָגענער. ער האָט נאָכגעטראַכט איבער אַלץ, וואָס ער האָט געזען און געהערט אין דער דייטשישער באַנק און ער האָט געפילט אַז דאָס פּנים פלאַמט אים פון בושה.

---

אַ גאַנצן טאָג איז אַראָנאָוויטש געשטאַנען ביי דער אַרבעט אַז אויפגערעגטער און עס האָט אים געדאַכט, אַז יעדער ביימל, פון דייטשישער לעדערוואַן מיט אַ דייטשישן שלאָס.ווינקט צו אים מיט דער זעלבער פרעכקייט ווי ה' אַלטערמאַן אינדערפרי, אין דער דייטשישער באַנק און אַראָנאָוויטש האָט זיך פאַרשעמט...

און ער האָט פעסט באַשלאָסן מער נישט צו נוצן קיין דייטשישע מאַטעריאַלן.

ערשט פאַרנאַכט צו, ווען ער האָט פאַרפּאַקט אַ באַשטעלונג פון אַכט טוץ ביימלען, אויף אַרויסצושיקן אין דער פּראָווינץ, און האָט באַרעכנט, אַז ער פאַרדינט דערביי מיט פערציק פּעזעס מער, האָט ער אַ צופרידענעם שמייכל געטון, זיך פאַרטראַכט און שטיל אַ מורמל געטון:

— מאַ, עס קאָן זיין, אַז זיי זענען — צוריק גערעדט — גאָר נישט אַזוי אומגערעכט...

# טובות

פון דער אלטער און ווייטער וועלט האט אראפגענידערט די שכינה, גלייך מיט זון־אונטערגאנג, און באהויכט מיט איינזאמער, שבתדיקער הייליקייט דעם עס־צימער פון דער פאמיליע כפיוואק אין מעקסיקע.

א פרייטיק צונאכטס איז דאס געווען.

אויף איין זייט פון ווייסגעדעקטן טיש האבן סודותדיק געפלעמט פיר ליכט, ארייננעשטעקט אין פיר זילבערנע שבת־לייכטער, וועלכע זענען ביי ספיוואקן שוין ביים פערטן דור בירושה. אויף דער צווייטער זייט טיש האבן זיך געבערגלט צוויי חלה׳ס אונטער א רויט זיידן חלה־טישטעכל, וואס נאך צו ספיוואקס טאטן האט עס א פעטער צוגעשיקט פון ארץ ישראל. און אין סאמע מיטן טיש איז געשטאנען א קאראפקע וויין מיט א גרויסן זילבערנעם בעכער, וואס דער פרוי ספיוואקס א זיידע האט איר געגעבן דרשה־געשאנק צו דער חתונה.

ביים טיש איז געזעסן פייגע, משה ספיוואקס ווייב, איבער אן אויפגעמישטן סידור און אירע אויגן האבן אריבערגעקוקט, ווייט, ווייט, צו איר געבוירן־לאנד, צו יענע יונגע יארן, צו יענע פרייטיק־צונאכטסן,

ווען איר פּנים פֿלעגט זיך רויטלען מיט נאַיווער יוגנט־בושה, טראַכטנ־דיק פֿון די זיסע דערוואַרטונגען.

זי האָט דערהערט שווערע, סאַפּענדיקע טריט אויף די טרעפּ. אַ קיל וואַלקנדל האָט זיך פאַרצויגן איבער אירע צעוואָרעמטע זכרונות און, ווי אַ נאַרוואָס אויפגעשטאַנענע פֿון שלאָף, האָט זי אַנגעשטרענגט די אויגן צו דער טיר.

— גוט שבת, פייגע, גוט שבת!

— גוט שבת, גוט יאָר, משה, עפּעס ביסטו מיר געקומען היינט זייער אַ פֿריילעכער פֿון דאַווענען. איך דערקען אין דיר, אַז דו האָסט גוטע נייעס.

— אַי וואָס פֿאַר אַ חכמה דו ביסט, מיין ווייב, טאַקע וויכטיקע נייעס געבראַכט און נאָך וואָס פֿאַר אַ נייעס, אַי, אַי, אַי וועסטו עס אַנקוועלן!

— נעם מיר שוין נישט אַרום די עצמות, דערציייל שוין, לאָמיר הערן!

— געלאַסן, רואיק, האָב געדולד. לאָמיר פֿריער זאָגן שלום עליכם, מאַכן קידוש, זיך וואַשן, מאַכן „המוציא", וועל איך דיר אַלץ דער־ציילן. אַי, אַי וועסטו עס אַנקוועלן.

---

משה ספּיוואַק איז אַ ייד אַ דיקלעכער, מיט אַ היפּש אַרויסגע־שטאַרטשעטע בייכל, און אַ פֿריילעכער ייד, שטענדיק מיט אַ שמייכל מיט אַ גוטמוטיק וואָרט, מיט אַ „נישט געדאַגהט ברודער, השם יתברך וועט העלפֿן". און געלאַסן גייט ער, משה, ער יאָגט זיך נישט, ער האָוועט נישט, ער איז אַ ייד אַ פֿרומער, אַ בעל בטחון, ווייסט ער, אַז אַלץ איז פֿון פֿאַרויס אָנגעשריבן, נישטאָ זיך וואָס צו יאָגן, אַז אַ מענטש טוט אַליין סיי ווי גאָרנישט. אַז אַלץ איז בידי שמים און „דיינס וועט דיר קיינמאָל נישט פֿאַרלוירן גיין".

משה ספּיוואַק האָט אַ פֿאַבריקל פֿון אונטערוועש, ווו ס'אַרבעטן: ער, די פֿרוי און די קינדער, אָבער לעבן לעבט ער נישט פֿון זיין פֿאַ־בריקל, נאָר פֿון טובות: אַלע מענטשן טוען אים טובות און דערפֿון לעבט ער. אַ טובה טוט אים דאָס ווייב, אַז זי רעדט צו אים; אַ טובה טוען אים די קינדער, אַז זיי נעמען ביי אים געלט; אַ טובה טוט אים

דער פּראַצענטניק, אַז ער באַרגט אים געלט, טאַקע אויף פיר פּראָצענט, אָבער פּאַרט אַ טובה; אַ טובה טוט מען אים אין באַנק, אַז מען נעמט ביי אים צו געלט פאַר וועקסלען; אַפילו דער באַלעבאָס, אַז ער נעמט ביי אים דירה־געלט, טוט אים אויך אַ טובה.

און וויפיל דאָס ווייב גיט אים צו פאַרשטיין, אַז קיינער טוט אים קיין טובה נישט, האַלט ער זיך אָבער ביי זיינס, אַז ס'איז פּאַרט אַ טובה. וואָרום. ווען זיי זאָלן וועלן, האָבן זיי אַ ברירה אים דאָס נישט צו טון. און אַז זיי טוען עס יאָ, איז עס אַ טובה. און פאַר אַ טובה דאַרף מען דאַנקבאַר זיין.

---

— אַט איצט הער מיך אויס, מיין ווייב, וועל איך דיר דערציילן וואָס כ'האָב געהאַט ביים דאַוונען.

— מ'האָט דיר אוודאי מכבד געווען מיט קבלת שבת ביים עמוד.

— גיי שוין גיי, מיט דיינע ווייבערישע איינפאַלן: אַ נאָכמער פרייליכערע נייעס: — איך האָב זיך באַקענט מיט פּיטקינס זון, דעם יונגערן.

ער האָט אַרויסגעזאָגט די ווערטער מיט באַגייסטערונג און גע־קוקט אויפן ווייב צו זען, וואָס פאַר אַן איינדרוק די נייעס האָט אויף איר געמאַכט. אָבער זי האָט אים אָנגעקוקט טאַמעוואַטע און נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער דערציילט איר, האָט ער געמיינט, אַז זי האָט נישט גוט דערהערט, זאָגט ער עס איבער נאָכאַמאָל און שוין מיט אַ שוואַכערן טאָן:

— איך האָב זיך באַקענט היינט ביים דאַוונען מיט פּיטקינס יונגערן זון.

— האָב איך דאָך שוין געהערט; וואָסזשע איז עס פאַר אַ שמחה אויף דיין באָבען?

— פּאָרט אַ ווייבערשער קאָפּ. דו ווייסט, אַז פּיטקינס יונגערער זון האָט אַ פאַבריק פון פּלאַטקרעפּ?

— אָבער צו וואָס דאַרף איך דאָס וויסן?

— אַ, דו פאַרפּסט עס שוין גאָר וויסן, ווייל דאָס איז דער עיקר. הער מיך נאָר אויס מיט געדולד און מיט קאָפּ, וועסטו אַלץ פאַר־

שטיין. אט דער יונגערער זון פיטקינס, האט א פאבריק פון פלאט־קרעפ.

— האב איך דאך שוין געהערט.

— נאך נישט דאס איז דער עיקר.

— נו, וואסזשע איז דער עיקר?

— פארט א ווייבערשער קאפ, הער אויס מיט געדולד: צו דער פאבריק האט ער א שותף, דער שותף איז אלטער מינץ.

— יא, אבער וואס גייט עס מיר אן?

— א, עס גייט דיר שוין א סך אן. הער אויס מיט קאפ: אט דער אלטער מינץ האט א ברודער, הייסט ער מענדל מינץ און דער מענדל מינץ האט א שוואגער — דעם ווייבס א ברודער, — הייסט ער לעווין, ישראל לעווין. און דעם ישראל לעווינס א זון איז אן אגענט ביי דער רייכער פירמע „אלט און וואלט" און איז דער דאזיקער פירמע איז דער הויפט־שותף דער גוט באקאנטער וואלמאן, און אז איך וועל באקענט ווערן מיט דעם וואלמאנען, וועט זיין גוט.

— שוין דריי שעה, ווי דו האקסט מיר אין קאפ אריין און איך הויב נישט אן צו פארשטיין, וואס דו ווילסט מיר זאגן און וואס דו האסט מיר געזאגט.

— פארט א ווייבערשער קאפ! הער מיך ווייטער אויס, וועסטו פארשטיין: וואלמאנס זון ארבעט אין דער יידישער באנק און אט דאס איז דער עיקר...

דערביי האט ער גנביש געכאפט א קוק אויפן ווייב צו זען, צי האט זי שוין משיג געווען, צו וואס ער צילט.

אבער זי, ווי קיינמאל גארנישט, האט געוואַרט, אז ער זאל שוין ענדיקן דעם פלאנטער.

און נאך א מינוט שווייגן, גיט משה פלוצלונג א פרעג:

— און ווי מיינסטו, פייגע, יואלט וואלמאנס זון נישט געווען א פאסיקער שידוך פאר אונזער דבורקען?

— וואס איז דיר איינגעפאלן, אז דבורקע דארף שוין ווערן א כלה? האסט שוין געזען ווי א מענטש האט נישט וואס צו טראכטן. מען האט דריי עלטערע בחורים, טראכט ער שוין פון דבורקען!

— איך זאג דען, אז זי זאל ווערן א כלה? איך זאג נאר, אז עס וואלט געווען א גוטער שידוך.

— וואס זשע הייסט עס, א גוטער שידוך און נישט ווערן א כלה?

— איך מיין, אז מיר וואלטן דערפון געקאנט האבן א גרויסע טובה.

— שוין ווייטער מיט א טובה. אבער ווער דארף טובות! די גאנצע וועלט לעבט אז טובות און נאר דו איינער דארפסט אייביק האבן טובות!

— ווײַל מיך פארשטייז, נארישע יידענע, דו ווייסט דען, וואס עס מיינט צו האבן אין באנק אן אייגענעם מענטשן? עס וואלטן זיך עס טויזנטער יידן געווינטשן: אײן קלייניקייט, צו האבן אין באנק אן אייגענע האנט! אבער גיי דערצייל א יידענע אזעלכע זאכן.

אינדעם האט מען אנגעקלאפט אין טיר.

פייגע איז ארויסגעגאנגען עפענען און משה האט געהערט ווי א קינדערשע שטימע רעדט אין צווייטן צימער:

— די מאמע האט אייך געבעטן, צי איר קאנט נישט טון א טובה אין בארגן עטלעכע קליינע לעפעלער.

— ווי דען, בין איך נישט גערעכט? — האט זיך משה פאר־טראכט — ווי קאן עס א מענטש אויסקומען אן טובות!...

און ער האט זיך צעזונגען מיט א גמרא־ניגון, דערביי געציפט ביים צוגעשווירענעם בערדל:

—אויב שוין יא טובות, פארוואס טאקע נישט מיט א טאלס, מיט שכל, מיט קאפ, מיט פארשטאנד. אבער גיי דערצייל א יידענע אזעלכע זאכן...

# אַ ו ו אַ נ ס ן

אַז די זילבער־מינעס אין גואַנאַכואַטאַ האָבן זיך פאַרמאַכט און מאַנועל איז, ווי טויזנטער אַנדערע מינע־אַרבעטער, געבליבן אַרבעטלאָז, האָט ער זיך ווינציק־וואָס גענומען פון דעם צום האַרצן. זיין באַנק־ביכל, וואָס האָט געחשבונט שוין איבער די טויזנט האָט אים, מיט אַ ווינקענדיקער צופרידנקייט, באַרואיקט און צו אים געטענהט:

— אַז דו, מאַנועל, וועסט אַרומגיין אַ שטיקל צייט ליידיק, איז אויך נישט קיין אומגליק; און אפילו ווען די מינעס זאָלן זיך אינגאַנצן שוין נישט עפענען, איז אויך נישט געפערלעך: מיט איבער טויזנט פּעזעס קאָן מען נאָך געפינען געגוג אופנים, ווי זיך איינצואָרדנען אָן אַרבעט אויך. אמת טאָקע, דו ביסט נישט קיין סוחר, אַלע יאָרן — אַ פּראָסטער אַרבעטער; אָבער — עס מאַכט נישט, מיט געלט קאָן מען ווערן אַלץ וואָס מ'וויל!

מיט אַזעלכע געדאַנקען האָט מאַנועל געלעבט די ערשטע וואָך פון זיין ליידיק־גיין. עס האָט אים פאַרשיכורט דאָס געפיל, אַז ער איז אַ פרייער מענטש, פון קיינעם נישט אָפּהענגיק. ער שטייט־אויף ווען ער וויל, טוט וואָס ער וויל און פאַרברענגט די צייט ווי אים גלוסט זיך,

לויט זיין אייגענעם פרייען ווילן, אַ געפּיל, וואָס מאַנועל האָט עס דער־שפּירט איצט דעם ערשטן מאָל אין זיין לעבן. פון קינדווייז אָן איז ער געוווינט געווען צו זיין פאַרקויפט און פאַרשקלאַפט, צו האָרעווען שווער אויף יענעמס באַפעל, לויט יענעמס ווילן. און דאָ, מיטאַמאָל — אַ פרייער פויגל, אַ זעלבסטשטענדיקער מענטש, אַ גאַנצן טאָג ביי זיך אַליין, אין אייגענעם רשות. ווער איז צו אים דען גלייך!...

עס האָט אים נאָר ווי געטון דאָס האַרץ פאַר יענע. פאַר זיינע הונגעריקע חברים מיט זייערע פאַמיליעס, וועלכע האָבן, באַלד אין דער ערשטער וואָך, שוין נישט געהאַט פון וואַנען דעם טאָג דורכצו־לעבן און זיי האָבן זיך אַרומגעשלייכט איבער די גאַסן ווי שאָטנס, אויסגעלאַשענע, פאַרחושכטע און דערשלאָגענע. עס האָט אים, מאַ־נועלן, געשניטן ביים האַרץ צו קוקן אויף זיי.

— אָבער וואָס קאָן איך זיי העלפן? — האָט ער מיט טיפן ווייטיק זיי נאָכגעקרעכצט.

איינמאָל, אינמיטן עסן, איז צו מאַנועלן אַריינגעקומען דעם שכנס אַ יינגעלע — זיין טשוטשאַס און פּעפּעס אַ חבר. אַן אויסגעהונגערטער האָט דאָס יינגעלע געקוקט אויף זיי, מיט אַזוי פיל קנאה און וואָלפי־שער צערייצטקייט, אַז די אויגן פון קאָפּ האָבן אים אַרויסגעשטאַרט און דער גאַנצער קערפּער האָט אים געציטערט. און אַז ליטשאַ — מאַ־נועלס פרוי — האָט אים געגעבן אַ „טאָרטיאַ" מיט „פריכאָלעס", האָט ער דאָס אַ כאַפּ געטון מיט אַזאַ ווילדן אימפּעט און קאָנוולסיוו־פיבעריק גענומען שלינגען אין איין אָטעם, ווי מורא האָבנדיק, אַז מען זאָל עס ביי אים פון מויל צוריק נישט אַרויסרייסן.

פון דעמאָלט אָן האָט מאַנועל פאַרשלאָסן די טיר ביים עסן... און ער האָט געזוכט צו באַרויִקן זיין געוויסן מיט פאַרשידענע תירוצים: ערשטנס — האָבן זיי, ווי ער, געקערט שפּאָרן אַ סענט צו אַ סענט אויף אַ שלעכטער צייט און נישט פאַרשיכורן דאָס גאַנצע פאַרדינסט. צווייטנס — ווי קאָן ער זיך דאָס דערלויבן צו שפּייזן אַזוי פיל אַרבעט־לאָזע? אפילו אויף איין טאָג וועט דאָך זיין גאַנץ געלט נישט גענוגע־נען. און איבעריקנס — איז ער דאָך אַליין אויך אַרבעטלאָז...

און יעדעס מאָל, נאָך אַזאַ געוויסן־באַרויִקונג און זעלבסטבאַ־

רעכטיקונג, פלעגט ער נעמען זיך בארימען פאר זיין פרוי און שטאל־צירן מיט זיין שפארזאמער אויסגערעכנטקייט:

— זעסט, ליטשא, אלע האבן זיי שטענדיק געלאכט פון מיר, אז איך בין א קארגער; אבער איצט זעסטו, אז איך בין גערעכט געווען: ווי עס מאכט זיך מיט א מענטש, איז גוט, אז ער האט אן אפגעשפארטן כענט.

אבער אז ס׳זענען אוועק עטלעכע וואכן און זיין באנק־ביכל — נישט געקוקט אויף זיין קארגשאפט — האט אנגעהויבן צו ווערן מאגערער, האט עס מאנועלן גענומען טיאכקען אין הארצן.

— וואס איז דאס פאר א תכלית ארומצוגיין ליידיק! — האט ער אנגעהויבן טראכטן. — מילא ווער ס׳האט נישט קיין ברירה, אבער איך, מיט מיין קאפיטאל, דארף פרובירן עפעס טון!

דער דאזיקער געדאנק האט אים געעגבערט אין קאפ גאנצע טעג און נישט געלאזט שלאפן ביינאכט:

— וואס־זשע הויבט מען אן צו טון? אז אלע יארן בין איך א פראסטער ארבעטער און כ׳האב נישט דעם מינדסטן אנונג פון געשעפט, צי פון עפעס אנדערש.

— אבער וואס טוט מען פארט?! — איז ער געווארן אומרואיק און ער האט אנגעהויבן ארומגיין ווי א צעמישטער. — צו זיצן אזוי און עסן גרייט געלט, קאן מען דאך אויפעסן דאס העמד פון לייב! און וואס וועט שוין זיין דערנאך? זאל מיר דאכטן, אז איך האב שוין דאס גאנצע געלט אויפגעגעסן...

און ער האט אזוי פיל געטראכט וועגן דעם, ביז ער האט זיך אויף אן אמת איינגעבילדעט, אז ער האט שוין נישט קיין געלט, אז ער איז ארים און האט שוין נישט אפילו צו קויפן קיין טייג אויף „טארטיאס”.

אזוי איז מיט יעדן טאג זיין אומרואיקייט און צעטראגנקייט געווארן אלץ גרעסער. די פארשידענע שרעקלעכע איינבילדונגען, וועלכע זענען אים געקראכן אין קאפ אריין, מער פון ליידיק ארומגיין איידער פון מורא פאר דער צוקונפט, וואלטן אים געווען געטריבן צו משוגעת: אדאנק נאר זיין פרוי, וועמען ער האט אזוי שטארק ליב געהאט און

ווען ער איז געהאַרכזאַם געווען, ווי אַ קליין הילפלאָז קינד, נאָר אַדאַנק איר האָט ער זיך אַביסל באַרואיקט.

זי, די „שיינע ליטשאַ" — ווי די שכנים האָבן זי גערופן — זי האָט אים געטרייסט, געמוטיקט און געגעבן האָפנונג. איר וואָרט איז בײַ אים הייליק געווען. אַזוי, אַז אַלע שכנים און פריינט, האָבן זיי שטענדיק מקנא געווען מיט זייער גליקלעך פאַמיליע־לעבן.

איינמאָל, אומגעריכט, האָט זיך בײַ מאַנועלן באַוויזן אַ גאַסט: ליטשאַס פעטער פון מעקסיקע איז געקומען.

דער פעטער איז אַ סוחר. ער פאַרט אַרום אויף די מערק מיט לייוונט, שטאָפן אויף קליידער און ביליקע גאַלאַנטעריי־אַרטיקלען. די גאַנצע משפחה האָט געהאַלטן דעם פעטער פאַר אַ קלוגן, בײַ וועמען אַלע האָבן געפרעגט עצות און אַלע האָבן אים ליב געהאַט, נאָר איין מאַנועל וואָס האָט אים פיינט געהאַט, ער האָט נישט געקאָנט ליידן דעם פעטערס צווינקען מיט די אויגן, ווען ער רעדט: ער האָט נישט געקאָנט פאַרנעמען דעם פעטערס שטענדיקן באַרימען זיך ווי ער האָט עס יענעם אַריינגעפּרייערט. אים, דעם פּשוטן אַרבעטער מאַנועלן, איז געווען דערווידער דעם פעטערס כיטרע גנבהשע אייגעלעך. און נאָר באַזונדער דאָסמאָל איז אים דעם פעטערס וויזיט גאַרנישט געווען צום הארצן.

— ווער ווייסט — האָט זיך מאַנועל געטראַכט — ווי לאַנג דער פעטער קאָן דאָ אָפּזיצן, אין אַזאַ צייט, וואָס יעדער סענט איז אויס־גערעכנט. אַ קלייניקייט — ס'איז דאָך גרייט געלט!... פון פאַרהאַרע־וועטן ביכל אַרויסגענומען!...

אָבער דעם פעטער, ווייזט אויס, האָט ווייניק וואָס געקימערט, צי מאַנועל איז מיט אים יאָ צופרידן צי נישט: ער האָט זיך צעלייגט ווי בײַ זיך אין דערהיים און באַלד אָנגעהויבן צו דערציילן — ווי צו להכעיס מאַנועלן — זיינע באַרימערישע מעשה'ס און זיינע שווינד־לערישע העלדישקייטן. און נאָך יעדער מעשה אַזאַ האָט ער זיך צע־לאַכט מיט אַ צעשאַטענעם קלינגענדיקן און זעלבסטצופרידענעם גע־לעכטער.

ליטשאַ האָט זייער ליב געהאַט דעם פעטער. אים פלעגט זי אָפּנ־האַרציק דערציילן יעדע קלייניקייט פון איר לעבן, זיך אָפּרעדן פונם

הארצן און אויף אלע פרעגן ביים פעטער אן עצה: אזוי איצטיקס מאל אויך האט זי אים דערציילט זייער גאנצע לאגע:

— דאס געלט — האט זי געזאגט — ווערט וואס אמאל ווינציקער און וואס צו טון איז נישטא. און די ארבעט אין די מינעס — ווער ווייסט צי זי וועט זיך גאר צוריק אמאל אנהויבן.

דער פעטער האט, מיט א רואיקער ערנסטקייט און מיט א מינע פון אויפריכטיקער מיטלייד, אויסגעהערט ליטשאס גאנצן אפרעדן זיך, דערנאך האט ער זיך צעלאזט מיט מוסרדיקן מענה־לשון:

— שוטים, וואס איר זענט! וואס ליגט איר דא, אין טויטן גוואנאכואטא? מענטשן, וואס פארמאגן נישט קיין צענטל פון אייך, מאכן אין מעקסיקע א שיין לעבן. בפרט נאך היינט, אז מ'האט אראפגעטריבן אלע אויסלענדער פון די מערק. אט די „אראבעס" און „רוסאס" זענען געקומען קיין מעקסיקע שטאק־ארים און זענען ביי די „פועסטאס" אויף די מערק רייך געווארן מיט גרויסע קאפיטאלן: זיי האט מען אלע איצט אראפגעטריבן און מיר, מעקסיקאנער, האבן צוגענומען פאר זיך אט די אלע „פועסטאס". איך האט דעריבער איצט די בעסטע געלעגנהייט: איך וואלט אייך געראטן, אז איר זאלט שוין גלייך מיט מיר מיטפארן קיין מעקסיקע. דא האט איר גארנישט וואס צו פארלירן, דארט, אין מעקסיקע, וועל איך שוין זען פאר אייערטוועגן עפעס א גוטע „פועסטא"; די ערשטע צייט וועל איך מאכן מיט אייך שותפות, ביז איר וועט זיך צוגעוווינען צום האנדל: דערנאך וועט איר זיך קאנען בלייבן אליין, ווי איר וועט וועלן.

ליטשא איז גאר אנטציקט געווארן פון פעטערס פלאן און זי האט מיט שטאלץ געטראכט פון איר פעטער:

— נישט אומזיסט האלטן אים אלע פאר א קלוגן מענטש.

מאנועלן אבער איז עס גארנישט געפעלן געווארן. ערשטנס, איז אים געווען א ווייטיק צו פארלאזן גוואנאכואטא, ווו ער איז געבוירן און דערצויגן געווארן. קיינמאל אין לעבן איז ער פון דאנען נאך נישט ארויסגעפארן, פלוצלונג גיי פאררוק זיך אזוי ווייט, אזש קיין מעקסיקע. און טאמער נעמט מען צוריק ארבעטן אין די מינעס, וועט ער, מאנועל, אפילו גארנישט וויסן. צווייטנס, האט ער בכלל נישט געגלויבט דעם פעטער: ער האט אים געהאלטן פאר א ליגנער, א פלאפלער, א באריי־

מער. און באזונדער — האט ער סתם מורא געהאט פארן פעטער, כאטש ער האט אליין נישט געוווסט פארוואס.

ליטשא האט זיך אבער איינגעקשנט, אז מ׳דארף אויסנוצן די געלעגנהייט און מ׳זאל מיטפארן מיטן פעטער קיין מעקסיקע.

— ער איז א קלוגער מענטש, א סוחר — האט זי געטענהט: — ער פארשטייט ווי צו מאכן געשעפטן; ער וועט אונז העלפן און אויס־לערנען ווי צו ווערן סוחרים, און מיר וועלן דארט, אין מעקסיקע, רייך ווערן אזוי ווי דער פעטער זאגט.

ווי שטענדיק — און ווי ער איז אלע יארן געוווינט געווען — האט מאנועל דאסמאל אויך נאכגעגעבן איר, זיין ליטשאן, קעגן זיין אייגע־נעם ווילן.

— אפשר איז זי גערעכט, אפשר פארשטייט זי בעסער — האט ער געזוכט צו בארעכטיקן דאס פארן קיין מעקסיקע מיטן פעטער. כאטש אן אינערלעך פארגעפיל האט צו אים געשריגן: „היט זיך מאנו־על. פארן פעטער, ווייל ער איז א שווינדלער, א גנב״.

די קינדער, טשוטשא מיט פעפען, האבן גארנישט געוווסט וואס צו טון פאר פרייד, וואס זיי פארן מיטן פעטער קיין מעקסיקע: זיי האבן געטאנצט, געשפרונגען, געוואלגערט זיך צווישן די פארפאקטע פעק און אלע מאל געכאפט קושן דעם פעטער.

און מאנועל, מיט פארוויינטע אויגן, האט זיך מיטגעשלעפט, אז אן אייגענעם ווילן, פונקט א שטייגער ווי ער זאל זיין א טייל פונם גאנצן געפעק, וואס מ׳האט פארגעסן איינצופאקן און אפשיקן מיטן באגאזש און מ׳האט עס געמוזט מיטפירן מיט זיך.

אזוי זענען זיי אין א הייסן יולי־פרימארגן אנגעקומען קיין מעקסי־קע.

---

אוועק עטלעכע טעג, איז דער פעטער געקומען מיט א פריילעכער בשורה, אז ס׳איז אים געלונגען, קוים מיט שוועריקייטן, צו באקומען צוויי גוטע „פועסטאס״: איינע אויף „לאגוניא״ און די צווייטע אויפן מארק פון „סאן קאזמע״.

— וואס דען! — האט ער זיגעריש אויסגעשריגן — אויף עפעס

רעכטס זענען פאראן געגוג בעלנים; אבער דאס וואס איך קאן דער־גרייכן, וועט קיינער נישט דערגרייכן.

דערביי האט ער, מיט א ווונק מיט די אויגן, אזוי שארף באטאנט דעם „איך״, ווי אנצומערקן דערמיט עפעס א געהיימע גרויסקייט, וואס ער באזיצט.

איז אבער געווען א צרה, וואסביידע „פועסטאס״ האבן אפגע־קאסט אזוי פיל געלט, און ווען ס׳איז געקומען איינצוקויפן סחורה, האט זיך ארויסגעוויזן, אז ס׳איז שוין געבליבן גאר ווינציק געלט.

דער פעטער איז דאך אבער „א קלוגער מענטש״, האט ער צו דעם אויך געפונען אן עצה: צו בארגן געלט אויף פראצענט. האט מאנו־על אונטערגעשריבן וועקסלען און דער פעטער האט „געשאפן דאס געלט״.

יעדן אוונט, אז מ׳האט אהיימגעבראכט דאס געלייזטע געלט פון ביידע „פועסטאס״, האט ליטשא גאר אויפגעלעבט: זי פלעגט מיט א באזונדערן פארגעניגן עטלעכע מאל דאס איבערציילן און זי האט שוין פאנטאזירט, וואס זי וועט אלץ קויפן, זיך מאכן און קליידן זיך ווי אין מעקסיקע, „נישט ווי אין פויערישן גואנאכואטא״.

מאנועל אליין האט זיך אויך ביסלעכווייז אנגעהויבן צוצופאסן צו זיין נייעם שטאנד, אלס סוחר: דאס קלינגען פון געלט א גאנצן טאג אין זיין האנט האט אים ווי היפנאטיזירט און ארייננעווארפן אין א דערהויבענער צופרידנקייט. און ער האט שוין געטראכט:

— טאקע א קלוגער מענטש, דער פעטער.

אזוי זענען אוועק עטלעכע מאנאטן. מ׳האט געלייזט געלט און געקויפט פרישע סחורה; אבער יעדן אוונט פלעגט מאנועל זיך קלאגן, אז ס׳פעלן אוים א סך ארטיקלען, וואס פריער זענען זיי געווען און מ׳האט גוט געלייזט פאר זיי און מען בעט זיי נאך: ווען מ׳זאל זיי נאכאמאל קויפן, וואלט מען א סך מער געלייזט. האט אים דער פעטער בארואיקט:

— זאל מען נאר אפצאלן דאס געלט. ויאס מ׳איז שולדיק, וועט מען ווידעראמאל בארגן געלט. דעמאלט וועט מען קאנען פארגרעסערן די „פועסטאס״ און אריינגעמען נאך ארטיקלען.

מאַנועל האָט שוין געהאַט פּולן צוטרוי צום פּעטער, — האָט ער געטראַכט:

— געוויס ווייסט ער וואָס ער טוט.

דערווייל אָבער זענען די „פּועסטאָס" מיט יעדן טאָג געוואָרן לייד־דיקער און ס'איז שוין כמעט נישט געווען פאַרוואָס צו לייזן. און דאָ האָט זיך אָנגערוקט די לעצטע ראַטע צו צאָלן פאַרן חוב: הונדערט און פופציק פּעזעס — און ס'איז נישט געווען פון וואַנען צו צאָלן.

דער פּעטער האָט זיך געקלאָגט:

— ס'איז אַזאַ שלעכטע צייט, מ'לייזט גאָרנישט און אין דעם, וואָס מ'פאַרקויפט, פאַרדינט מען אויך נישט. אַזאַ ביטערע קאָנקורענץ!

אַז ס'איז געקומען די צייט פון צאָלן, האָט מען „עמבאַרגירט" ביידע „פּועסטאָס", און נישט פאַר הונדערט און פופציק פּעזעס, נאָר פאַר די גאַנצע זעקס הונדערט...

האָט מאַנועל זיך צעוויינט:

— סטייטש, מיר האָבן דאָך שוין אָפּגעצאָלט דריי ראַטעס: פיר הינדערט מיט פופציק פּעזעס!

איז דער פּעטער געשטאַנען ווי כלומרשט אַ פאַרלוירענער און נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן.

און אַז ליטשאַ האָט זיך צעשריגן:

— פּעטער, איר זענט דאָך אַ קלוגער מענטש. גיט אַן עצה, וואָס זאָל מען איצט טון.

האָט ער מיט אַזאַ צעבראָכענעם, נעבעכדיקן טאָן געענטפערט:

— איך בין נאָר געווען קלוג אַזוי לאַנג, ווי כ'האָב געהאַט געלט, אָבער אַז כ'האָב נישט קיין געלט, בין איך אויס חכם. איך בין בדלות געוואָרן ביי אייערע „פּועסטאָס". איר האָט מיך אומגליקלעך געמאַכט.

ווידער איז מאַנועל געשטאַנען פאַר דער זעלביקער פראַגע, ווי מיט מאָנאַטן צוריק אין גוּאַנאַכואַטאָ:

— וואָס טוט מען איצט?

און דאַסמאָל איז די פראַגע געווען נאָך דרינגלעכער און שאַרפער ווי פריער, ווייל פון זיין גאַנצן קאַפּיטאַל איז אים איצט געבליבן קוים צוואַנציק פּעזעס...

מאַנועל האָט זיך גוט אַריינגעטראַכט אין אַלע איינצלהייטן פון דער גאַנצער לאַגע זיינער און ער איז געקומען צום באַשלוס:

— איך בין געבוירן געוואָרן צו זיין אַן אַרבעטער און אַן אַרבעטער דאַרף איך שטאַרבן. דער האַנדל איז נאָר פאַר שווינדלערס און גנבים. מיר אַרבעטער, קאָנען נישט לעבן פון עפּעס אַנדערש, ווי נאָר פון אַרבעט.

און ער האָט זיך אַרויסגעלאָזט זוכן אַרבעט.

גאַנצע טעג האָט ער זיך אַרומגעשלעפּט — לויט די אַנאָנסן אין די צייטונגען און גלאַט אַזוי, ווו נאָר ס'האָט אים אויסגעוויזן עפּעס אַ מעגלעכקייט אויף צו קריגן אַרבעט, — ביז ער פלעגט אין אָוונט אַהיימקומען אַ דערשלאָגענער, אַ מידער, אַ צעבראָכענער, וואַרפן זיך אין בעט אַריין און קרעכצן.

עס איז אים שוין נמאס געוואָרן אַרומצושלעפּן זיך אומזיסט גאַנצע טעג איבער די גאַסן, אָבער נאָך ערגער איז אים געווען צו זיצן אין שטוב. ער האָט זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען: ער האָט זיך דערשפּירט אומעטום ווי אַן איבעריקער, און ס'האָט אים אויסגעדאַכט, אַז יעדער איינער קוקט אויף אים און טייטלט אויף אים מיט די פינגער און פרעגט: „וואָס דרייט ער זיך אַרום, אָט דער איבעריקער?"

די צוואַנציק פּעזעס האָבן זיך שוין לאַנג אויסגעלאָזט: אין קלייטל איז מען שולדיק געווען, האָט דער קרעמער נישט געוואָלט מער באָרגן; פאַר מילך איז מען שולדיק געווען, אין מאַרק שולדיק; און די קינדער: טשוטשאַ — זעקס יאָר אַלט, און פּעפּע — דריי יאָר, זענען נאָכגעלאָפן דער מוטער:

— מאַמאַ, אַזוי הונגעריק!

מער האָט שוין מאַנועל נישט געקאָנט אויסהאַלטן און ער האָט זיך היסטעריש צעוויינט.

איז טשוטשאַ צו צום פאָטער, אים אַרומגענומען און געגלעט, נישט ווי אַ קינד גלעט אַ פאָטער, נאָר ווי אַ פאָטער גלעט אַ קינד.

— שאַ, שאַ, פּאַפּאַ. מירן נישט בעטן עסן, וויין נישט.

מאַנועל האָט צוגעדריקט דעם יינגל צום האַרצן און ער האָט זיך צעבליפּעט אויפסניי.

און ליטשא האט געשפּאַנט איבערן צימער הין און צוריק אַ צען־טראָגענע, אָבער נישט קיין פאַרלוירענע, און זי האט גערעדט צו זיך אַליין:

— ניין, מ׳טאָר אַזוי ווייטער נישט לאָזן. מ׳מוז זיך נעמען אין די הענט אַריין. מעקסיקע איז אַ גרויסע שטאָט, אַזוי פיל פרויען האָבן דאָ באַשעפטיקונג, — שוין זשע זאָל איך נישט קאָנען קריגן עפּעס אַן אַרבעט? אַט די שכנישע מיידלעך — אַלע אַרבעטן זיי, ווער אַלס שניידערקע, ווער אַלס אָנגעשטעלטע; אַלע פאַרדינען זיי. און אַט איז קאַטאַלינאַ, וועלכע האַלט אויס די גאַנצע פאַמיליע פון איר פאַר־דינסט: זי אַרבעט אַלס פאַרקויפערין אין אַ געשעפט און נעמט זעכ־ציק פּעזאָס אַ חודש.

זי האט אָנגעהויבן צו נישטערן צווישן די אַנאָנסן אין צייטונג, ווו מ׳דאַרף אַן אַרבעטערין, אַ פאַרקויפערין, אַ מאַשין־שרייבערין און נאָך אַנדערע פּראָפעסיעס. און זי האט זיך אָוועקגעלאָזט איבער אַלע אָנגעגעבענע אַדרעסן. אָבער וווהין זי איז געקומען, האט מען זי באַדוי־ערט, וואָס זי איז געקומען שוין צו־שפּעט: שוין געווען פאַרנומען דער פּלאַץ.

אַזוי עטלעכע טעג. אַ גאַנצן טאָג האט זי זיך אַרומגעשלעפּט זוכנ־דיק עפּעס אַ באַשעפטיקונג און אין אָוונט איז זי אַהיימגעקומען מיטן ליידיקן, אַ פאַרמאַטערטע.

אָבער דאָך האט זי נישט אויפגעגעבן די האָפענונג. זי איז זיכער געווען, אַז פאַרט וועט זי געפינען עפּעס אַן אַרבעט.

דערווייל איז די נויט אין שטוב מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ שרעקלעכער און געפערלעכער: שוין ביי אַלע שכנים האט ליטשא גע־באָרגט מאַאיס־טייג און „פריכאָלעס”, זי האט שוין מער נישט געקאָנט גיין באָרגן. פּעפּע — דאָס יינגערע ייִנגל — איז געלעגן אַ פאַרשמאַכ־טער אין מער ווי אַביסל וואַסער צו געבן אים, איז אין שטוב נישט געווען, און טשוטשא — דער עלטערער — ציטערנדיק פון הונגער, האט זיך געטוליעט צום פאָטער: „ניין פּאַפּאַ, כ׳וועל נישט בעטן עסן, ווייִן נישט, פּאַפּאַ”. און ליטשא האט געשפּירט ווי די פּיס ברעכן זיך איר אונ־טער, נישט אַזוי פון איר אייגענעם הונגער, נאָר ס׳איז שוין געווען אי־בער אירע כוחות צו קוקן אויף די קינדער, זי האט געשפּירט, אַז זי וועט

עס נישט אויסהאלטן, אז אט אט פאלט זי אוועק, — האט זי זיך אנגענומען מיט די לעצטע כוחות, געגעבן א קאלטן טרונק וואסער און מיט אימפעט איז זי ארויסגעלאפן אין גאס אריין.

זי האט זיך ארומגעדרייט איבער די גאסן אן א ציל, אן עפעס צו זוכן, נאר גלאט אזוי, אבי נישט צו זיין אין שטוב און צו זען ווי די קינדער גייען אוים פון הונגער. און דא איז איר געקומען אויפן געדאנק: אפשר אויסשטרעקן א האנט, בעטן מ'זאל רחמנות האבן אויף אירע הונגעריקע קינדער און עפעס שענקען. אבער אויף קיין פאל האט זי ביי זיך דאס נישט געקאנט פועלן. בעסער — האט זי באַשטימט — ארונטערצווארפן זיך אונטערן טראמוויי, מאכן אן עק פון לעבן און קיין האנט וועט זי נישט אויסשטרעקן.

האט זי זיך אזוי ארומגעדרייט א פארשמאכטע, א צעטראגענע, אן אויפגערעגטע און א הונגעריקע איבער די גאסן, נישט ווייסנדיק אליין צו וואס און וווהין.

צו אלע אירע צרות, איז זי נאך געווען וווּנדער־שיין, האט פאר־מאגט אזא איידעלן, עלעגאנטן אויסזען, און דאס אפגעצערטקייט און אויפגערעגטקייט אירס האט נאך צוגעגעבן די אויגן אירע אזא בליאס־קענדיקן רוף און פארשטראלט איר פנים מיט אזא רייצנדיקער חנעוו־דיקייט, וואס האט נישט פארבייגעלאזט קיין מאן, וואס זאל זי נישט דורכשטעכן מיט אויפפאדערנדיקע בליקן, און טייל מענער — מיט שארפע חוצפהדיקע אנדייטונגען.

דא האט זיך איר פלוצלונג א נייער געדאנק אריינגעגנבעט אין קאפ אריין. צום אנהויב — אזוי פארטושט און נעפלדיק: ביסלעכווייז אבער האט דער געדאנק אלץ בולטער און אלץ קלארער אויף כוח זיך אריינגעריסן אין איר טראכטן, פון וועלכן זי האט זיך געוואלט באַפרייען און אפטרייסלען, אבער זי האט שוין נישט געקאנט... דער גע־דאנק האט זי וואסאמאל מער ארומגענומען, זי פעסט געהאלטן און נישט געוואלט אפלאזן... זי האט זיך אנגעהויבן צו ראנגלען מיטן דא־זיקן ווילדן און פרעכן געדאנק, זיך געראנגלט אזוי לאנג, ביז דער געדאנק איז געווארן אלץ שטארקער און שטארקער און זי, קעגן אים,

אַלץ שוואַכער און שוואַכער, און ער האָט איר פולשטענדיק גובר געווען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין זעלביקן אוונט איז ליטשאַ אַהיימגעקומען אַ שיינענדיקע, אַ גליקלעכע, מיט אַ גרויסן פּאַק פון כל טוב: ברויט, פּוטער, וווּרשט, צוקער, אייער און אפילו שאָקאָלאַד פאַר די קינדער. זי איז צו צום אויסגעהונגערטן, פאַרשמעלעטן מאַנועלן, האָט אים אַרומגעכאַפּט, געטומען קושן און האַלזן מיט אַזוי פיל ליבע, צערטלעכקייט און זודיקע טרערן — — —

— ענדלעך — האָט זי געזאָגט — האָב איך באַקומען אַ פּאָסטן אין אַן אַראַביש געשעפט, אַלס פאַרקויפערין און מ'האָט מיר געגעבן פאַרויס אַן אַוואַנס, פינף פּעזעס.

דעם ערשטן מאָל, נאָך אַזאַ לאַנגער צייט, וואָס אַלע אין שטוב האָבן געגעסן צו דער זעט און מאַנועל מיט ליטשאַן האָבן זיך אויך פאַרגונען צו זיין טרייע מאַן און ווייב...

אויף צומאָרגנס האָט זיך ליטשאַ אויסגעפּוצט אין שענסטן, וואָס זי האָט נאָר געהאַט, און איז אַוועק צו דער אַרבעט...

ווידער איז זי אַהיימגעקומען אין אָוונט אַ פריילעכע, און זי האָט דערציילט אַזאַ געשיכטע: ווען זי איז געקומען אויפן נעכטיקן פּלאַץ אַרבעטן, האָט איר דער באַלעבאָס איבערגעבעטן, אַזוי ווי די פריערדיקע פאַרקויפערין זיינע איז צוריקגעקומען, דאַרף ער שוין נישט מער קיין צווייטע און ער האָט איר געשענקט די פינף פּעזעס, וואָס ער האָט איר נעכטן געגעבן, איז זי אַוועק ווידער זוכן אַרבעט און זי האָט זיך אַזוי אַרומגעדרייט אַ גאַנצן טאָג. ביז ערשט פאַרנאַכט צו האָט זי געקראָגן אַ פּאָסטן אין אַ רייך טרומנע-געשעפט און מ'האָט איר געגעבן אַן אַוואַנס פון צען פּעזעס.

מאַנועל האָט הייליק געגלויבט אין אַלץ, וואָס זיין טרייע ליטשאַ האָט אים דערציילט. אַ דעם מינדסטן חשד אפילו, און ער האָט זיי געטראַכט:

— אין מעקסיקע האָבן פרויען מער מזל איידער מענער...

ווידער איז ליטשא אוועק צו דער ארבעט און איז אהיימגעקומען אין אוונט מיט א נייעס:

— אז כ׳בין געקומען צו דער ארבעט, האב איך געטראפן דאס געשעפט פארמאכט, און ווו דער באלעבאס וווינט, ווייסט איך נישט — האב איך נישט געוווסט וואס צו טון. א לאנגע צייט האב איך גע־ווארט פאר דער טיר פון געשעפט, — אפשר וועט דער באלעבאס אנקומען. אבער אז כ׳האב געזען ס׳איז שוין נאך האלבן טאג און דער באלעבאס איז נישטא, האב איך זיך אוועקגעלאזט זוכן ארבעט ערגעץ אנדערש, ביז כ׳האב געקראגן ארבעט ביי א אינזשיניערן־קאמפאניע, ווו מ׳צייכנט און מ׳פאטאגראפירט פלאנען. דארט וועל איך דארפן וואשן די פאפירן אין אזעלכע וואסערן, — נישט קיין שווערע אר־בעט, און ווען כ׳האב געבעטן, צי מ׳קאן מיר נישט געבן עפעס אן אוואנס, האט מען מיר געגעבן צען פעזעס.

דערביי האט זי אויסגעציילט אויפן טיש צען זילבערנע פעזעס, כדי מען זאל חלילה נישט מיינען, אז זי האט אויסגעטראכט א ליגן...

מאנועל האט זי ארומגעכאפט און געקושט.

— אך, סארא מזלדיקע דו ביסט! — האט ער אויסגעשריגן אין עקסטאז, אז צו דענקען פון וועלכן ס׳איז מינדסטן חשד וועגן אירע גליקן.

ביינאכט האבן זיך מאן און ווייב דורכגערעדט איבער דער לאגע זייערער און וועגן פארשידענע מעגלעכקייטן אויף ווייטער. האט לי־טשא פארגעלייגט: אזוי ווי דא, אין מעקסיקע, איז זייער לייכט פאר א פרוי צו קריגן א שטעלע און דערביי באקומען אן אוואנס, — הײנט צו וואס זשע זאל זי גיין ארבעטן, מומשען זיך א גאנצן חודש פאר פערציק־פופציק פעזעס און זיין דערביי פארנומען א גאנצן טאג, פון פרי ביז נאכט? אז זי קאן אזוי, פון „נעמען אוואנסן", האבן צען מאל מער און נאר זיין פארנומען יעדן טאג בלויז עטלעכע שעה נאכ־מיטאג אויף זוכן א נייעם פאסטן...

מאנועל איז זייער נישט איינשטימיק געווען מיט זיין פרוי. ער — אז ארבעטער אן חכמות — האט זיך געהאלטן ביי זיינס, אז ווען מ׳נעמט ביי יענעם געלט, דארף מען אים געבן ארבעט. אבער ליטשא האט אים געגעבן צו פארשטיין:

— פאַרוואָס זיי, די באַלעבאַטים, ווען זיי קאָנען, עקספּלואַטירן ז דעם אַרבעטער אַז רחמנות און זיי ווערן רייך אויפן אַרבעטערס פליי־צעס. דערפאַר, ווען דער אַרבעטער קאָן דעם באַלעבאָס אַנפּרייערן, מעג ער עס אויך.

מאַנועלס פּשוטער שכל האָט עס נישט געקאָנט און נישט געוואָלט באַגרייפן. ער איז אָבער צו שוואַך געווען איבערצושפּאַרן ליטשאַן, איר וואָרט איז שטענדיק שטאַרקער געווען פון זיינס, בפרט דאַסמאָל איז זי אַוודאי געווען די שטאַרקערע. זי איז דאָך איצט געווען די שפּייזעריז, זי האָט דאָך די גאַנצע פאַמיליע געראַטעוועט פון הונגער, — האָט ער זיך געטראַכט:

— זאָל זי טון וואָס זי וויל, אפשר פאַרשטייט זי בעסער.

און אַזוי האָט זיך עס איינגעאָרדנט: אין דער פרי איז זי, ליטשאַ, געווען אין שטוב, אַרום די קינדער און דערווירטשאַפט. בלויז נאָכמיטאָג איז זי אַרויס אויף עטלעכע שעה און געבראַכט אַ נייע שטעלע מיט אַן אַוואַנס, אַמאָל פינף פּעזעס, אַמאָל צען און טיילמאָל צוואַנציק פּעזעס אויך...

מאַנועלן האָט עס אָבער פאָרט נישט געלאָזט רוען, די אומיושר־דיקייט פון דער זאַך:

—סטייטש — האָט ער געטענהט צו זיך אַליין, — וואָס הייסט צו נעמען ביי יענעם אומזיסט געלט און גאָרנישט געבן דערפאַר!

עס האָט אים געפּייניקט און געמאַטערט דער דאָזיקער געדאַנק, און כדי צו מאַכן אַ סוף צו זיין ווייבס אומערלעכע אַוואַנסן, האָט ער אַליין ווידער אָנגעהויבן מיט שטאַרקער ענערגיע צו זוכן אַרבעט. פון באַגינען אָן, יעדן טאָג, איז ער אַרומגעגאַנגען, ווו נאָר אַן אויסזיכט, ווו נאָר אַ מינדסטער שאַנס אויף אַרבעט, ביז ענדלעך, נאָך לאַנגן זוכן, האָט ער באַקומען אַרבעט אין אַ שאַכטל־פאַבריק, פאַר אַ פּעזע מיט פופציק אַ טאָג.

אַ גליקלעכער איז מאַנועל געקומען צו לויפן אַהיים מיט דער בשורה. אָבער ליטשאַ האָט זיך געהאַלטן ביי אירס, אַז זי וועט אירע אַוואַנסן נישט אויפגעבן.

זי האָט געהאַלטן אין איין טענהן:

— אויף וויפיל „זיי" קאָנען אונז עקספּלואַטירן, עקזיסטירט נישט

פֿאַר זיי קיין יושר און נישט קיין רחמנות: דערפֿאַר, וואָס מיר קאָנען. דאַרפֿן מיר זיך אויך נישט רעכענען מיט גאָרנישט.

באַזונדער האָט זי אַרגומענטירט:

— פֿאַרוואָס קומט עס זיי, די לײַדיקגייערס, אַז זיי זאָלן לעבן אַזוי רײַך און מיר, אַרבעטער, זאָלן שטענדיק זיך וואַלגערן אין אָרעמ־קייט? אויב מיר האָבן אַ געלעגנהייט, דאַרפֿן מיר עס אויסנוצן, אויך צו לעבן ווי מענטשן...

האָט זיך אַזוי זייער לעבן פֿאַנאַנדערגעטיילט: אַ גאַנצן טאָג האָט מאַנועל געאַרבעט שווער אין דער שאָכטל־פֿאַבריק און יעדע וואָך האָט ער אַהיימגעבראַכט זײַנע פֿאַרהאַרעוועטע ניין פּעזעס, וועלכע זענען אים געווען צוקער־זיס. און יעדן טאָג, נאָכמיטאָג, איז ליטשאַ אַרויס אויף אַ פּאָר שעה און געבראַכט אַן אַוואַנס מער ווי מאַנועלס אַ גאַנצע וואָך אַרבעט, אָבער וואָס עס האָט מאַנועלן פֿאַרדראָסיק געקרענקט און געפּייניקט זײַן געוויסן.

יעדן אָוונט, אַז מאַנועל פֿלעגט אַהיימקומען פֿון דער אַרבעט און האָט נאָך זײַן פֿרוי אין שטוב נישט געטראָפֿן, האָט ער זיך דערשפּירט ווי אַ גנב, נאָך ערגער — ווי אַ מאַן, וואָס האָט אַרויסגעשיקט זײַן ווײַב גנבענען. דער דאָזיקער געדאַנק האָט געריסן אויף שטיקער זײַן ערלעכע נשמה און נישט געלאָזט אים רוען. ער האָט געטראַכט, אַז סוף כּל סוף וועט מען זי דאָך כאַפּן און אַרעסטירן ווי אַ שווינדלעריןן. אַ גנבטע, וואָס האָט אויסגענאַרט אומזיסט ביי מענטשן געלט און אפֿשר וועט מען אים אויך אַרעסטירן. און זיי וועלן זײַן גערעכט, וואָרום אויב אַ מאַן שיקט זײַן ווײַב גנבענען, איז ער אַליין אויך אַ גנב.

און אַז ליטשאַ האָט זיך אַמאָל פֿאַרשפּעטיקט אין אָוונט, איז ער שוין געווען זיכער, אַז מ׳האָט זי אַרעסטירט. און די אויגן פֿון קאָפּ זענען אים שיעור נישט אַרויס, ביז ער האָט שוין דערלעבט זי צו זען.

כּדי זיך אָפּצורעדן פֿונם האַרצן אַלץ, וואָס האָט אים אַזוי פּײַנלעך געדריקט, פֿלעגט ער נעמען דעם עלטערן ייִנגל, טשוטשאָ, צו זיך אויף דער שויס, און פֿאַר אים זיך אָפּרעדן, ווי פֿאַר אַ גרויסן מענטש און פֿאַר אים זיך אויסוויינען:

— דער מאמעס אוואנסן וועלן מיך דערהרגענען און אונז אלע דעם טויט מאכן — אזוי פלעגט ער זיך מיטן יינגל דורכשמועסן. — אז איך וויל נישט ווערן רייך, איך וויל לעבן ערלעך פון מיין ארבעט, ווי אלע מענטשן.

דערביי פלעגט ער אנזאגן דעם יינגל, גארנישט צו דערציילן דער מאמען, וואס ער האט מיט אים גערעדט וועגן אירע אוואנסן.

און דאס יינגל האט געוווסט, אז אוואנסן זענען אזא מין פאר־דינסט, וואס די מאמע פארדינט און דער טאטע וויל עס נישט; אבער וואס עס איז אזעלכעס, האט ער נישט פארשטאנען און צו פרעגן ביי דער מאמען האט ער מורא געהאט, ווייל דער טאטע האט אים אנ־געזאגט.

איינמאל, אין אן אוונט, ווען מאנועל איז אהיימגעקומען פון דער ארבעט — און ער איז דאסמאל זייער שפעט אהיימגעקומען — איז אין דער היים נאך אליץ ליטשא נישט געווען. עס האט אים באלד דער־לאנגט א שטאך אין הארץ. א פארגעפיל האט אים געזאגט, אז נישט קיין גוטס האט מיט איר פאסירט.

ס'איז אוועק א שעה, צוויי דריי, ס'איז שוין שפעט אין דער נאכט און ליטשא איז נאך אלץ נישטא. מיט יעדער שעה שפעטער איז דער נאכט אריין איז זיך אלץ צעוואקסן זיין אומרואיקייט: עס איז שוין ווייט נאך האלבער נאכט — מאנועל איז שיעור נישט פון זינען אראפ קלערנדיק. ער האט א גאנצע נאכט נישט געקאנט איינליגן, קוים זיך דערוואַרט אויף טאג. ער איז איצט זיכער געווען, אז מען האט זי ארעסטירט, ווי ער האט עס פארויסגעזען:

— ווי דען? — האט ער צו זיך אליין גערעדט — א מענטש וועט אויסנארן ביי דער גאנצער וועלט געלט. אלס אוואנסן פאר ארבעט און מ'וועט עס שווייגן! ווי האט עס גאר געקאנט איינפאלן אזעלכעס! וואס איז, די וועלט איז הפקר? איך האב אבער געוווסט, אז מ'וועט זי סוף כל סוף ארעסטירן. כ'האב עס איך נישט איינמאל געווארנט. אבער זי האט זיך איינגערעדט, אז זי איז קלוגער פון דער גאנצער וועלט און אז זי פארשטייט בעסער.

— אבער וואס טוט מען איצט? ווו גייט מען זי זוכן? און אז

איך וועל זי שוין געפינען, וועט מען דאך מיך אויך אַרעסטירן, אַלס דער זעלביקער גנב ווי זי, און זיי וועלן זיין גערעכט.

אָבער וואָס וועט זיין מיט די קינדער, אַז מיר ביידע וועלן זיצן אַרעסטירט?

ביי דער אַרבעט איז ער, מאַנועל, אַ גאַנצן טאָג געווען אַ צעד־הישטער, אַ צעטומלטער, נישט געוווּסט וואָס מען רעדט צו אים און די אויגן האָבן נישט געזען, וואָס די הענט טוען. אַז ער איז אַהיימ־געקומען אין אָוונט, האָט אים די שטוב אויסגעזען אַזאַ פאַרחושכטע, אַזאַ פאַרמרהשחורהטע, אין דער ערגסטער צייט פון שרעקלעכן הונגער און נויט, נאָר אַז ליטשאַ איז געווען אין שטוב, איז אים אַלץ אין שטוב געווען ליכטיק און ליב, און איצט — אַזאַ שוואַרצער טרויער און ווייסטער אומעט האָט פאַרהילט די גאַנצע שטוב, און מאַנועל האָט געמיינט, אַז דער קאָפּ וועט אים פּלאַצן פון דער עלנטקייט. אין וועל־כער ער האָט זיך פּלוצלונג דערפילט.

אויפצומאָרגנס, באַלד אין דער פרי, האָט מאַנועל אַריינגעפירט די קינדער צו אַ שכנטע און אַליין האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט איבער אַלע קאָמיסאַריאַטן. נאָכפרעגן צי מ'האָט נישט אַמאָל אַרעסטירט אַ פרוי מיטן נאָמען פּעליסאַ קאַנטרעראַס.

און ער האָט זיך געטראַכט:

— וואָס וועט זיין, זאָל זיין, זאָל מען מיך אויך אַרעסטירן!

אין דעם זעקסטן קאָמיסאַריאַט האָט מען אים פאַרדעכטיק באַ־טראַכט און געפרעגט:

— וואָס זענט איר דער פרוים?

האָט אַן אינסטינקט פון זעלבסט־שוץ אונטערגעזאָגט מאַנועלן, אַז ער זאָל נישט זאָגן, אַז ער איז איר מאַן.

— איך בין אירס אַ ברודער — האָט ער געענטפערט.

האָט דער קאָמיסאַר מיט אַ צינישן געלעכטער געמאָלדן, אַז די פרוי פּעליסאַ קאַנטרעראַס איז אַרעסטירט געוואָרן, ווייל זי האָט גע־טריבן עפנטלעכע פּראָסטיטוציע אַן דער געהעריקער דערלויבעניש: שוין אַ לאַנגע צייט ווי זי האָט מאַנעוורירט אַלס גאַסן־פרוי אָן קיין מעדיצינישע אונטערזוכונג. האָט מען זי פאַרהאַלטן, נאָך אַן אונטער־

זוכונג, האט מען געפונען, אז זי איז ווענעריש קראנק און מ׳האט זי אפּגעשיקט אין א שטאטישן שפּיטאל.

ווי א פארמשפּטער הערט אוים זיין טויט־אורטייל, אזוי האט באַ־נוּעל אויסגעהערט די דאזיקע אינפארמאציע. עס האט אים מיטאמאל גענומען מישן אין קאפּ, שווינדלען פאר די אויגן. ער האט דערפילט, ווי א שווערע מַשא זאל אים האבן האסטיק אויפן קאפּ ארויפגעפאלן. ער איז געפאלן אין חלשות. מען האט אים קוים דערמונטערט. און ווען ער איז געקומען צו זיך, איז דער ערשטער געדאנק זיינען געווען — אוועק אין שפּיטאל אריין.

ס׳איז געווען מיטאג־צייט, ווען מאנועל איז ארוים פון קאמיסאַ־ריאט; מענטשן, מאסנווייז, זענען געגאנגען אהיים פון דער ארבעט אויף מיטאג־עסן. יעדער איינער איז איילנדיק געגאנגען אין א באַ־שטימטער ריכטונג; נאר איין מאנועל האט זיך געפּלאנטערט צווישן אלע מענטשן — א פארטומייעטער, א בלאנדזשענדיקער, א פארחלומ־טער און ציללאזער — מיט א פולן קאפּ צונויפגעמישטע געדאנקען און געפילן, איינער פארפּלאנטערט אין אנדערן, נישט צום אויספּלאנטערן: נקמה און רחמנות; שאנדע, כעס און מיטלייד; האס, פארצווייפלונג און ליבע; ווילדער צארן און סענטימענטאלע ווייכקייט, אלץ צוזאמען אין איין מיש־מאש. און איבער אלץ האט אים באהערשט אזא מאדנע שוואכקייט, אפּהענטיקייט און הילפלאזיקייט, ווי א קליין קינד, וואס האט פארבלאנדזשעט און קאן נישט געפינען דעם וועג אהיים צו דער מאמען...

אזוי גייענדיק, איז ער פארביי א קאנטינע, וווהין די פיס האבן אים אליין אריינגעפירט אן זיין אייגענעם ווילן.

נאך די ערשטע דריי גלעזלעך, האט מאנועל דערשפּירט, ווי ס׳איז אים געווארן גרינגער אויפן הארץ, פרייער אויפן געמיט און ליכטיקער אין קאפּ: באלד איז געקומען א פערט גלעזל און א פינפטס און נאך און נאך. מאנועל איז שוין צוריק געווען דער גליקלעכער, מונטערער און זארגלאזער ארבעטער, אויף וועמען עסווארט אין דער היים א ליבע פרוי, א שיינע ליטשאַ און צוויי טייערע קינדער...

אויפגעצויגן אויף דער לענג פונם טראטואר האט מאנועל א כראַ־

פענדיקער אריינגעצויגן אין זיך די היימישע לופט פון זיין ליבע היים־שטאט גואנאכואטא, ווו ער האט זיך צוריק געפונען נאך אזוי פיל כּאנאטן פון צרות, ליידן, אומגליקן, נויט, שאנדע און פארצווייפלונג, פון דער פאלאצן־שטאט מעקסיקע...

---

שפּעט אין אוונט. ביידע קינדער האבן זיך געטוליעט איינער צום צווייטן אין דער קאלטער, אומהיימלעכער, שכנישער פרעמדקייט. און ווען פּעפּע האט זיך צעוויינט, בענקנדיק נאך „פּאפּא און מאמא", האט אים טשוטשא, דער עלטערער, פאטערלעך געדריקט צו זיך, גע־גלעט אים איבערן קעפּל, בארואיקט אים און געטרייסט:

— שא, וויין נישט. באלד וועט קומען דער פאפא פון דער אר־בעט, און די מאמא וועט קומען פון די „אוואנסן".

# אַן אידיאָט...

ערשט דריי וואכן ווי איר מוטער איז געשטארבן, האט זי ארויסגעפירט מיט זיך פון גוואדאלאכארא דעם טרויער אין דער שווארצער קליידונג אירע. אויף איר פנים אבער און אין איר גאנצן געמיט־צושטאנד איז דער מינדסטער צייכן פון טרויער נישט געווען צו דערקענען. פארקערט, — צו אירע גרויסע, ליכטיקע און לעבהאפטע אויגן: צו איר יונג, אויסגעפולט, חנעוודיק און טונקל געזיכט: און צו אירע צעשמייכלטע, האלב אפענע ליפן, האט די שווארצע קליידונג איר צוגעגעבן מער אויפגעהייטערטקייט און מער שטיפערישקייט, ווי טרויער.

זיצט זי אין וואגאן ביים אפענעם פענסטער, מיטן קאפ ארויסגעבויגן אין דרויסן און שעפט אין זיך אריין די פרישע, קילע באגינען־לופט, וועלכע וועפט ביי איר אויס די שלעפעריקייט פון דער שלאפלאזער נאכט. איר אינטערעסירט גארנישט אין דעם מאמענט דער אינעווייניק פון וואגאן, נישט די מיטרייזנדע און נישט זייערע געפעק, אפילו איר אייגן געפעק — אויך נישט. זי קאן זיך נישט אפרייסן פון די פארביי־לויפנדיקע פעלדער, וועלכע קומען ארויס מיט א באזונדערן אייגנארטיקן קאליר אונטער דעם אפשיין צווישן נאכט

און טאג. א קאליר, וואס איז ענלעך צו גרין און בלוי צונויפגעמישט, אונטער א פארשלייערטער באזילבערטער דורכזיכטיקייט. יעדע פאר־ביייגייענדיקע קלייניקייט אנטציקט איר און זי איז אינגאנצן, מיט אלע אירע זארגלאזע חושים אינם באגינענדיקן, פארביילויפנדיקן דרויסן.

דער קאנדוקטאר גיט איר א טרייסל ביי דער האנט, פרעגנדיק אויף א בילעט. נעמט זי אריין דעם קאפ אינעווייניק, קוקט זיך ארום מיט דערשטוינונג אויף דער גאנצער וואגאנדיקער אויסשטאטונג: אויף די זיך־טרייסלענדיקע, האלב דרימלענדיקע פאסאזשירן און אלע זעט איר אויס אויגנבליקלעך אזוי ווילד פרעמד, אומבאקאנט און זי קוקט מיט פארוואונדערונג אויף זיך אליין, וואס זי טוט דא. באלד אבער קומט זי אין דערמאנונג און אויף אירע ליפן נעמט זיך באַ־וועגן א גוטמוטיקער צופרידענער שמייכל, אליין נישט ווייסנדיק פארוואס.

דער בלאנדער יונגערמאן, וואס זיצט קעגנאיבער איר, נעמט עס אן אויף זיין חשבון, ווערט ער דרייסט און פרעגט איר, צי זי „ספיקט ענגליש", אויסרעכענענדיק מיט זיין „ענגליש ספיקן" צו מאכן אויף איר אן איינדרוק אלס אמעריקאנער און געווינען רעספעקט. און ווען זי ענטפערט אים גאנץ גלייכגילטיק, אז זי פארשטייט נישט קיין ענגליש פרעגט ער איר שוין אויף שפאניש, פון וואנען זי פארט און וווהין. זי ענטפערט אים היימישלעך, מיט א צעגאסענעם קינדערשן געלעכטער איבער איר חנעוודיק פנים, און באלד פארבינדט זיך צווישן זיי א ביינטלעכער, היימישער געשפרעך, וואס איז אייז וואגאן, און ביי איין פענסטער איז עס זייער לייכט און נאטירלעך.

עס ווערט פון מינוט צו מינוט אלץ ליכטיקער און ליכטיקער. די זון זעט זיך שוין ארויס פון מזרח, פונקט אין דער זייט פון זייער פענסטער און די ערשטע שטראלן, וואס פאלן אויף ביידנס געזיכטער אין באלעבן זייער מונטערקייט — דערנענטערט און פארבינדט זייערע ביידנס מאנענדיקע בליקן. דאס דריקט זיך שארף אויס אין פארם פון זייער געשפרעך און אין דער פאזע פון זייער האלטן זיך. אזוי נישט באמערקנדיק, ווען און ווי אזוי, איז שוין דער צוג אויף דער סטאציע יורעקארא.

דער זייגער איז צען. און אויף דער סטאַציע יורעקאַרא שטייט דער צוג צוואַנציק מינוט.

ביידע גייען זיי צוזאַמען אַראָפּ עסן פֿרישטיק אינם רעסטאַראַן פֿון וואָקזאַל. ביידע צנויפֿגעפּרעסט געאָרעמט, ווי אייגענע, וואָס רייזן דעם וועג צוזאַמען מיטן זעלביקן ציל, שפּאַצירן זיי הין און צוריק איבער דער פּלאַטפֿאָרם. ער רופֿט זי עממאַ, און זי אים — אַדאָלפֿאָ.

אַריינגעשטיגן אינם וואַגאָן, זעצן זיי זיך ביידע אויף איין באַנק, זי ביים פֿענסטער און ער האַרט נעבן איר — שפּילנדיק זיך מיט אירע פֿינגער.

אַ צען מינוט שפּעטער, קלאָגט זי זיך אויף שלעפֿעריקייט און קאָפּ־שמערצן, פֿון אַ גאַנצע נאַכט נישט־שלאָפֿן. ער רוקט זיך אָפּ, מאַכט פּלאַץ פֿאַר איר, אויסצוציען זיך אויף דער באַנק און דעם קאָפּ אָנצוקוואַלייגן צו אים אויף דער שויס. אַזוי מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, גיט זי אים אַלע פֿרייהייטן, וואָס זענען מעגלעך צווישן מענטשן אין וואַגאָן. עס רופֿט נישט אַרויס די מינדסטע פֿאַרוואונדערונג ביי קיינעם — אויף דעם זענען זיי דאָך „מאַן און ווייב", טראַכט געוויס יעדער, וואָס וואַרפֿט אַ בליק אויפֿן דאָזיקן פּאָרל.

פֿיר בייטאָג קומט אָן דער צוג אין איראַפּואַטאָ, וווּ מ'דאַרף איבערזיצן אין אַ צווייטן צוג קיין מעקסיקאָ, וועלכער גייט ערשט אָפּ צוועלף ביינאַכט. ביידע — עממאַ און אַדאָלפֿאָ, נישט פֿרעגנדיק אַפֿילו איינער ביים צווייטן, נאָר ווי אַ נאַטירלעכע, זעלבסטפֿאַרשטענדלעכע זאַך, — נעמען זיי צוזאַמען אַן אויטאָ צו איין האָטעל און איין צימער.

זיי וואַשן זיך אָרום, טוען זיך איבער און גייען צוזאַמען עסן מיטאָג. נאָכמיטאָג און נאָכן דורכשפּאַצירן איבער דער שטאָט, לייגט ער פֿאָר צו גיין אין קינאָ, אָבער זי וויל נישט. זי איז זייער מיד — זאָגט זי — פֿון וועג, פֿון נישט דערלשאָפֿן און איצט ווידער אַ גאַנצע נאַכט פֿאָרן, בעסער די פּאָר שעה זיך אויסשלאָפֿן. ער פֿאַרשטייט עס אויף זיין אייגענעם אופֿן... און מיט אַ הונגעריקן קוש גיט ער צו זיין הסכּמה און זיי גייען צוריק אין האָטעל.

---

האַלב צוועלף ביינאַכט. זיי פֿאָרן צום באַן. זי — אַן אויסגעשלאָ־

פּענע, אַ מונטערע, אַ פריילעכע; ער — אַ הונגעריקער וואָלף, אַ גע־רייצטער, אַן אומבאַפרידיקטער און צעכעסטער.

זי טוליעט זיך צו אים מיט האַפנונגספולער טרייסטונג, מיט צוזאָגנדיקע בליקן און מיט לאַטשענדיקע קושן, וואָס באַרואיקט אים אביסל. עס לאַקט אים דער רייץ פון אַ גליענדיקער דערוואַרטונג...

אין וואַגאָן.

ער זיצט און דרימלט. און זי מאַכט אים פּלאַץ אויף דער באַנק אויסצוציען זיך און אוועקצולייגן זיין קאָפּ צו איר אויף דער שויס. אַזוי איז ער איינגעשלאָפן, מיט זיין צעגליטן קאָפּ אונטער אירע צערטלענ־דיקע, גלעטנדיקע פינגער. זי דערקענט אין זיין שלאָפנדיקן צע־שמייכלטן פּנים, אַז אים חלומט זיך זייער אַ צופרידענער חלום און זי איז זיכער, אַז זי ווייסט, וואָס אים חלומט...

די צופרידנקייט פון זיין פּנים גיסט זיך איבער צו איר און זי פּרעסט אים אָפּ אַ הייסן קוש אין שטערן, פון וועלכן ער כאַפּט זיך אויף. ער דערציילט איר, וואָס אים האָט געחלומט... זי פאַרמאַכט אים דאָס מויל, לאָזט אים נישט רעדן און אַליין צעלאַכט זי זיך הויך אויפן קול, אַז אַלע פּאַסאַזשירן אין וואַגאָן דרייען אויס די קעפּ צו איר, מיט פאַרווונדערונג און זיי שמייכלען.

ווידער אַ דערפרישנדיקער, קילער באַגינען. טממא איז אַרויסגעבויגן מיטן קאָפּ דורכן פענסטער, און אָטעמט אין זיך אַריין דעם פאַרביילויפנדיקן דרויסן, פאַרגעסנדיק גאָר אין כראַפּענדיקן אַדאָלפאָן, פונקט ווי זי האָט פאַרגעסן אין דעם מאָמענט אין אַלץ, וואָס געפינט זיך אינעווייניק, אין וואַגאָן. זי טראַכט איצט פון גאָרנישט, זי דענקט אפילו נישט פון דעם, וואָס איז מיט אַ סעקונדע פריער אַריבער פאַר די אויגן, זי לעבט נאָר מיט דער סעקונדע, וואָס לויפט איצט פאַרביי און דאָס גיט איר געננוג גליקלעכע, קינדערשע צעשטריי־אונג.

עס ווערט אַלץ ליכטיקער און ליכטיקער, און זי שפּירט ווי זי לעבט מיט, מיטן דרויסן און מאַכט דורך, גלייך מיט אים, די אַלע ענדערונגען פון נאַכט אויף טאָג, און עס דאַכט זיך איר, אַז זי אַליין, איז אויך אַ טייל פונם גרויסן דורכלויפנדיקן דרויסן, ביז — אַ הייַ־סער קוש אין קאַרק, רייַסט זי אַרויס און טיילט זי אָפּ פון דער דרויסנ־

דיקער װעלט. זי נעמט אַרײַן דעם קאָפּ אינעװײניק, זי קוקט אויף אַדאַלפּאַן װי אויף אַ פּרעמדן, אָבער דאָך עפּעס אַ באַקאַנטן פון דער װײַטער פאַרגאַנגענהײט. און זי באַמיט זיך צו װײַזן אַ העפלעכן שמייכל.

ביי דער נאָענטער סטאַציע ברענגט אַדאַלפּאַ װאַרעמע קאַװע מיט קיכלעך. ביידע עסן צוזאַמען און דאָס ברענגט אַרײַן צוריק אַביסל דערנענטערונג. אָבער דאָך — אַ צו העפלעכע באַציאונג פון עממאַן צי אַדאַלפּאַן, אַנשטאָט די פריערדיקע אינטימע הײמישקייט. װאָס ליכ־טיקער עס װערט און װאָס װײַטער איז טאָג אַרײַן, אַלץ מער בולטער װײַזט זיך אַרויס די דאָזיקע װאַגאָן־שכנישע העפלעכקייט איז עממאַס באַציאונג. אַדאַלפּאַ בלײַבט װי אַ צעמישטער, אַ צעטומלטער און אַן אומװאַגנדיקער. מיט עטלעכע שעה פריער האָט ער זיך דאָס גאַרנישט פאַרגעשטעלט.

---

צען אַזייגער אין דערפרי. דער צוג שטעלט זיך אויף דער לעצ־טער סטאַציע — מעקסיקע.

אין װאַגאָן איז אַרײַן אַ הויכער העלדישער יונגערמאַן, אין מי־ליטערישער קליידונג, קענטיק אַ הויכער מיליטער־מאַן. עממאַ איז מיט פריידיקן אימפּעט צו אים צו, און ביידע האָבן זיך האַרציק אַרומגע־כאַפּט און זיך צעקושט.

אַדאַלפּאַ שטייט װי אַ געלײמטער, מיט אויסגעגלאָצטע, װעלפישע אויגן, געצילט צו עממאַן און אינגאַנצן פול מיט צאָרן און אײפערזוכט. דער מיליטער־מאַן באַמערקט עס, און פרעגט עממאַן, װער ס׳איז דער דאָזיקער יונגערמאַן.

— כ׳װײס, עפּעס אַן אידיאָט — ענטפערט זי מיט אַ חוזק־טאָן. נישט קוקנדיק אפילו אין זײַן זייט.

אַ טרעגער נעמט איר געפּעק און ביידע, עממאַ מיטן מיליטער־מאַן, גייען אַראָפּ פון װאַגאָן.

אַדאַלפּאַ איז געבליבן שטיין נאָך אַלץ אויף זײַן פּלאַץ, װי אַ צו־געשמידטער, אַ פאַרגליװערטער און האָט געזאָגט צו זיך אַלײן:

— יאָ, יאָ, אװדאי בין איך אַן אידיאָט...

# אַ ג ב י ר...

זון־נידערונג, טונקל און טונקעלער, עלעקטרישע ליכט און נאַכט.
און דער טאָג איז אַ הייסער געווען, האָט דאָס אָנקומען פון דער נאַכט אַביסל קילע פרישקייט געבראַכט און מיט דער נאַכט־פרישקייט האָט זיך לאַנגזאַם אַוועקגעשאַרט דער זעקסטער מאַי און פלאַץ געמאַכט פאַר דעם זיבעטן אָנצוקומען.

איז ער געזעסן אין אַוונט, באַזילאַנסקי, אין זיין קליידער־געשעפט, הינטער דער אַראָפּגעלאָזטער רוק־טיר, געזעסן ביים שרייב־טיש, מיט די הענט אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ. פון וועלכן ס׳האָבן אַרויסגעקוקט אַ פּאָר אויסגעשטאַרטע אויגן, וואָס קוקן אינערגעץ נישט און אינגאַנצן האָט ער אויסגעזען אַ פאַרגליווערטער,— אומבאַוועגלעך. אָבער דער קאָפּ האָט געאַרבעט: דער קאָפּ האָט געמאַכט פאַרשידענע פּלענער און קאָמבינאַציעס ווו צו באַפן גמילת־חסדים און ווי אַזוי אַ ביסל סחורה אַרויסצושטופן, זאָל זיין אַפילו אונטערן קרן, אַבי צונויפ־שטעלן די נויטיקע סומע פאַר די מאַרגנדיקע וועקסלען.

אין געדאַנק האָט ער גענומען מאַכן אַ חשבון, ווי ער שטייט **אין דער וועלט און... דער** פאַרגליווערטער באַזילאַנסקי האָט פּלוצלונג אַ קאַנוווּלסיווען ציטער געטון:

— ניין, ניין, בעסער נישט רעכענען. זאלן מענטשן מיינען, ווי לאנג עס לאזט זיך, — האט ער שטיל איז זיך געטראכט און אויף זיין פנים האבן זיך באוויזן גרימאסן, ווי פון אן אינערלעכן וויי־טיק, וואס רייסט זיך ארויסצוקומען — אבער ווי לאנג וועט עס קאנען אזוי אנ־האלטן?... און דערנאך?...

א כריפענדיקער קרעכץ פון דער רוק־טיר האט באזילאנסקין איי־בערגעהאקט פון זיינע געדאנקען. די טיר האט זיך מיט אימפעט אויפ־געהויבן, באלד זיך צוריק אראפגעלאזט און ס'האט זיך באוויזן א מאג א הויכער, מיט א גרויען קאפ האר, מיט א צעקארבט אויסגעקנייטשט פנים און פון יעדן קנייטש האט ארויסגעוווּנקען א חוזק־שמייכל, אן אויסלאד פון דער גאנצער וועלט.

ער איז געבליבן שטיין ביי דער טיר, זיך איינגענעמען מיט די אייגן אין באזילאנסקין און מיט א לאקריצדיק־איראנישן רחמנות־טאן האט ער געפרעגט:

— וואס איז דיר, לייבקע? האסט געטרונקען ריצינאייל?

באזילאנסקי האט אים אנגעקוקט פארשעמט, ווי א גנב, וואס מען האט געכאפט ביי דער האנט. ער האט זיך געכאפט פאר דער באק און מיט א מכלומרשט־שמערציקן זיפץ אונטערגעקרעכצט:

— אוי, איך לייד שרעקלעך אויף די ציין.

— אזוי, דו ליידסט אויף די ציין. אויף וועמענס ציין, אויף דיי־נע, צי אויף יענעמס? זאג נאר, בעסער, קאנסט מיר אפשר בארגן א הונדערטער אויף א טאג־צוויי?

באזילאנסקי האט אויף אים אויסגעגלאצט א פאר צעשראקענע אויגן. עס איז אים פלוצלונג איינגעפאלן א געדאנק, אז זיין שוואגער, דער גרויסער מאטע, האט אלצדינג געהערט, וואס ער האט געטראכט. מאכט ער דאס פון אים חוזק און בעט ביי אים א הונדערטער, א גמילות חסד און דערנאך וועט ער אויספויקן פאר דער גאנצער וועלט, אז ער, באזילאנסקי, איז א... — ער האט מורא געהאט צו ברענגען פארן געדאנק דאס דאזיקע ווארט.

— וואס קוקסטו מיך אזוי אן, לייבקע, דו פארשטייסט נישט קיין יידיש, כ'וויל זאלסט מיר בארגן א הונדערטער אויף א צוויי־דריי טעג.

— אבער נאר אויף צװײ טעג, מאַטע.

אַז מאַטע האָט שױן געהאַט דעם הונדערטער אין האַנט, האָט ער אונטערגעברומט אַזױ, אַז באַזילאַנסקי זאָל הערן:

— און אַז עס װעט, חלילה, גערװיערן נאָך אַ טאָג, װעט ער װערן בדלות, אַזאַ אַנגעשטאָפּטער קורח! — און ער איז שנעל אַנטלאָפן, אַז אַ „גוטע נאַכט" אַפילו.

באַזילאַנסקין האָבן געשמײכלט די לעצטע װערטער מאַטעס: האָט ער אױף אַ מאָמענט, פאַרגעסן זײנע חשבונות מיט זײנע װעקסלען און אַ צעקרומטער שמײכל האָט זיך צעגאָסן איבער זײן פּנים.

שױן פאַרשליסנדיק דאָס געשעפט האָט נאָך באַזילאַנסקין געקלונגען, אַזױ מחיהדיק אין די אױערן: „אַ ז אַ אַ נ ג ע ש ט אָ פּ ט ע ר ק ו ר ח !..."

און מיט צופרידנקײט איז ער אַװעק אַהײם.

אױפן װעג, פאַרבײגײענדיק אַ קאַפע, האָט באַזילאַנסקי זיך אָפּגעשטעלט און באַטראַכט די לאָטעריע־צעטלען אין פענסטער.

ער האָט זיך אײנגעקוקט אין די נומערן און געװאָלט טרעפן, װעלכער פון זײ האָט מער שאַנסן צו געװינען מאָרגן די פּופציק טױזנט פּעזעס. ער נעמט צינױפרעכענען די ציפערן פון יעדן נומער, צי באַטרעפן זײ אַלע צוזאַמען זיבעצן — טוב: אָדער אַכצן — חי. אָבער נישטאָ אַזעלכער. און װי ר'איז אַזױ געשטאַנען אַרײנגעטראַכט אין די לאָטעריע־נומערן, איז אונטערגעקומען אַ בחור װי פון אַ יאָר צװאַנציק, אים אַ שטאַרקע געטון בײ דער האַנט:

— טאַטע, דו גײסט שױן אַהײם? איך האָב מיט דיר געװאָלט עפּעס רעדן, איך גײ מאַכן אַ געשעפט.

באַזילאַנסקי האָט אױסגעגלאָצט אַ פּאָר אױגן, און מיט פאַרװוּנדערונג און חוזק געקוקט אױף זײן בן־יחיד, װעלכן ער האָט געקענט פאַר אַ שלעכטן סטודענט און גוטן פוטבאָליסט. און דאָ פּלוצלונג — נאָדיר גאָר אַ געשעפטס־מענטש.

און מיט אַ שפּאָטישן ביטול־טאָן האָט ער געפרעגט:

— װאָס פאַר אַ געשעפטן גײסטו עס מאַכן? לאָמיר הערן.

— יאָ, אַ געשעפט און זײער אַ גוט געשעפט. — האָט דער זון געענטפערט מיט דרײסטקײט און זיכערקײט. — איך מיט מײנעם אַ

חבר בשותפות. מיר האבן געקויפט א בוד, וואס איז נאר וואס ארויס אין שפאניע, דאס בוד לערנט ווי אזוי צו פאבריצירן שאקאלאד. ער, מיין חבר, האט געגעבן די אידיי און איך דארף ארייגלייגן דאס געלט. מ׳דארף ארייגלייגן איינגאנצן פינף טויזנט פעזעס אויף מאשינען.

אזוי... נישט מער ווי פינף טויזנט פעזעס?... — האט באזי־לאנסקי געפרעגט מיט איראניע, און דערביי גוט באטראכט דעם בן־יחיד זיינעם, דעם סטודענט, וואס רעדט פון געשעפטן. און ער האט איינזיך צופרידן געשמייכלט, נישט אזוי פון זונס „געשעפטס פלאן", ווי פון דעם, וואס דער זון האלט אים פאר א גביר...

און מיטאמאל האט ער א זאג געטון צום זון:

— לויף גיכער אריין צו חיימאוויטשן און בעט אים ער זאל מיר געבן וויפיל געלט ער האט ביז מארגן איז אוונט.

— דאס איז פאר מיר, טאטע, אויף מאשינען צו מאכן שאקא־לאד?

— אידיאט! — האט באזילאנסקי אויסגעשריגן, איז כעס ווערנ־דיק, — שוין צייט אזא בחור ווי דו, זאלסט וויסן, וואס טוט זיך ביי אונז אין געשעפט, און נישטווארפן אלץ אויף מיר איינעם אליין!

צוקומענדיק צו זיין הויז, האט באזילאנסקי באמערקט, אז אין אלע פענסטער פון זיין וווינונג ברענט ליכט. א סימן, אז ס׳זענען דא געסט.

— וואס עפעס איז מיטן הערינגן? — האט ער זיך געטראכט — אין א פראסטן דאנערשטיק געסט, און אזוי אומגעריכט?

אריבערטרעטנדיק די שוועל פון שטוב, איז אים די פרוי אנטקעגנ־געלאפן א שיינענדיקע פון שמחה, און אים אנגעזאגט, אז אין סאלאןווארטן זייער חשובע געסט: ס׳זענען דא ה׳ סאלסקי, ה׳ פרייפעלד און נאך איינער א פרעמדער יונגערמאן.

באזילאנסקי האט אויפגעשיינט, דערזעענדיק אזעלכע געהויבענע געסט ביי זיך אין הויז.

מ׳האט פאר אים פארגעשטעלט דעם דעלעגאט פון קרן היסוד. באזילאנסקי איז געווארן א צעטומלטער...

אינדעם איז אריינגעלאפן דער זון זיינער מיט אימפעט, אז ער האט געקראגן ביי חיימאוויטשן דריי הונדערט פעזעס. באזילאנסקי

האט מאַמעשטאַל אויפגעלעבט. ער האט געהייסן אריינדערלאַנגען טייפּ פאַר די געסט און ער האט מיט א ברייטן זשעסט זיך בייגעשטייערט מיט הונדערט פּעזעס.

אז די געסט זענען אוועק, איז באַזילאַנסקי געבליבן פארזונקען אין מחשבות:

— ווו נעמט מען פּאַרט אויף צו צאָלן מארגן די וועקסלען?

פאַר קרן היסוד 100 פּעזעס, — כדי צו דערהאַלטן דעם נאָמען. א נאָמען, כדי צו דערהאַלטן די קרעדיטן. און קרעדיטן — כדי צו צאָלן פאַר קרן היסוד...

— און איך אַליין ווו בין?!

איך, „דער גביר" באַזילאַנסקי. ווו זאָל נעמען צו צאָלן מארגן די וועקסלען?!...

# זעקס נעכט

ערשטע נאכט:

שפעט ביינאכט אין מאנאט דעצעמבער.

א געדיכטע פינסטערניש, א דורכדרינגנדע קעלט און א טויטע שטילקייט — איבערן גאנצן דרויסן, וועלכער רייסט זיך אריין, מיט אנזוארפנדיקער שרעק, דורך די געמויערטע ווענט, אין די פאר־מאכטע וווינונגען אריין. און אלע פון אינעווייניק — איינגעטאַרטשער־טע, איינגעצויגענע און איינגעהילטע — באהאלטן זיך אוים, שלאפנדי־קערהייט, פונם דרויסנדיקן, נאכטיקן, קאלטן פחד.

אין א קליין, שמאל, זייטיק געסל, אין דער געגנט „סאנטא־מא־ריא״, ווארפט זיך ארויס פון א פארמאכטן הויף, דורך די שפאלטן פונם הילצערנעם טויער, א שוואכער אפשיין פון אן אינעווייניקסטער בא־לייכטונג, און שניידט איבער די פינסטערגיש פונם דרויסן.

דארטן, אינעווייניק, איז מען נאך וואך.

אין ביורא פון דער קנעפל־פאבריק זיצט דער בוכהאלטער, מאקס בירמאן, איבער גרויסע געשעפטס־ביכער און מאכט דעם יערלעכן באַ־לאנס פון דער פאבריק.

ערשט עטלעכע טעג, אז מאקס איז אנגעקומען איז דער דאזיקער פאבריק אלס בוכהאלטער און די ערשטע אויפגאבע פאר אים — צו מאכן דעם באלאנס, וועלכער מוז זיין פולשטענדיק פארטיק ביזן פינפטן יאנואר פונם נייעם יאר.

ער זיצט מיט אלע חושים אריינגעטון אין די ציפערן, חשבונות. צאלן און סאכהאקלען, וועלכע ער פירט דורך פון איין בוך אין צווייטן, פון צווייטן — אין דריטן, מיט דער הילף פון קלענערע ביכער און פאר־שידענע פאפירן, פארשריבענע מיט אלערליי רעכענונגען און אויס־פירונגען.

ער איז אויסגעטון פון אלץ, וואס איז אויסער די ברעגעס פונם שרייב־טיש. זיין גאנץ וועזן איז קאנצענטרירט בלויז נאר אונטער דער שיין פונם טיש־לאמפ, וועלכער איז איבערגעדעקט מיט א טונקעלן אבאזשור און וואס מאכט דעם גאנצן צימער אויסגעבויגן און צוגעצויגן צו דער ליכטיקייט פונם טיש.

לאנגזאם עפנט זיך אויף די טיר פונם ביורא־צימער. א קאלטער, דורויסנדיקער שטראם דרינגט מיטאמאל אריין און פילט מאמענטאל אן דעם גאנצן צימער מיט קעלט. עס באווייזט זיך א הויכע יונגע פרוי, מיט לאנגע, צעלאזטע, שאטיז־רויטלעכע האר. זי איז אנגעטון אין א העל־ברוינעם זיידענעם נאכט־ראק. שטיל פארמאכט זי הינטער זיך די טיר. זי קומט צו נענטער צום טיש און זעצט זיך שטיל אוועק אויף א שטול, וואס שטייט נעבן שרייב־טיש.

מאקס אבער איז אזוי פארטון, אז ער הערט נישט, באמערקט נישט און פילט גארנישט, וואס ארום אים טוט זיך.

א לייכטער הוסט האט אים אויפגעוועקט. מיט א ציטער האט ער זיך אויפגעכאפט, ווי פון שלאף, און מיט אים צוזאמען — דער גאנ־צער שרייב־טיש.

א דערשראקענער און איבעראשטער האט ער זיך אויפגעשטעלט און מיט פארוואונדערונג האט ער אנגעקוקט די פרוי, נישט קענענדיק ארויסרעדן, אין ערשטן מאמענט, קיין ווארט.

קוים וואס ער איז געקומען צו זיך צו קאנען ארויסברענגען די ווערטער:

— וואס טוט איר דא, מאדאם ב., אזוי שפעט ביינאכט?

זי האָט נישט געענטפערט, נאָר מיט אזא שעלמיש־אנבאַטנדיקן שמייכעלע, — וואָס קומט פון די ליפּן מיט די אויגן צוגלייך, — האָט זי אים אנגעקוקט אַ שווייגנדיקע, ווי זי וואָלט גאָרנישט הערן, וואָס מ'האָט איר געפרעגט.

מאַקסן האָט געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן פאַר צעטומלטקייט און ער האָט נישט געוווּסט, צי זאָל ער איר פרעגן נאָכאמאָל דאָס זעלבי־קע, צי נישט. אָבער זאָגן איר מוז ער דאָך עפּעס.

ער האָט אַ קוק געטון אויף זיין האַנט־זייגער און ער האָט קוים אַרויסגעשטאַמלט:

— דער זייגער איז שוין נאָך פיר.

— מיין מאַן איז נישטאָ היינט אינדערהיים, ער איז נישט הי — האָט זי געזאָגט מיט אַזאַ היימישלעכן, קאָקעטיש־צעפּיעשטשעטן טאָן — איז מיר אומעטיק צו זיין אַליין אין שטוב.

און זי האָט זיך צעלאַכט אויפן קול.

מאַקסן איז געוואָרן קאַלט און וואַרעם, דאָס האַרץ האָט אים גע־נומען קלאַפּן האַסטיק און ער האָט דערשפּירט, ווי דאָס גאַנצע בלוט זיינס, פון די פיס אָן, איז אים געקומען אין קאָפּ אַריין.

מיט אַ ציטערנדיקער און וואַקלדיקער שטים האָט ער געפרעגט:

— איז אייך נישט קאַלט, מאַדאַם? אַזוי לייכט, אין אַזאַ קעלט, צו גיין אין דרויסן?!

זי האָט זיך האַסטיק אויפגעשטעלט און מיט אימפּעט האָט זי אַ וואָרף אַראָפּ געגעבן פון זיך דעם נאַכט ראָק.

ווי אַן אויסגעהאַקטע. שיין אויסגעפאָרמירטע מאַרמאָרענע סטאַ־טוע איז זי געבליבן שטיין פולשטענדיק אַ נאַקעטע און מיט אַ דונערנ־דיקער שטים האָט זי אויסגעשריגן:

— מיר איז נישט קאַלט. מיר איז הייס. מיין לייב ברענט! מיין בלוט קאָכט און עס זוכט ווו זיך אַפּצוקילן!...

---

מאַקס בירמאַן. אַ נידעריקער יונגערמאַן, אַ געלאַסענער, אַ רו־איקער און ערנסטער, אויף וועמענס פּנים עס ליגט אויסגעגאָסן אַ וועלט מיט ענערגיע און איינגעשלאָסענע הכּמה — האָט, אויסער זיין באַשעפטיקונג אַלס בוכהאַלטער. פאַר זיך נאָך אַ מיסיע אין מעק־

טיקע, א מיסיע שוין גארנישט קיין לייבטע, א מיסיע, וואס איז אים אנפארטרויילעד איבערגעגעבן פון א גרויסן וועלטלעכן ארבעטער־קאָ־לעקטיוו.

איבער א יאר האט מאקס געארבעט אלס בוכהאלטער ביי א שוועדישער קאמפאניע אין מעקסיקע, ביז די קאמפאניע האט באנקראטירט. און איצט, ערשט עטלעכע טעג, ווי ער איז אנגעקומען איז דער קנעפל־פאבריק פון ה׳ ב. אלס בוכהאלטער. אין זעלבן הויז, וואו ס׳איז די פאַ־בריק איז אויך די פריוואט־וווינונג פון ה׳ ב.

סיי לויט זיין אייגענעם כאראקטער און סיי צוליב זיינע סאציאַ־לע פליכטן און אויפגאבן, האט זיך מאקס געהיט נישט צו פארפלאָנ־טערן זיך אין קיין אוואנטורעס.

---

איז ער אזוי געשטאנען, מאקס, א ווײַלע און געקוקט אויף דער רייצנדיק־שיינער, נאקעטער פרוי, מיט אן אויפריכטיק מיטליידס־גע־פיל.

רואיק איז ער צוגעגאנגען, האט אויפגעהויבן דעם אראפגעווארפע־נעם נאכט־ראק, און גארנישט זאגנדיק, האט ער אים איר צוריק אנגע־טון, היטנדיק זיך דערביי נישט צו באריר[ן] איר לייב.

זי איז געשטאנען ווי א סטאטוע, און געלאזט זיך עס אזוי אנ־טון, דערביי האט זי אים דורכגעשטאכן מיט פלאמיק־גיפטיקע אויגן פול מיט שנאה, פאר איר באליידיקטער, אויסגעשטרעקטער בעטלער־האנט...

זי איז נאך געבליבן אזוי שטיין א מאמענט און איז אנטלאפן.

באלד נאך איר איז אויך מאקס אוועק אהיים.

---

צווייטע נאכט:

ס׳איז שוין שפעט אין דער נאכט.

אין קאלאניע טאקובאיא, אין גאר א ווייטער גאס, אין אן איינ־זאם הויז, וואס שטייט אינמיטן א גרויסן גארטן, איז די וווינונג פון מאקס בירמאן. דארטן, אין דער דאזיקער וווינונג, גייט איצט אן א זייער אינטענסיווע און ערנסטע ארבעט. די ערנסטקייט שאטנט זיך אפ אויף די געזיכטער פון די מענטשן, וואס זענען ביי דער ארבעט באַ־שעפטיקט. און באשעפטיקט זענען זיי דריי: איינער שטייט ביי א

שריפט־קאסטן, וואס ליגט אויף א טיש ביי דער וואנט — און זעצט אוים אין אן אייזערנעם האנט־ווינקל איין בוכשטאב נאכן צווייטן, וועלכע ער קלייבט מיט איינגעאיבטער שנעלקייט פון די קליינע קעסטעלער ארוים, וואס זענען אינם גרויסן קאסטן פארמירט. א צווייטער שטייט ביי א האנט־דרוק־מאשין, וואס שטייט אויף א טיש אינמיטן צימער. ער באוועגט מיט איין האנט, אז אן אויפהער, הין און צוריק, דאס הענטל פון מאשין, און מיט דער צווייטער האנט כאפט ער ארוים מיט שנעלער פלינקייט, דעם אפגעדרוקטן פאפיר און ליגט מאמענטאל אריין א ליידיקן פאפיר. א דריטער זיצט ביים זעלבן טיש און שרייבט אויף א שרייב־מאשין.

יעדער איינער איז אריינגעטון אין זיין ארבעט, מיט אזא שווערער הייליקער ערנסטקייט, א שטייגער ווי פון זיין ארבעט, און נאר פון זיין ארבעט, זאל זיין אפהענגיק דער אויפגאנג פונם מארגנדיקן טאג.

עס דערהערן זיך זעקס קלעפ אין טיר, דריי מאל צו צוויי קלעפ. מ׳עפנט אויף פון אינעווייניק און ס׳קומט אריין מאקס בירמאן. ער באגריסט זיך אינטים־הבריש מיט יעדן באזונדער. באלד ווארפט ער פון זיך אראפ דעם אויבער־מאנטל און זעצט זיך אוועק ביי דער צווייטער שרייב־מאש־ן, וואס שטייט אויף א באזונדער טישל אין א ווינקל פונם צימער.

ביידע שרייב־טישן קלאפן צום טאקט פון דרוק־מאשין: א באשיידענער קלאפ־ארקעסטער פארהילט מיט היימלעכקייט די אומעטיקע שטילקייט פונם צימער.

מ׳קלינגט ביים טויער.

עס ווערט מיטאמאל שטיל. אלע קוקן זיך איבער, ווי פרעגנדיק איינער ביים צווייטן: „וואס זאל דאס באדייטן?”

מאקס רופט זיך אן צו דעם, וואס זיצט ביי דער אנדערער שרייב־מאשין:

— כואן, נעם א „שומר” און גיי גיב א קוק ווער ס׳איז!

כואן רוקט ארוים א שופלאד, נעמט ארוים פון דארט א רעוואלוער, ליינט אים אריין אין א הינטערשטער הויזן־קעשענע און גייט ארוים דורכן גארטן צום טויער.

נאך עטלעכע מינוט, קומט ער צוריק און מעלדעט, אז די דינסט

פון מאקס באַלעבאָס שטייט פאַרן טויער מיט אַן אויטאָמאָביל און וואַרט. זי רופט מאַקסן אין נאָמען פון איר באַלעבאָסטע: אַזוי ווי זי ליגט קראַנק, זי איז אַליין, דער מאַן איז נישטאָ, בעט זי, ער זאָל שוין צוקומען, ווייל זי שפּירט זיך זייער שלעכט.

מאַקס בלייבט אַ פאַרטראַכטער, צעטומלט אַביסל, און קוקנדיק אויף אים, בלייבן אַלע אין דער זעלבער פּאָזע. אָבער נישט לאַנג געטראַכט, נעמט ער דעם אויבער־מאַנטל אַוועקצוגיין. שוין שטייענדיק ביי דער טיר, דרייט ער זיך אום און זאָגט מיט אַ גוט־ברודערישן און גלייכצייטיק באַפעלערישן טאָן:

— חברה, מען דאַרף זיין פאַרזיכטיק. מיר געפעלט נישט דער ענין...

און ער גייט אַוועק.

---

דריטע נאַכט:

שבת אין אוונט — אַ קאָנצערט און טאַנץ־אָוונט אין דער „יידישער יוגנט־געזעלשאַפט".

מאַקס בירמאַן האָט אָנגענומען די איינלאַדונג פון דער מאַדאַם ב. צו גיין צוזאַמען צום קאָנצערט.

די גאַנצע צייט פונם קאָנצערט און נאָכער ביי די טענץ איז מאַקס געווען טויב און בלינד צו די אַלע שטומע, אָבער גענוג קלאָרע אָנצוהערענישן פון דער מאַדאַם ב. ער זעט ווי זי ברענט, ער פילט איר צערייצטע אומטערגעגעבנקייט ביי זייער צוזאַמענטאַנצן. אירע אויגן שפּריזן אים גלייך אין זיינע, מיט אַזוי פיל תחנונימדיקע פאַרלאַנגען; ער איז אָבער גענוג שטאַרק צו מאַכן זיך נישט פילנדיק און נישט וויסנדיק, כדי נישט אַנטקעגנצוקומען איר, מער ווי עס פאָדערט פון אים די העפלעכקייט.

ס'איז שוין ווייט נאָך האַלבער נאַכט ווען זיי פאָרן אַהיים.

זי האָט זיך שוין מער נישט געקאָנט באַהערשן, און פאָרנדיק אין אויטאָמאָביל, גיט זי אים פּלוצלונג אַ פרעג:

— זאָגט מיר, הער בירמאַן, זייט אויפריכטיק און ענטפערט מיר. צי בין איך טאַקע אַזוי אומאינטערעסאַנט, אָדער איר זענט אַזוי אוממענטשלעך — מיר נישט צו שענקען קיין אויפמערקזאַמקייט?

ער שווייגט, אבער ווען זי שטייט צו, אז ער מוז איר ענטפערן, זאגט ער:

— איר האט מיר שלעכט געפרעגט, מאדאם: אייער פראגע דריקט נישט אוים דאס, וואס איר מיינט צו זאגן. איר מיינט אוודאי צו פרעגן, צי איר זייט גענוג רייצנדיק אלס פרוי: אויף דעם וואלט איך אייך אן צוויי־פל געענטפערט, אז יא. איר פרעגט מיר אבער, צי איר זייט אינטערעסאנט, — מוז איך אייך, לײדער, ענטפערן, אז ניין. און וואס אנבאלאנגט ווענן מיין מענטשלעכקייט, קאן איך איצט נישט ענטפערן: אפשר א צווייט מאל.

זי איז געבליבן שטארק נידערגעשלאגן פון זיין ענטפער און נאכ־מער — פונם טאן אין זיין ענטפער.

דערווייל זענען זיי צוגעקומען צום טויער פון איר הויז. ביידע שווייגן.

שוין שטייענדיק ביים אפענעם טויער אריינצוגיין, און ער, האלטנ־דיק איר האנט ביים געזעגענען זיך, גיט ער אומגעריכט, מיטאמאל א זאג צו איר:

— ווייסט איר וואס, מאדאם, איך האב מיט אייך א סך צו רעדן, אבער נישט היינט.

— פארוואס נישט היינט? — און אירע אויגן האבן באקומען א בליאסק פון האפנונג. — מארגן איז דאך סיי ווי זונטיק, נישטא זיך וואס צו יאגן.

— ניין, היינט נישט. — האט ער געזאגט מיט אזא פעסטן טאן וואס האט נישט איבערגעלאזט קיין מעגלעכקייט אויף איבערצושפארן.

— איר זייט אן עקשן.

— יא, ס׳איז אמת. מיין עקשנות פירט מיך אבער צו גרויסע און ניצלעכע טאטן. ווייסט איר גאר וואס, מארגן אין אוונט, אויב איר האט צייט, קום איך צו אייך, וועלן מיר רעדן. און צו רעדן האב איך מיט אייך א סך, זייער א סך.

— פאר אייך האב איך שטענדיק צייט. — און זי האט אים גע־דריקט פעסטער די האנט.

ער האט זיך געמאכט נישט הערנדיק אירע לעצטע ווערטער און איז אוועק.

---

פערטע נאכט:

א צוויי־שטאקיק הויז. — טיף אין הויף, ווו ס'איז די קנעפל־פאבריק — אין דער וווינונג פונם פאבריקאנט הער ב.

מאדאם ב. איז א גאנצן טאג געווען פארפארעט, צוגרייטנ־דיק זיך צום אוונטיקן באזוך פונם בוכהאלטער מאקס בירמאן.

א מאן אזא איינגעשפארטן, מיט אזא פעסטן, אנטשלאסענעם כא־ראקטער, — האט זי זיך געטראכט — האט זי נאך אין לעבן נישט געטראפן. אבער ווי האט א חברטע איר אמאל געזאגט, „יעדן פויגל קאן מען כאפן, מען דארף נאר וויסן ווי אזוי". און זי האט באשלאסן, אז זי מוז — וואס פאר א אנשטרענגונגען עס זאל איר נישט קאסטן — ענדלעך אים באזיגן. זי דארף נאר — האט זי געטראכט — פאקן דעם צוגאנג צו אים, מיט וואס מ'קאן אים נעמען אמשטארקסטן. אויף וויפיל עס איז איר געלונגען אים צו כאראקטעריזירן, האט זי אויפגעכאפט, אז ער האט ליב איינפאכקייט, אז ער ליידט נישט דאס שרייענדיקע, האט זי זיך באמיט דעריבער, אז זי זאל זיין געקליידט היינטיקן אוונט וואס איינפאכער, צניעותדיקער. אזוי אויך דער קליינער סאלאן, ווו זי האט באשטימט אים אויפצונעמען, זאל אויסזען וואס פשוטער, באַ־שיידענער, לויט זיין געשמאק, ווי זי האט זיך עס פארגעשטעלט.

אפשר — האט זי געהאפט — אזוי ארום, דורך איינפאכקייט, וועט זי פאקן דעם צוגאנג צו אים...

אז מאקס איז אין אוונט אנגעקומען, האט ער, מיט זיין קלוגן דורכנעמענדיקן בליק, באלד דערקענט, אז אלץ איז ספעציעל פאר אים צוגעגרייט און איינגעארדנט. אפילו די מאדאם אליין — האט ער אינזיך געשמייכלט — איז אויך עפעס היינט צופיל צנועה געווארן מיטאמאל...

— יא — האט ער אנגעהויבן אן צערעמאניעס, באלד ווי ער האט זיך אוועקגעזעצט אויפן ווייכן פאטעל קעגנאיבער איר — איך האב אייך געזאגט, אז איך האב מיט אייך א סך צו רעדן, און איר

ווארט שוין געווים מיט נייגעריקייט צו הערן וואס, למשל, אזוינס איך קאן אייך האבן צו זאגן.

— וואס פאר א פראגע! זיכער דערוואַרט איך מיט דער גרעס־טער נייגעריקייט, אייך צו הערן!

און אויף וויפיל זי האט זיך באמיט צו האלטן זיך באשיידן, האבן אבער אירע צעגליטע אויגן, איר געמסרט, און דערציילט, וואס פאר א צערייצטער וואלפישער הונגער הינטער דער געמאַכטער באשיידנקייט עס ליגט באהאלטן.

— הערט זשע זיך איין — האט ער אנגעהויבן מיט א טאן פון א לערער — איך וועל אייך שטעלן עטלעכע פראגעס, און אויב איר וועט מיר ענטפערן אויפריכטיק, וועלן מיר צוקומען צום געשפרעך, וואס איך האב אייך צוגעזאגט.

— זייער גוט, איך וועל מיט דער גרעסטער אויפריכטיקייט אויף אלע פראגעס אייך ענטפערן.

— זאגט מיר: ווי לאנג איז שוין ווי איר האט חתונה געהאט?

— שוין פינף יאר.

— מיט וואס האט איר זיך באשעפטיקט פאר דער חתונה?

— מיט גארנישט. איך האב געענדיקט א פוילישע גימנאזיע אין ווארשע; כ'האב געלייענט ראמאנען, און געווארט אויף א חתן.

— זענען אייערע עלטערן רייך?

— יא, זייער רייך. זיי האבן א פאבריק פון פארב אין ווארשע און איך בין אן איינציקע טאכטער. מיר זענען צוויי קינדער ביי זיי, איך מיט א ברודער.

— האט איר אייער מאן ליב געהאט פאר דער חתונה?

— יא. אויף אזויפיל, אלס מיין צוקונפטיקער מאן.

— זענט איר מיט אימיצן געווען אינטים פאר אייער חתונה?

זי האט אראפגעלאזט דעם קאפ, ווי מכלומרשט פארשעמט, און שטיל געענטפערט:

— יא.

— מער וועל איך אייך גארנישט פרעגן, מער וויל איך נישט וויסן. ווי איך זע, האט אייך אין לעבן קיינמאל גארנישט געפעלט. אייער גאנצער געדאנק איז געווען פארנומען, נישט מיט דער ווירקלעכ־

קייט, נאר מיט פאנטאזיעס און פאנטאסטישעס. און אט די פאנטאזיעס האבן אייך שטענדיק גערייצט. שטעלט אייך אבער פאר, איר זאלט געוועזן זיין אן ארים ארבעטער־מיידל: א גאנצן טאג וואלט איר באדארפט שווער ארבעטן פאר א נישטיקן הונגער־לוין און ביינאכט, אהיימקומענדיק, טרעפט איר אלטע עלטערן, וועלכע איר מוזט פון אייער ארימען פארדינסט אויסהאלטן, דעמאלט וואלט אייער געדאנק געווען פארנומען מיט גאר עפעס אנדערש. ערשטנס, — מיט אייגענע זארג: צווייטנס — מיט דער זארג פון אייער גאנצן קלאס: איר וואלט זיך אריינגעטראכט, פארוואס לעבן מענטשן אין גרעסטן ווילטאג און טוען גארנישט און אנדערע, וואס ארבעטן אזוי שווער, קאנען פון זייער ארבעט נישט האבן אפילו די מינימאלסטע נויטיקסטע באדערפענישן. איר וואלט זיך אריינגעטראכט, ווי צו געפינען א מעגלעכקייט פאר אן אויסבעסערונג צו דער טרויעריקער לאגע פון אייער גאנצן ארימען ארבעטער־קלאס. אייער געדאנק וואלט געארבעט אויף רעאלע, נוצ־ברענגענדיקע פראבלעמען. דעמאלט וואלט איר זיכער נישט געווען אזוי — אנטשולדיקט פארן אויסדרוק — אבנארמאל אין אייערע געשלעכטלעכע פארלאנגען, וואס איז נישט מער, ווי א פראדוקט פון ליידיק ארומגייען, פון גארנישט טאן, גארנישט טראכטן און א כד פאנטאזירן.

— הייסט עס, איר מיינט, אז געשלעכטלעכע באפרידיקונג איז נישט קיין נארמאלע מענטשלעכע נויטיקייט, ווי עסן, טרינקען און אנדערע מענטשלעכע געברויכן.

— האט איר מיך נישט פארשטאנען, מאדאם. עסן איז נאטירלעך. אבער פרעסן איז אומנאטירלעך. און דאס האב איך געזאגט, אז די אומנאטירלעכקייט קומט פון א נישט נאטירלעך לעבן, דאס הייסט, פון א לעבן אן באשעפטיקונג, אן זארג און אן רעאלן דענקען.

זי האט זיך פארטראכט, און ער האט געווארט, וואס זי וועט אים זאגן.

נאך א ווײַלע טראכטן, האט זי זיך אנגערופן:

— מעגלעך, אז איר זענט גערעכט. איך האב שוין אמאל אליין געטראכט, ווי צו געפינען עפעס אן אינטערעסאנטע און פאסיקע באשעפטיקונג. אז ס'איז דא קינדער...

זי האט נישט פארענדיקט. עפעס האט איר געשטיקט אין האלז. אין די אויגן האבן זיך איר געשטעלט טרערן.

— איך וועל אייך זאגן, מאדאם — האט מאקס אנגעהויבן מיט א טרייסטנדיקן און גלעטנדיקן טאן, ווי מיטליידנדיק מיט אירע לעצטע, נישט דערזאגטע ווערטער. — עס איז נישטא קיין אינטערעסאנטערע באשעפטיקונג, ווי ווען איר מאכט אדער העלפט מאכן א נייע זאך. עס איז פיל אינטערעסאנטער ווי נאכצוטון דאס, וואס אלע טוען. שטעלט אייך פאר, איר נעמט א שטיקל האלץ און שניצט עפעס אויס. עס מעג גארנישט ווערט זיין. אבער דער באגריף, אז איר האט עס געמאכט, פארשאפט אייך פארגעניגן און עס באפרידיקט אייך. ווער שמייכט נאך ווען איר מאכט א זאך, וואס ברענגט נוצן, נישט נאר פאר זיך אליין, נאר פאר אנדערע אויך, דעמאלט שפירט איר זיך גאר גליקלעך.

— יא, דאס איז טאקע אמת — האט זי אים איבערגעשלאגן — אבער דאס פרעג איך דאך, וו נעמט מען עפעס אזא באשעפטיקונג, וואס זאל אי מיך צופרידנשטעלן און אויך אנדערע נוצן ברענגען?

— איך וועל אייך אזא באשעפטיקונג געבן. — האט ער לאנגזאם צעצויגן די ווערטער, ווי מעסטנדיק זיי. און ער איז שטיל געבליבן, טראכטנדיק ווי אזוי, אין וואס פאר א פארם איר ארויסצוזאגן דאס, צו וועלכן ער האט געצילט מיטן איצטיקן געשפרעך.

קוקנדיק אויף אים, האט זי זיך אויך פארטראכט, אז זי הויבט אים אן ביסלעכוויז צו פארשטיין און אז זי ווייסט שוין ווי אנאך מ'קאן אים נעמען...

זי האט אנגעקלונגען. ס'איז אריין די דינסט. האט זי איר געהייסן אריינברענגען טיי. באלד אבער ווי די דינסט איז אוועק, האט זי זיך, ווי אן עפעס דערמאנט און איז אליין אויך ארויס.

מאקס, בלייבנדיק אליין, האט דערווייל נאכגעדענקט איבער דעם גאנצן קלאס פון די דאזיקע מאדאמען, וואס פילן שוין נישט, אז אויסער זייער לייב קאנען זיי עפעס נוצן ברענגען און צו עפעס טויגלעך זיין. אבער — האט ער זיך געטראכט — מ'קאן זיי מאכן ניצלעך פאר דער געזעלשאפט און אפילו פארן ארבעטער־קאמף. מ'זאל נאר אנווענדן גוטע מעטאדן זיי איבערצובויען און איבערדערציען.

מאראם ב. איז אריינגעקומען, טראגנדיק אויף א טאַץ טיי מיט צובייסעכיץ.

דער שמועס איז דערווייל אוועק וועגן אנדערע זאכן: וועגן הער ב.ס איצטיקע געשעפטלעכע רייזע איבער דער פראווינץ און וועגן אנ־דערע אירע פאַמיליע־אנגעלעגנהייטן און פון איר מיידלשן פארברענגען, דערביי האט זי אים געוויזן אן אלבאַם פול מיט אירע מיידלשע פאטאַ־גראפיעס, צווישן וועלכע ס׳זענען אויך געווען גענוג פיקאַנטע פאַ־זעס. ענדלעך האט זי אים דערמאַנט וועגן דעם, וואס ער האט איר צוגעזאָגט, וועגן אן אינטערעסאַנטער באַשעפטיקונג פאר איר.

מאַקס האט זיך באַטראַכט, אז ס׳איז צופיל אויף איין מאָל.

מ׳דארף לאַנגזאַם און מיט טאַקט צוגיין צום ענין — האט ער צו זיך אליין געזאָגט. ער האט א קוק געטון אויף זיין זייגער — ס׳איז שוין באַלד נייַן. ער האט זי איבערגעבעטן, ווייל ער דאַרף היינט זיך נאך טרעפן מיט א פריינט און ער מוז איצט שוין אוועקגיין. זי האט געוווסט, אז בירמאַנען שפּאַרט מען נישט איבער.האט זי נישט גע־פּרוווט אים אויפצוהאַלטן איצט מער.

און ס׳איז געבליבן אָפּצולייגן דעם ווייטערדיקן געשפּרעך אויף א צווייט מאָל.

---

פינפטע נאַכט:

זיין פּלאַן אויף צוריקוועגס קיין מעקסיקע האט הער ב. אויפן וועג געאַנדערשט: נישט ווי ער האט געפּלאַנט פריער, צו קומען מיט דער באַן פון אריזאַנאַ, נאָר — דורך פּועבלאַ. אז ער איז אַנגעקומען פון פּועבלאַ, מיט אן אויטאָמאָביל אהיים, איז שוין געווען עלף אין אָוונט.

— וווּ איז די מאַדאַם? — איז זיין ערשטע פראַגע געווען ביי דער דינסט.

— זי איז אין ביורא, ביים בוכהאַלטער. — דערביי האט זי באַ־טאָנט אַזוי די ווערטער „ביים בוכהאַלטער" מיט א באַדייטנדיקער אַנמערקונג. — זאָל איך זי רופן?

— ניין, מ׳דאַרף נישט. איך גיי סיי ווי אהין.

אז הער ב. איז צוגעקומען צום ביורא־צימער, האט ער

אױפגעכאַפּט, הינטער דער טיר, מאַקסס שאַרפע שטים, פון זײַן געשפּרעך מיט דער מאַדאַם: — — — — ...„און נאָך ערגער איז די שקלאַפערײַ פון דער פרוי, מיט דעם, וואָס דאָ האָט מען די פאַרשקלאַפונג פאַרזיסט מיט אַ לאַקרעץ־געפיל פון ליבע און צערטלעכקייט און דערמיט נאָך מער אַפּגעטויט בײַ דער פרוי יעדעס געפיל פון זעלבשטענדיקייט און זעלבסטווירדע, און געמאַכט זי פאַר אַן אומבאַהאָלפּענע קיקלע, אַזוי פיזיש, און נאָך ערגער — גײַסטיק; אָבער די פרוי מוז זיך אַרויסרײַסן, אויף כוח זיך אַרויסרײַסן, פון דעם מאַנס אָרעמס, ווערן אַ מענטש מיט אַ פרײַען ווילן און מיט אַ זעלבשטענדיקן דענקען און פאַרלאַנגען, נישט מער בלײַבן אַ שקלאַפין אָדער אַ שפּילצײַג בײַם מאַן" — — — —

מער האָט הער ב. נישט געוואָלט הערן און אַפּגײענדיק פון דער טיר, האָט ער צו זיך אַלײן גערעדט:

— „אַזוי מאַכט ער עס דעם באַלאַנס"! „נישט דעם געשעפט־באַלאַנס, נאָר מײַן באַלאַנס מאַכט ער עס"! „אַ, אַ פויגל"! „דאָס איז שוין אײנמאָל אַ פויגל...!" „און ער מאַכט אַזאַ סאָלידן, אַנשטענדיקן אײַנדרוק"... „גײ ווײס, מיט וועמען האָסט הײַנט צו טון!" „נײַן — האָט ער באַשלאָסן פעסט אין געדאַנק — אַזעלכעס טאָר מען מער אין הויז נישט האַלטן...!"

---

זעקסטע נאַכט:

אַז מאַקס איז אַהײמגעקומען פון דער אַרבעט, ווי זײַן שטײגער, שפּעט אין דער נאַכט, האָט ער געטראָפן פאַר אים אַ בריוו.

אין בריוו איז געלעגן אַ באַנק־טשעק צוזאַמען מיט אַ קורצער מעלדונג פון הער ב. אַז זײַן, מאַקס בירמאַנס אַרבעט, איז מער נישט נויטיק פאַרן געשעפט און דעריבער איז זי געענדיקט.

איבערלײענענדיק אַט דעם קורצן בריוו, האָט זיך מאַקס געווענדעט צו די דרײַ אַנדערע אינעם צימער, ווי מיט באַפעל:

— חברה, מאָרגן, וואָס פריער, דאַרף מען זיך אַרויסקלײַבן פון דאַנען, עס שמעקט מיט געפאַר...

# צ ר ו ת

מרים איז נאָך גאָר אַ קינד געווען, ווען איר ברודער הערשל האָט חתונה געהאַט, קוים זעקס יאָר איז זי דאַן אַלט געווען. און כאָטש עס זענען שוין אַכצן יאָר אַריבער, דאָך געדענקט זי נאָך גוט, וואָס איז שטוב האָט זיך דעמאָלט אָפּגעטון: די מאַמע האָט געספּאַזמירט, גע־יאָמערט, אַלע קינדער האָבן מיט איר מיטגעוויינט און דער טאַטע, זלמן שוחט, האָט, אַן אַנגעצונדענער פון כעס, געקלאַפּט מיט דער פויסט אין טיש אַריין, דאָס שיטערע בערדל זיינס האָט געציטערט פון רציחה און ער האָט געשריגן, נישט מיט זיינע כוחות:

— פאַרשאָלטן זאָל ווערן מיין זון הערשל, אויסגעמעקט זאָל ווערן זיין נאָמען פון מיינע קינדער, אין דעם טאָג ווען ער וועט גיין צו דער חופּה מיט דעם רופאס טאָכטער. פאַר דער חרפּה, וואָס ער טוט אָן מיר, מיין משפּחה און מיינע הייליקע צדיקים־עלטערן, זאָל ער קיין תקומה נישט האָבן, נישט אויף דער וועלט און נישט אויף יענער וועלט.

הערשל איז געשטאַנען ביי דער טיר, בלייך ווי קאַלך, און צאָרנ־דיק געקריצט מיט די ציין. אַ פייער פון האַס האָט געשפּריצט פון זיינע

אויגן און ער האט געשוויגן, ביז ער האט א ווילדן זעץ געטון מיט דער טיר, אז די ווענט האבן אזש געציטערט, און ער איז אוועק.

נאך זיין אוועקגיין איז א טויטע, אבסאלוטע שטילקייט אלעמען באפאלן, ווי א שטייגער מ'זאל נארוואס האבן א מת ארויסגעטראגן פון שטוב און די מאמע האט פלוצלונג געחלשט. אז קוים, קוים, מען האט זי דערמונטערט.

מרים געדענקט אויך, ווי שפעטער מיט פיר יאר איז הערשלס ווייב געקומען, געפאלן דעם טאטן צו די פיס, געוויינט און געבעטן, אז ער זאל רחמנות האבן אויף זיין זון, א טאטע פון צוויי קליינע קינדער, און ארויסראטעווען אים פון תפיסה. די מיל הערשלס האט אפגעברענט, האט מען אים באשולדיקט, אז ער האט אליין אונטערגעצונדן, און מ'האט אים ארעסטירט.

דער טאטע, זלמן שוחט, האט מיט כעס און עקל, ווי א מיאוסקייט, זי אפגעשטופט מיטן פוס און געשריגן, אז הערשל איז נישט מער זיין זון און די קינדער זיינע זענען פאר אים ממזרים.

די מאמע האט דעמאלט בסוד, אז דער טאטע זאל נישט וויסן, פארקויפט איר צירונג, דאס געלט איינגעלייגט קויציע פאר הערשלען און הערשל איז דאן אנטלאפן קיין מעקסיקע. שפעטער מיט צוויי יאר האט ער אריבערגענומען די פרוי מיט די קינדער.

אויסגעמעקט איז הערשל געווארן פון זלמן שוחטס שטוב. מען האט זיין נאמען נישט געטארט דערמאנען. און הערשל האט אויך פון זיין געבוירענער היים נישט געוואלט הערן און וויסן.

אוועק זענען יארן און מרים איז, צו ניינצן יאר, מיטגעריסן געווארן מיטן חלוציש שטראם. וואס האט דער גאנצער יוגנט פון איר קרייז ארומגעכאפט, איז זי — קעגן ווילן פון אירע עלטערן — אוועק אין א הכשרה־פונקט, צוצוגרייטן זיך צו אן ארבעטער לעבן אין ארץ־ישראל.

דער טאטע, זלמן שוחט, האט געשטורעמט, געשריגן, און דאס שיטערע בערדל זיינס, שוין גרייזגרוי, האט געציטערט פאר כעס. אבער ער האט פארט געמוזט שלום מאכן מיטן פאקט, פונקט ווי ס'האבן שלום געמאכט אנדערע טאטעס פון זיין שטאנד. דער שוחט האט זיך

באַטש געטרייסט דערמיט, וואָס בדיעבד איז עס נאָך אַלץ בעסער, איי־דער צו זיין אַ „ציציליסטקע".

נאָך צוויי יאָר אין הכשרה, האָט מרים געקראָגן אַ סערטיפיקאַט און איז אַוועק קיין ארץ ישראל.

באַלד פון ערשטן טאָג אָן איז מרים אַנטוישט געוואָרן אין אירע דערוואַרטונגען, האָפנונגען און שטרעבונגען — נישט דאָס האָט זי געמיינט צו טרעפן אין ארץ ישראל.

אַן אידעאַליסטיש אַרבעטער לעבן, אַ חבריש לעבן, אַ נייַ לעבן, אין וועלכן דאָס יידישע פאָלק זאָל אנהויבן זיך איבערצובויען, פּראָדוק־טיוו, געזונט און נאָרמאַל. אַזוי האָט זי אין דער היים געפאַנטאַזירט, אַזוי האָט זי ביי א. ד. גאָרדאָן געלערנט און אַנדערש האָט זי זיך עס גאָרנישט געקאָנט פאָרשטעלן. דעריבער האָט איר די רעאַלעווירקלעכ־קייט אין ארץ ישראל אַזוי ביטער אַנטוישט. דאָרט, אין ארץ ישראל, האָבן מרימען נייע געדאַנקען אָנגעהויבן צו קריכן אין קאָפּ אַריין, געדאַנקען, וועלכע זענען נאָכמער ביי איר פאַרשטאַרקט געוואָרן דורך געשפּרעכן מיט נאָך אַזעלכע חברים און חברטעס, אַנטוישטע ווי זי, געדאַנקען אינטערנאַציאָנאַלע, רעוואָלוציאָנערע. און מרים האָט גענומען קומען אין קרייזן אַזעלכע, וווּ מ'האָט אירע געדאַנקען מער אַנטוויקלט, קריסטאַליזירט און רייף געמאַכט.

און — נאָך צוויי און אַ האַלב יאָר אַפּזיין אין לאַנד, האָט מרים אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַוועק פון ארץ ישראל.

אָבער וווּהין?

דאָ איז איר געקומען אויפן געדאַנק, זי זאָל שרייבן צום ברודער, צו הערשלען, קיין מעקסיקע. זי געדענקט נאָך ווי ער האָט איר אַמאָל זייער ליב געהאַט, מער פון אַלע שוועסטער און ברידער. אפשר — האָט זי זיך געטראַכט — האָבן די יאָרן מילדער געמאַכט דעם האַס, וואָס ער האָט מיט זיך אַרויסגעפירט פון די עלטערנס הויז און ער וועט איר גינסטיק ענטפערן.

---

שוועער האָט הערשל געהאָרעוועט עטלעכע יאָר אין מעקסיקע, גע־וואַלגערט זיך אין פאַרשידענע פּראָווינץ־שטעטעלעך און גוט זיך אָנגע־פּלאָגט, ביז ער האָט זיך דערשלאָגן צו עפּעס געלט, האָט ער מיט אַ

שותף, אן אראביש־יידישן יונגנמאן, געמאכט א פאבריק פון סוועט־מערס.

די ערשטע פאר יאר איז די פאבריק אוועק זייער גוט. שפעטער אבער — וואל איז געווארן טייערער און מ'האט עם געמוזט קויפן נאר פאר מזומן. סחורה אנגעארבעטע, האט מען, צוליב קאנקורענץ, אוועקגעגעבן מיט גאר קליינע פארדינסטן און דאם נאך אויך אויף וועקסלען, צו ניינציק טעג. און ערשט נאכן סעיזאן האט מען די פארקויפטע סחורה צוריקגעשיקט. — „מ'האט נישט געלייזט". די קונדישע וועקסלען — וועלכע מ'האט שוין לאנג געהאט דיסקאנטירט — האט מען איצט אליין געמוזט צאלן פאר זיי און אז קיין געלט אין מזומן איז נישט געווען האט מען שוין געמוזט בארגן געלט אויף גרויסע ציגזן, כדי צו דעקן די דאזיקע נישט באצאלטע קונדישע וועקסלען — דאן האט זיך הערשל מיטן שותף ארומגעזען, אז עס הויבט אן צו גיין בארג אראפ.

אבער נאכמער האט הערשל זיך געשראקן, טאמער וועט זיך דער שותף פון אים אפטיילן. הערשלס קאפיטאל אין דער פאבריק איז געווען זייער א קליינער, האט ער געוווסט, אז אויב דער שותף זאל זיך פון אים אפטיילן איז ער, הערשל, א פארלוירענער. איז ער דעריבער ארומגעגאנגען א צעחושטער, א צעטומלטער און נאר געטראכט, ווי פאקט מען אן אויסוועג צו דער דאזיקער לאגע.

אין יענער צייט האט הערשל דערהאלטן די בריוו פון מרימען, אז זי וויל קומען קיין מעקסיקע.

אט דא איז הערשל געפאלן אויף א גליקלעכן געדאנק, אז איצט איז ער געראטעוועט.

און ער האט שוין אויסגעארבעט א גאנצן פלאן: מרים וועט קומען, זי איז דאך געווים א שיינע, וועט זי דאך דעם שותף זיינעם זיכער געפעלן ווערן און ער איר וועט דאך אוודאי געפעלן, וועט ממילא כירים חתונה האבן מיטן שותף, און אזוי ארום איז ער שוין געזיכערט, אז דער שותף וועט זיך פון אים נישט אפטיילן.

און הערשלען האט זיך גענומען דאכטן, אז ביי אים האבן זיך צוריק אפגערופן די אמאליקע היים־געפילן, וועלכע ער האט יארן לאנג זיך באמיט ארויסצורייסן פון הארצן און ער האט זיך געוואלט איינ־

רעדן, אז די אַלטע בענקשאַפט צו אייגענע האָט זיך ווידער אין אים דערוועקט, באַזונדער צו מרימען, וועמען ער האָט אַמאָל אַזוי שטאַרק ליב געהאַט.

---

אויף דער שיף, פון פראַנקרייך אַן, האָט זיך מרים באַקענט מיט אַ ווינער יידישן יונגנמאַן, וועלכער איז אויך געפאָרן קיין מעקסיקע מיט אַ קאָנטראַקט, צו אַרבעטן אין דער „רעפינעריאַ" פון דער קאָמ־פּאַניע „אַגילאַ", אַלס פאַכמאַן דעסטילאַטאָר.

זיי האָבן, אין דער צייט פון דער צוזאַמענרייזע, פיר וואָכן, מיט יעדן טאָג אַלץ מער זיך באַפריינדעט און אַלץ מער זענען זיי געפעלן געוואָרן איינער דעם צווייטן. און — ביים אויסשטייגן פון שיף, אין וועראַקרוז, האָט שוין מרים פאָרגעשטעלט דעם יונגנמאַן, פאַרן ברו־דער, אַלס חתן.

הערשל, דערהערנדיק דאָס, האָט אַ ציטער געטאָן און מיט באַ־האַלטענעם כעס און אָפענער איראָניע האָט ער געפרעגט:

— צי מעג איך וויסן, ווער איז ער, אָט דער דאָזיקער חתן דיינער?

מרים האָט גוט געפילט דעם טאָן, מיט וועלכן דער ברודער האָט דאָס געפרעגט. דאָס בלוט איז איר געקומען אין פּנים פאַר בושה און פאַרדרוס. אָבער זי האָט זיך באַהערשט און געענטפערט אים רואיק:

— ער איז אַ ווינער, איך האָב זיך מיט אים באַקענט אויף דער שיף.

— אַזוי, אַ חתן פון דער שיף, נו אויב אַזוי — האָט הערשל איר דערקלערט מיט פאַרביטערטקייט — קאָנסטו מיט מיר נישט פאָרן, צו מיר אַהיים!

— אַזוי האָט אויך דער טאַטע, מיט יאָרן צוריק, דיר געזאָגט — האָט מרים מיט שטאָלץ אים געענטפערט — און דו האָסט אַזוי פיל יאָרן זיך געקאָנט באַגיין אָן אים, וועל איך זיך אויך אָן דיר באַגיין.

— אַלע זענט איר ז ל מ ן ש ו ה ט ם ! — האָט הערשל זיך צעשריגן אין פיבערדיקן כעס — איך האָב ביז היינט פון אייך נישט געוואָלט וויסן און איך וויל אויף ווייטער אויך פון אייך נישט וויסן,

עס איז מיר נאר אַ שאַד דאָס געלט, וואָס כ'האָב אויף דיר אויסגע־
געבן, אָבער איך שענק עס דיר!

— איך דאַרף נישט דיינע מתנות! — האָט מרים מיט שפּאָט
אים געקוקט אין די אויגן אַריין — איך וועל עס דיר מיט פּראָצענט
אָפּגעבן.

און ברודער און שוועסטער זענען ברוגזע, זיך פאַנאַנדערגעגאַנ־
גען.

אַהיימפאָרנדיק אַליין האָט הערשל דעם גאַנצן וועג זיך געגריזשעט
פאַר פאַרדרוס און ער האָט צו זיך אַליין גערעדט:

— איך האָב אויף „זלמן שוחט" נישט געטאָרט ליגן קיין האָפ־
נונג... איך בין ווערט דעם פּסק...

— אָבער וואָס טוט מען איצט?

און ער האָט זיך אַליין געענטפערט מיט אַ קרעכץ:

— א י צ ט א י ז צ ר ו ת...

# א י ז ד ר י י ע ן

אין קאלאניע מארעלאס (אין מעקסיקע שטאט), אין א שטילער, אָרימער אַרבעטער־געגנט, אויף אַ גאס נישט קיין ברוקירטע, וועלכע איז שטענדיק אָדער בלאָטיק אָדער שטויביק, דאָרטן, אין אַ שמאָלן צעמענטירטן הויף, וואָס האָט צו זעקס טירן אין יעדער זייט, יעדע טיר — אַ וווינונג פון איין און איינציקן צימער, דאָרטן — הינטער איינער פון די טירן — וווינט לאורא מיט איר מוטער.

ביידע זענען אַרבעטערינס.

אויף אַ גאַנצן טאָג גייען זיי ביידע אַוועק אַרבעטן: די מוטער — ביי אַן עלעקטרישער נײ־מאַשין אין אַ העמדער־פאַבריק און לאורא — ביי אַ וויקל־מאַשין אין אַ סוועטער־פאַבריק.

ביידע זענען זיי, ווי צוויי טראָפּן וואַסער, ענלעך: שלאַנקע ברוד־נעטקעס מיט קורץ געשוירענע, קויל־שוואַרצע האָר, גלאַט פאַרקעמט אויף אַרויף, וואָס גיט זיי צו אַן אויסדרוק פון מענלעכער אַנטשלאָסנ־קייט, שמאָלע געזיכטער, פון וועלכע עס שיינט אַראָפּ אַ נאַטירלעכע אויפריכטיקע גוט־האַרציקייט און שוואַרצע, קלוגע אויגן, וועלכע נע־מען אייך דורך, צו זען אפילו דאָס, וואָס איר טראַכט און דערזאָגט נישט.

די מוטער נאָך גאָר יונג אויפֿן אויסזען און לאָורא — אַכצן יאָר אַלט, זעען גיכער אויס ווי צוויי שוועסטער, אַ יינגערע און אַן עלטערע, איידער מוטער און טאָכטער.

איןביידע אַרבעטס־פּלעצער זענען זיי, מוטער און טאָכטער, די ליבלינגס פונם גאַנצן אַרבעטער־פּערסאָנאַל.

ביידע — צוליב זייער נאַטירלעכער גוטסקייט, צו טיילן זיך מיט אַ צווייטן מיטן ביסן פון מויל און צוליב זייער לאָגישן פאַרשטאַנד און פעסטקייט פון כאַראַקטער — שטייען זיי אין פראָנט פון אַלע זייערע אַרומיקע. אַפילו צו דער נאָך גאָר יונגער לאָוראַן ווענדן זיך אַ סך נאָך עצות אין פאַרשידענע פאַלן, סיי אין פּריוואַטע אָנגעלעגנ־הייטן און סיי וועגן אַרבעטער־אינטערעסן.

אויסנעמלעך פון די אַרומיקע איז אויך זייער וווינונג.

באַלד ביים אַריינקומען וואַרפט זיך אין די אויגן די ציכטיקע איינפאַכקייט און געשמאַקע איינאָרדנונג פון דער אָרימער וווינונג: ביי דער רעכטער וואַנט, אין ווינקל — אַ ווייס אייזערן בעט, שיין צוגעבעט און מיט אַ קרעמאַ צודעק פאַרשפּרייט. ביי דער זעלבער וואַנט, גלייך מיטן בעט — אַ פראָסטער ווייסער טיש מיט אַ ווייסער סערוועטע באַדעקט; קעגנאיבער דעם בעט, ביי דער לינקער וואַנט — אַ ביכער־שאַפקע מיט אַ סך געבונדענע און אומגעבונדענע ביכער אָנ־געשטעלט. דערנעבן אויף אַ קליין טישעלע — פאַרשידענע צייטונ־גען און זשורנאַלן אָנגעוואָרפן: ביי דער זעלבער וואַנט, גלייך מיט דער ביכער־שאַפקע זענען עטלעכע ווייסע שטולן אויסגעשטעלט: ביי דער מיטלסטער וואַנט, צווישן בעט און ביכער־שאַפקע — אַ קליין טישל אויף וועלכן ס'שטייט שטענדיק אַ בוקעט פרישע, שמעקעדיקע בלומען, אין אַ שיינעם גלעזערנעם בלומען־טאָפּ אַריינגעשטעלט. איי־בער די בלומען אויף דער וואַנט, פונקט קעגנאיבער דער טיר, הענגט אַ בילד פון אַ מאַן, אין מיליטערישן אוניפאָרם, מיט אַ העלדישן און ענערגישן אויסזען. דאָס איז לאָוראַס פאַרשטאָרבענער פאָטער. און איי־בערן דאָזיקן בילד הענגט גאָר אַ גרויס בילד פון ניקאָלאַי לעניז, מיט אַ ברייטער באַנד אַרום בילד פאַרנומען.

ביידע, מוטער און טאָכטער, זענען אַקטיווע מיטגלידער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין מעקסיקע.

א גאַנצן טאָג איז די וווינונג פֿאַרמאַכט. קיינער איז דאָרט נישטאָ. בלויז לעניִן און קאַראַנעל קרוז, וואָס בלייבן, קוקן אַראָפּ פֿון דער וואַנט, פֿאַראייַנזאַמטע און אומעטיקע.

קומט אָבער דער אָוונט ברענגט ער מיט זיך אַרייַן, אין דער דאָזיקער אָרימער וווינונג, אַ קוואַליענדיקן שטראָם לעבן, וואָס פֿילט אָן יעדעס ווינקעלע פֿונם צימער, מיט יוגנטלעכן־טעמפּעראַמענט, מיט אַן איבערפֿלוס פֿון יוגנט־ערעגיע און קאַמפּס־לוסטיקייט.

לאָורא מיט דער מוטער קומען אַהיים פֿון דער אַרבעט. עס קו־מען אויך אָן אַנדערע, חברים און חברטעס. אַלע קומען זיי ווי צו זיך אַהיים: יעדער איינער און אַלע צוזאַמען טראָגן אַרייַן זייער באַשטייער צום זשומיקן און קאָכעדיקן אויפֿברויז פֿאַר אַ ניי לעבן פֿאַר דער צו־קונפֿט, וואָס ווערט צווישן די דאָזיקע פֿיר ווענט געשפּינען.

אויפֿן דיל אויף אַן אויסגעשפּרייטער שמויענער ראַגאָזשע, אויס־געזעצט און אויסגעלייגט, עסט מען צוזאַמען אַ געמייַנזאַמען אָוונט־ברויט, מ'לייענט צוזאַמען און מ'דיסקוטירט פֿאַרשידענע סאָציאַליסטי־שע פּראָבלעמען: פּאַרטייאישע און אָרגאַניזאַציאָנס־פֿראַגן, אויך אַלער־ליי אַקטועלע לעבנס־פֿראַגן.

אַזוי ביז שפּעט אין דער נאַכט.

און לעניִן קוקט אַראָפּ פֿון דער וואַנט, פֿאָטערלעך, אַן אויפֿגעמונ־טערטער און אַ גוטמוטיקער, ווי ער זאָל זאָגן:

— אַזוי האָב איך אייך ליב, קינדער, דורך אייך ווער איך דער־הייבן, דורך אייַערע פֿאַרשטאַרקטע און פֿאַרגרעסערטע רייען, ווער איך אויך פֿאַרשטאַרקט און באַפֿעסטיקט.

צווישן די אַלע אייַנגייער און טומלער אין לאָוראס וווינונג, איז די אָוונטן, פֿאַרנעמט אַן אָנגעזעענעם און חשובן פּלאַץ אַ בלאָנדער בחור, אַ באַבריליטער. אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַ לאַנגער נאָז, אַ בחור פֿון אַ יאָר 20, אַ טעמפּעראַמענטפֿולער, אַ היציקער. ער רעדט מיט פּאַטאָס און איבערצייַגנדיק, צו ווענען אַלע הערן זיך צו מיט דער גרעסטער אויפֿמערקזאַמקייט און רעספּעקט און וועלכער איז דער גאַנצער טאָן־געבער און פּוסק אַחרון אין אַלע דיסקוסיעס, אין פֿאַר־פּלאָנטערטע פּאָליטישע פֿראַגן.

ער הייסט מויסעם פאט, און די חברים רופן אים פאר ליבשאפט — „קאמפאניערא פאטיטא".

פאט איז ביי אלע זייער שטארק באליבט. מיט א באזונדערער מוטערלעכער צערטלעכקייט באציט זיך צו אים לאוראס מוטער, הברטע קאנטשיטא. און גאר באזונדער, וואס ווארפט זיך אלעמען אין די אויגן, קוקט אויף אים לאורא, וועלכע פארגעטערט אים פשוט, עס עקזיסטירט גארנישט — פאר איר — קיין העכערער מענטש אין דער וועלט, ווי „איר מויסעם". זיין ווארט איז פאר איר גישט נאר מאסגעבנדיק, נאר פשוט — א הייליק געזעץ.

און ער, מויסעם פאט, אויסער די צילן פון חברישע און פארטייאישע צוזאמענקונפטן ביי לאוראן אין שטוב, האט דארט נאך א ציל פאר זיך. און דאס איז לאורא אליין, וועלכע איז פאר אים נישט נאר די טאכטער פון זיין ליבן לערער און דערציער קאראנעל קרוז, און נישט נאר א גוטע פארטיי־חברטע און גוטע מיטקעמפעריו פאר דער אנקומענדיקער נייער וועלט, נאר אויך — די ליבסטע און טייערסטע חברטע פאר זיין אייגענעם צוקונפטיקן לעבן.

---

משה פאט איז א קינד פון דער רוסישער רעוואלוציע מיט אלע אירע נאכווייען.

זיין פאטער, קלמן פאט, איז געווען אן איינפאכער ארבעטער, א סטאליער. מיט זיין גאנצער נשמה איז ער איבערגעגעבן געווען דער רוסישער באפרייאונגס־באוועגונג, וועלכע איז געווען ביי אים איינגעזאפט אין די בלוטן און אין דעם מארך פון די ביינער, נאך פון זיין פריסטער יוגנט אן. נאך פון די יארן 5־4־1903, ווען ער איז נאך קוים פערצן־פופצן יאר אלט געווען, האט ער, אלס לערן־ייִנגל ביי א סטאלער, שוין געשפירט אויף דער אייגענער הויט, דעם טעם פון פארשקלאפונג און דערנידערונג און שוין דעמאלט האט ער מיט נאך אזעלכע ייִנגלעך פון זיינע יארן און פון זיין שטאנד — אנטיילגענומען אין די ארבעטן פונעם „בונד" אלס א באזונדערע גרופע, וואס האט זיך גערופן „קליינער בונד". פון דעמאלט אן האט קלמן פאט, דער פשוטער סטאליער, זיך נישט דערווייטערט, אויף קיין איין טאג אפילו, פון רעוואלוציאנערער טעטיקייט, זאגאר אונטער די ערגסטע געפארן.

נאך דער באלשעוויסטישער איבערקערעניש אין רוסלאנד, אינם 17־טן יאר, איז ער, קלמן פאט, זיך צונויפגעוואקסן מיט דער רעוואלו־ציע. זי איז געווארן דער צענטער פון זיין לעבן, פון אלע זיינע חושים, אפילו געאטעמט האט ער מיט דער רעוואלוציע, און אלס אזעלכער איז ער אריין אין דער רויטער ארמיי, וווּ ער האט אין קאמף קעגן דעניקינען זיך אויסגעצייכנט מיט וואונדערבארער העלדישקייט. זיין נאמען איז בארימט געווארן און ארויסגעשטעלט געווארן אלס מוסטער און ביישפיל פון א מוטיקן, אומדערמידלעכן רעוואלוציאנערן קעמ־פער. און אין קאמף פון דער רויטער ארמיי מיט די פאליאקן, איז קלמן פאט געפאלן ביי ווארשע, איבערלאזנדיק א קליינעם יתום פון קוים ניין יאר — משה פאט.

באלד נאכן פאטערס טויט האט די מוטער — אן אוקראיינישע גויע — געבראכט משהן צו דער מומען, דעם פאטערס א שוועסטער, און אליין איז זי פארשוווּנדן געווארן.

די מומע, א קינדערלאזע אלמנה, א מיטליאריקע פרוי, איז דער־מאלט געווען א שמשטע אין א יידישער שול אין מאסקווע. דעם דאָ־זיקן פאך האט זי אויסגעצייכנט געקענט. יענדיק א טאכטער פונם אויבער־שמש אין דער קברנישער קלויז אין ווילנע, האט זי בריה'ש געקענט אלע הייליקע מלאכות, וואס זענען מיט שמשעריי פארבונדן, ווי קנייטן וואקסענע יארצייט־ליכט, פלעכטן הבדלות, גיסן צינענע חנוכה־לעמפלעך, פלעכטן קוישלעך פאר לולבים און הדסים, מאכן דינע ליכט־לעך צו בדיקת חמץ, באקן ערב־פסחדיקע מצות־שמירה און נאך אזעל־כע מלאכות. און דערהויפט, די וויכטיקסטע פון אלע מלאכות, וואס איז דער צענטער פון שמשעריי — שנאָרעריי, אויף דעם איז זי געווען א קינסטלערין, אז אפילו איר טאטע דער אלטער ווילנער שמש, האט געמעגט קומען צו איר זיך לערנען.

מיטן אנקומען פונם קליינעם יתום צו איר אין איר רשות, האט די גענייטע שמשטע באלד דערשמעקט א קוואל פאר א נייער פרנסה, נאר א פרישע מחיה: „רחמנות אויף אן אומגליקלעכן יתום" און זי האט דאס אויסגענוצט מיט דער גאנצער געשיקטקייט און גענייטקייט פון איר פראקטיק, נישט נאר אין די פיר ווענט פון שול און שול־באלעבאטים, נאר אויך אפילו אויף דער גאס. זי האט גאנץ פשוט אוועקגעשטעלט

דעם יתום אלס גאסן־בעטלער, און דער קלײנער ארימער משה, אונ־טער דער מורא פון די אומרחמנותדיקע קלעפּ, וואס ער פלעגט גאנץ אפט כאפּן פון דער גוטהארציקער מומען, איז געווארן אינגאנצן א ווערקצײג בײ דער מומען אין די הענט, צו מאכן מיט אים וואס זי האט געוואלט.

די שמשטע — א דורכגעטריבענע יידענע — האט אבער דער־שמעקט אין די נײע ווינטן, אז לאנג וועלן אירע פרנסות אין באלשע־וויסטישן רוסלאנד, נישט קאנען אנהאלטן, און אז כדי צו ראטעווען דאס ביסל אנגעזאמלט געלד, מוז מען וואס פריער אנטלויפן „פונם דאזיקן באנדיטישן, אפּיקורסישן, גאטלאזן רוסלאנד".

„צווישן יידן ווערט מען אין ערגעץ נישט פארפאלן", פלעגט זי שטענדיק נאכזאגן איר טאטנס „הײליקע ווערטער", און זי, די מומע, איז אוועק מיטן יתום קײן מעקסיקע.

צום גליק פון משהן איז די מומע נאך אויף דער שיף קראנק גע־ווארן, און נאך אכט מאנאטן אפּקרענקען אין מעקסיקע, איז זי גע־שטארבן.

אין זעלבן הויף, וואו די מומע האט געוווינט און איז געשטארבן, האט געוווינט א קאראנעל, פעדרא קרוז. דער דאזיקער קאראנעל — א טעמפּעראמענטפולער, מיט א רעוואלוציאנערער נאטור — איז געווען באגײסטערט פון דער רוסישער רעוואלוציע, וועלכע ער האט פארהײ־ליקט. ער האט מיט דער גרעסטער געשפּאנטקײט נאכגעשפּירט דעם גאנג פון דער רוסישער רעוואלוציע. מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמ־קײט האט ער געלײענט און געלערנט די געשיכטע פון די רוסישע פרײ־הײט באוועגונגען, און מיט א הונגעריקײט געשלונגען יעדעס ווארט, ווי עס רעדט זיך וועגן רוסלאנד און דער רוסישער רעוואלוציע. ער האט געהאלטן, אז זי דארף דינען פאר א בײשפּיל פאר דער גאנ־צער וועלט, אין אלע בורזשואזע לענדער. און ווען ער האט זיך דער־וווסט וועגן משה פאטס פאטער, וואס איז געפאלן אין קאמף אלס העלדישער רעוואלוציאנערער קעמפער, האט דער קאראנעל קרוז שטארק ליב געקראגן אט דעם קלײנעם משהן, און מיט אים זיך זײער פאראינטערעסירט. נאך דער מומעס טויט האט דער קאראנעל גענומען

משהן צו זיך, און ער האט איבערגענומען אין זיינע הענט די דער־
ציאונג פון אט דעם קליינעם פאט.

ער האט משהן אוועקגעגעבן צו א שלאסער־מעכאניק צו לערנען אים שלאסעריי, און אין דער פרייער צייט, האט ער אליין אים געלערנט לייענען און שרייבן. און — זיין גאנצן רעוואלוציאנערן גייסט, זיין גאנצע נשמהדיקע ליבשאפט צום זיך באפרייענדיקן ארבעטער־קלאס, האט ער איינגעפלאנצט אינם קליינעם משהן, אין וועלכן עס האט ביסלעכווייז גענומען אויפברויזן דער גייסט פון זיין פארשטארבענעם פאטער.

ווי אן אייגן קינד האט זיך משה פאט געהאדעוועט אין שטוב פון קאראנעל קרוז, ארומגערינגלט מיט א היימיקע ליבע פאמיליע־ווארימקייט, פון קאראנעל קרוז און זיין פרוי קאנטשיטא, וועלכע האבן משהן געהאלטן אזוי גוט ווי זייער אייגענער קליינער טאכטער לאורא.

משה, וואס האט כמעט קיין היים נישט געדענקט: משהן, וואס דאס פאריתומטקייט האט זיין גאנצער קינדהייט דערשטיקט; משהן, ביי וועמען די מומעס אכזריותדיקע באציאונג האט זיך טיף איינגעשניטן אין זיין קינדישע נשמה — האט די דאזיקע ליבע פאמיליע־סביבה פונם קאראנעל קרוז, אזוי מחיהדיק געווארעמט, אז ער האט זיך צו זיי געטוליעט ווי א פארלוירן שעפסעלע, זיי מיט לייב און לעבן דאנקבאר געווען, זייער לעבן אין זיך ארייגעזויגן, זייערע אידייען אין זיך ארייננגעאטעמט און אין זייערע צילן אין אויפגאבן זיך איינגעקלאמערט.

לאנג איז אבער דעם פאריתומטן משהן — דעם פארוואגלטן קינד פון דער רעוואלוציע, — נישט באשערט געווען צו פילן דעם טעם פון א רואיק לעבן, א נארמאל לעבן פון א קינד אונטער די פליגלען און שוץ פון אן אייגענער טרייער און ליבער פאמיליע סביבה.

אין דער פאמיליע קרוז איז אן אומגליק געשען, וואס איז געפאלן אויף משהס קאפ נישט ווייניקער ווי אויף דער פאמיליע: קאראנעל קרוז איז דורך א מיליטערישן געריכט דערשאסן געווארן פאר אן אקטיוון אויפשטאנד קעגן דער רעגירונג.

פאריתומט, פאראיינזאמט און דערשלאגן איז די פאמיליע קרוז

געבליבן, נאכן טראגישן טויט פון זייער פאטער און לערער, און מיט זיי אויך — משה פאט.

אבער דערפאר — געשטארקטער און געמוטיקטער אין זייער אויפגאבע: אינם קאמף פאר א ניי לעבן פאר דער צוקונפט.

די זאמען, וואס דער ליבער פאטער און לערער, קאראנעל קרוז, האט פארזייט, זענען נישט פארלוירן געגאנגען.

אין דרייען האבן זיי — נאכן פאטערס טויט — אויפסניי זייער פריוואט לעבן אנגעהויבן, א לעבן פון שווערער ארבעט, א לעבן פון ארימקייט און נויט.

אין דרייען האבן זיי אויך זייער גייסטיק לעבן ווייטער פארגעזעצט, א לעבן פון גייסטרייכקייט און אוצרדיקער באגייסטערונג, א לעבן מיט א רחבותדיקן אינהאלט.

# אַפּגענאַרטע

מאַנטיק אין דער פרי.

דער גרויסער עס־צימער פון דער פאַמיליע בראַדעצקי האָט נאָך געשמעקט מיט שיריים פון דער נעכטיקער פייערונג: דאָס ווייסע טישטוך איבערן לאַנגן טיש, איז פול געווען מיט ווייַן־פלעקן. פלעשער ליידיקע און האַלב ליידיקע, גלעזער און גלעזלעך זענען נאַכלעסיק אַנגעשטעלט געווען איבערן גאַנצן טיש. צווישן אַנגעוואָרפענע ברעקלעך און שטיקלעך פון זיסע געבעקסן און אַנדערע עסנוואַרג. אַלץ איז אַזוי געבליבן ווי די געסט האָבן עס איבערגעלאָזט, אינם גרויען באַגינען, ווען זיי האָבן דאָס הויז פאַרלאָזט. און דער גאַנצער עס־צימער איז געווען אַ שטומער עדות פונם נעכטיקן יום־טוב, וואָס איז דאָ געפּראַוועט געוואָרן — אַ רייכער, אַ טומלדיקער און אַ פריילעכער.

ביים פענסטער פונם עס־צימער איז געשטאַנען די פרוי בראַדעצקי. אַ יונגע פרוי פון אַ יאָר דרייסיק. זי איז נאָר־וואָס פון בעט אַרויס. אירע פייער־רויטע האָר — צעפּלאָשעטע, דאָס פנים — נישט קיין געוואַשנס און אינגאַנצן איז זי נאָך געווען אַ פאַרשלאָפענע, אַ פאַרגענעצטע. זי האָט אַרויסגעקוקט אין דרויסן און מיט אַ טיפער

ערנסטקייט איינגעקוקט זיך אין דער צעשטערנדיקער אַרבעט וואָס איז אָנגעגאַנגען אויף דער צווייטער זייט גאַס, ביים צעוואַרפן די געביי־דעס, כדי צו מאַכן די גאַס ברייטער. אירע אויגן האָבן זיך איינגעגעסן אין אַ נאַקעט־געבליבענער וואַנט פון העל גרינעם קאָליר, די איינציק געבליבענע וואַנט פון אַ דאָרטיקן שלאָף־צימער. די פרוי האָט זיך אַזוי אַריינגעטראַכט אין דער דאָזיקער וואַנט, ווי זי זאָל וועלן עפּעס וואָס אַרויסלייענען פון דער דאָזיקער געבליבענער וואַנט, ווי זי זאָל וועלן עפּעס דערגיין פון די אינטימע סודות, וואָס די דאָזיקע וואַנט האָט אין זיך איינגעזאַפּט פון די דאָרטיקע איינוווינערס לעבן. אָדער, אפשר גאָר האָבן זיך ביי איר דערוועקט אייגענע זכרונות, וואָס זענען מיטן דאָזיקן צימער פאַרבונדן געווען און זי האָט געוואָלט פאַרשן, צי וועט נישט אַמאָל אַט די אָפּגעדעקטע וואַנט פאַרעפנטלעכן פאַר דער גאַנצער וועלט דאָס, וואָס זי האָט אַמאָל פאַר איר פאַרטרויט.

און ווי זי איז אַזוי געשטאַנען אַ פאַרטראַכטע, אויסגעטון פון דער גאַנצער קעגנווערטיקער ווירקלעכקייט, איז מיט אימפּעט אַריין אין צימער אַ בהורל פון אַ יאָר צוועלף־דרייצן, מיט אַ ליאַרם און אין איין אָטעם האָט ער אויסגעשריגן:

— אַ, מומע! ביסט דאָ, און איך האָב געמיינט, אַז דו שלאָפסט נאָך! נאַר־וואָס איז דאָ געווען קאַרטשינסקי; ער האָט זיך געפרעגט אויף דיר, האָב איך אים געזאָגט, אַז דו שלאָפסט נאָך. איז ער אַוועק און געזאָגט, אַז ער וועט נאָכמיטאָג קומען.

זי האָט זיך פון זיין געשריי אויפגעכאַפּט ווי פון שלאָף, אָנגעקוקט אים ווי ער שרייט און נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער וויל פון איר. האָט זי אים געפרעגט:

— וואָס שרייסטו אַזוי, רעד שטילער, איך פאַרשטיי נישט, וואָס זאָגסטו?

ער האָט נאָכאַמאָל מיטן זעלביקן געוואָלד, איבערדערציילט דאָס זעלביקע.

— גאַנץ גוט, וואָס ער האָט מיך נישט געטראָפן: פון מיינעט־וועגן מעג ער נאָכמיטאָג אויך נישט קומען — האָט זי גערעדט מער צו זיך ווי צום יינגל.

דאָס יינגל האָט זי אָנגעקוקט אַ פאַרוווּנדעטער, נישט געגלויבט

אַז די מומע זאָגט אים דאָס און געמיינט, אַז ער האָט נישט גוט געהערט, האָט ער איבערגעפרעגט:

— וואָס האָסטו געזאָגט, מומע?

— איך האָב גאָרנישט געזאָגט, קאָנסט גיין.

דאָס ייִנגל אָבער האָט זיך גאָרנישט וויסנדיק געמאַכט פון דעם, וואָס די מומע האָט אים געהייסן גיין, ער איז ווייטער געבליבן, מיט ליבשאַפט געקוקט אויף דער מומען און מיטאַמאָל, ווי ער זאָל זיך האָבן אַן עפּעס דערמאָנט, האָט ער זיך אָנגערופן:

— דו ווייסט, מומע, איך האָב דיר זייער אַ וויכטיקע זאַך צו זאָגן.

זי האָט אים פאַרשנדיק אָנגעקוקט, פּרובירט טרעפן פון זיינע אויגן, וואָס אַזעלכעס פאַר אַ וויכטיקס ער וויל איר זאָגן און גלייכצייטיק — מיט נייגעריקייט, שוין צו וויסן וואָס איז עס פאַר אַ זאַך, וואָס מאַני מזיק (אַזוי האָט זי אים גערופן) האַלט פאַר אַזוי וויכטיק און מאַני האָט געקוקט אויף דער מומען מיט אַ שעלמיש־כיטרען קוק, צו זען וואָס פאַר אַן איינדרוק זיינע ווערטער האָבן אויף איר געמאַכט.

— נו זאָג שוין, וואָס איז עס פאַר אַוויכטיקע זאַך? — איז זי אַרויס פון געדולד.

— הערסט מומע, נעכטן אינדערפרי, גאָר פרי איז עס געווען, בין איך פאַרבייגעגאַנגען אויפן סאַנטאַ קאַטערינאַ פּלאַץ, האָב איך געזען קאַרטשינסקין אַריינגיין אין דער דאָרטיקער קירך, גלייך מיט אַלע גויים.

זי איז געבליבן אַ דערשטוינטע, האָט אַ ליכטן ציטער געטון און זי איז געוואָרן בלייך — אַ דערשראָקענע.

— אַליין איז ער אַהין אַריינגעגאַנגען? — האָט זי, נאָך אַ ווייַלע, געפרעגט.

— מיט נאָך אַן עלטערער פרוי, וועמען ער האָט געפירט אונטער דער האַנט, — האָט מאַני געענטפערט מיט שטאָלץ, צופרידן פון דעם, וואָס די מומע פאַראינטערעסירט זיך מיט זיינע ווערטער.

— פאַר וואָס־זשע האָסטו מיר באַלד נעכטן נישט דערציילט?

— איך האָב גאָר פאַרגעסן, נאָר היינט, אַז איך האָב אים דאָ געזען, האָב איך זיך דערמאָנט.

— נו, וואס־זשע איז דאס אזוי וויכטיק. — האט זי געוואלט זיך מאכן רואיק און גלייכגילטיק, אבער דער ביטרער מאני האט גוט דערקענט אין דער מומען, אז זיינע ווערטער האבן איר איבערראשט און דאס האט אים א הנאה געטון. זאל זי נישט זאגן, אז ער א ווילדער יונג.

אין דעם איז אריינגעקומען בראדעצקי, א מאן פון א יאר פערציק, א הויכער מיט א רויט געזונט פנים, מיט פעסטע טריט, ווי פון אייזן, וואס איז זיכער אין זיך, און מיט גוטמוטיקע, לעבנס־לוסטיקע אויגן. ער איז צו צו דער פרוי, צערטלעך זי ארומגענומען און געקוקט איר אין די אויגן אריין.

— נו, צירעלע, ביסט זיך שוין אויסגעשלאפן? — און ער האט איר אפגעפרעסט א קוש אין די ליפן.

— און דו, מאני מזיק, — האט ער זיך געווענדעט צום יינגל — דו האסט שוין אנגעהאקט דער מומען אביסל ליגנס?

— פעטער, איך זאל אזוי לעבן, ווי איך האב עם אליין געזען.

דא האט ער זיך אנגעטראפן מיט א שארפן און שטרענגן בליק פון דער מומען און מאני האט פארשטאנען. וואס דאס מיינט, איז ער אנטשוויגן געווארן.

— וואס האסטו אליין געזען? — האט בראדעצקי שוין נייגעריק געפרעגט.

— איך האב געזען, ווי אויפן שפיץ פון דער קאטעדראל האט זיך א העלפאנט אויפגעהאנגען...

בראדעצקי איז צו צו מאניו, אנגעכאפט אים פאר ביידע באקן און אים שטארק צעקנייפט.

— מאני מזיק, ווען וועט שוין זיין פון דיר א לייט?

מאני האט זיך געריסן פון זיינע הענט און געמאכט געוואלטן, ווי א חזיר, ווען מ'קוילעט אים.

— אוי, פעטער! געוואלט, געוואלט! וועכט זען ווי איך וועל נאר ענדיקן די „סעקונדאריע", וועל איך ווערן א באקסיאדאר!

צירל איז געשטאנען הינטער זיי, זי האט זיך איינגעקוקט מיט אזוי פיל מוטערלעכער ליבשאפט אין מאניו, ווי ער אמפערט זיך מיטן פעטער, און אויפן געדאנק איז איר געקומען מאנים פאטער, באריס,

בראדעצקים יינגערער ברודער, וואס איז מיט א יאר צוריק געשטארבן און אין וועמען מאני איז, ווי צוויי טראפן וואסער, ענלעך, און א טרויער האט זיך פארצויגן איבער איר פנים. ווידער האט זי געכאפט א קוק אין דרויסן צו דער אפענער וואנט פון העל גרינעם קאליר און אין איר גדאנק האבן זיך געפלאנטערט דערמאנונגען, וועלכע, ווי איר האט זיך אויסגעדאכט, פלעכטן זיי זיך צווישן אט דער דאזיקער נאקעטער וואנט מיט מאנים פארשטארבענעם פאטער.

ערשט ווען די דינסט איז אריין אויפרוימען דעם צימער, האט זיך די פרוי בראדעצקי געכאפט, אז זי גייט נאך אין דער פיזשאמע, אז זי איז נאך נישט קיין געוואשענע. און זי איז שנעל ארויס פון צימער.

---

נאכמיטאג, שוין פארנאכט צו, איז קארטשינסקי געקומען.

די פרוי בראדעצקי האט שוין געווארט אויף אים. זי האט זיך צוגעגרייט צו האבן מיט אים אן אפענעם געשפרעך, צו דערגיין צי כ'איז אמת דער פארדאכט, וואס זי האט אויף אים און וועלכער טא־טשעט זי ווי א ווארעם און לאזט זי נישט רוען. זי האט אויך באַ־שטימט צו רעדן מיט אים קלאר, צי מיינט ער ערנסט אראפצוברענגען פאר א כלה איר יינגערע שוועסטער פון פוילן, ווענן וואס עס איז ביז איצט נאר אנמערקנדיק גערעדט געווארן, אויך האט זי באשטימט ארויסצווייזן אים איר פארדרוס, פארוואס ער איז נעכטן נישט געקור־מען צו איר געבורטסטאג־פייערונג. אבער ווי נאר קארטשינסקי איז אריין אין שטוב, איז אלץ וואס זי האט געהאט אנגעגרייט קעגן אים, מיטאמאל פארשוואונדן געווארן. זי האט זיך נישט געקאנט באהערשן אין זיין קעגנווארט, צו ווייזן זיך גלייכגילטיק צו אים. זי האט נישט געקאנט באהאלטן דעם פאקט — כאטש זי האט עס זייער געוואלט — אז זי איז פארליבט אין אים.

באלד ווי ער איז אריין האט ער זיך אנטשולדיקט, פארוואס ער איז נעכטן נישט בייגעווען אויף איר יום־טוב, ווייל זיין כתנה — א שיינעם זילבערנעם מאניקיר־גארניטור. דא האט כתנה — א שיינעם זילבערנעם מאניקיר־גארניטור. דא האט זי געקראגן די געלעגנהייט צו פרעגן אים, צי קאן זי נישט באזוכן זיין מוטער, ווען יענע איז קראנק. ער האט איר אבער אויף אן איידעלעם

אופן געגעבן אנצומערקן, אז אזוי ווי זיין מוטער האט אפט נערוון־אטאקעס, איז אין אזא פאל נישט אנגענעם די אנוועזנהייט פון א פרעמדן מענטשן. זי האט גוט פארשטאנען, אז דאס איז נאר א תירוץ, אין ביי איר איז שטארקער געווארן דער פארדאכט, אז קארטשינסקי איז נישט קיין ייד און דעריבער וויל ער נישט, אז מ׳זאל צו אים אין הויז קומען און זען דאס, וואס ער וויל אויסבאהאלטן... אבער — האט זי זיך געטראכט — ווי קאן עס מעגלעך זיין, אז א מענטש, וואס רעדט אזא געשמאקן, פאלקסטימלעכן יידיש און אזעלכער, וואס איז אזוי איינגעוואקסן אין יידישן לעבן, זאל נישט זיין קיין ייד! און זי האט, אין גערדאנק, זיך אליין אויסגעלאכט פאר איר נארישן פארדאכט. באלד אבער האט זי זיך דערמאנט, וואס מאני האט איר אינדערפרי דערציילט. און זי האט זיך אזוי געפלאנטערט אין די געדאנקען. קאר־טשינסקי האט עס באמערקט און איר געפרעגט:

— וואס איז אייך, מאדאם בראדעצקי? איר זעט אויס עפעס אזוי צעטראגן.

— יא, איך בין נאך נישט אויסגעשלאפן פון נעכטיקן אוונט.

זי האט זיך געוואלט ארויסדרייען פונם דאזיקן געשפרעך, איז זי באלד אריבער אויף דעם, וואס זי האט באשטימט צו רעדן מיט אים היינט:

— איר ווייסט, הער קארטשינסקי, איך האב מיט אייך צו רעדן וועגן א היימישן ענין.

און זי האט זיך פארטראכט, ווי אזוי אנצוהויבן.

— א, מיט פארגעניגן, מאדאם — האט ער געענטפערט און זיך אנגעשטויסן וועגן וואס עס האנדלט זיך.

— מיר האבן שוין עטלעכע מאל גערעדט וועגן מיין שוועסטער מאניא, — האט זי נישט דרייסט און ווי פארשעמט אנגעהויבן דעם געשפרעך — האב איך געוואלט, אויב איר וועט מיר דערלויבן, רעדן מיט אייך מער באשטימט וועגן דעם.

— איך האב שוין אויך לאנג געוואלט רעדן מיט אייך וועגן דעם, — האט ער געענטפערט, — איך האב געוואלט אייך פרעגן צי האט איר נישט דאקעגן, אז איך זאל מיט אייער שוועסטער און מיט אייערע עלטערן זיך דורכשרייבן.

דאַ האָט איר פּלוצלונג שטאַרק אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ. דער פאַר־דאַכט טאָמער איז ער נישט קיין ייד, און אַז שוין האָט זי אים גע־וואָלט קלאָר פרעגן וועגן דעם, אָבער זי האָט זיך אַליין פאַרשעמט פאַר איר דאָזיקן געדאַנק, עס האָט ביי איר אויסגעזען, ווי זי זאָל פּלוצלונג אַ פרעג טאָן איר אייגענעם ברודער, צי איז ער אַ ייד, צי נישט...

---

קאַרטשינסקי, זיין פיזיאָנאָמיע, זיין גאַנצער אויסערלעכער אויס־זען און דער ערשטער איינדרוק, וואָס ער האָט געמאַכט, איז געווען אין פולשטענדיקן קאָנטראַסט צו זיין אמתן אינערלעכן כאַראַקטער — זעלטן ווען עס טרעפט זיך.

אַ בלאָנדער, אַ דאַרער און אַ הויכער, מיט העל בלויע פאַרחלומטע אויגן, וועלכע האָבן צוגעגעבן זיין אויסזען אַ טרוימעריש־פּאָעטישע פלעגמאַטישקייט אַזוי, אַז מ'האָט לייכט געקאָנט אים אָננעמען פאַר אַ פאַנטאַזיאָר, אַ פּאָעט, פאַר אַ מענטש, וואָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט דערווירקלעכקייט, איז אין דער אמתן אָבער געווען פונקט דער היפּוך פון דעם: אַ מענטש פול מיט ענערגיע, מיט אַ ברענענדיקן אונ־טערנעמונגס־גייסט, מיט אַ פעסטן גלויבן אין זיך, מיט אַ מוטיקער געוואַגטקייט און מיט אַ רעאַלן, געזונטן חוש פאַר אַלע לעבנס־פּראָ־בלעמען, סיי פּריוואַטע און סיי געזעלשאַפטלעכע.

אין פּוילן איז קאַרטשינסקי געווען אַן אַקטיווער קאָמוניסטישער פּאַרטיי־מאַן, פאַר וועלכן ער האָט אָפּגעשמאַכט פינף יאָר אין אַ דאָר־טיקער תפיסה. זייענדיק אין תפיסה האָט ער, אדאַנק די יידישע מיט־חברים, זיך אויסגעלערנט פולשטענדיק די יידישע שפּראַך און דורך דעם האָט ער געקראָגן אַן אינטערעס צום יידישן לעבנס־שטייגער: ער האָט שטודירט פלייסיק די יידישע געשיכטע און ערנסט זיך אָפּ־געגעבן צו לערנען די ספּעציפישע יידישע פּראָבלעמען. מיטן דאָזיקן יידישן באַגאַזש איז קאַרטשינסקי געקומען קיין מעקסיקע.

---

שוין דאָס צווייטע יאָר ווי עס עקזיסטירט אין מעקסיקע די באַ־רימטע אייזן־גיסעריי פון די שותפים בראָדעצקי און קאַרטשינסקי, אין וועלכער קאַרטשינסקי האָט אריינגעבראַכט זיין ענערגיע און זיין אונ־

טערנעמונגס־גייסט, אדאנק וועלכן די גימערייי האט דערגרייכט איר גרויסן דערפאלג.

אויך דאס יידיש־געזעלשאפטלעכע לעבן האט קארטשינסקי אויפגעהויבן מיט זיין ענערגישער טעטיקייט. צום נוצן פון די אינסטיטוציעס, וועלכע האבן פון זיין מיטארבעט געגאסן אין קיינמאל איז קיינעם נישט איינגעפאלן צו אינטערעסירן זיך: ווער, וואס און פון וואנען איז קארטשינסקי. עס איז גענוג געווען זיין נוצלעכקייט, וואס ער האט אריינגעבראכט און צו וואס דען מער?

איין און איינציקער נאר, וואס האט געוואורפן א חשד, אז קארטשינסקי, ביי זיין גאנצער יידישער טעטיקייט און יידישן ווסן, איז נישט פון יידישן שטאם, איז נישט יידיש געגלידערט, איז נישט פון קיין יידיש הויז געבוירן און דערצויגן, — דאס איז געווען באריס בראדעצקי, מאניס פארשטארבענער פאטער. ער האט סודותדיק באהאלטן דעם חשד און פארטרויט אים נאר פאר זיין שוועגערין, צירל בראדעצקי.

— עפעס — האט ער שטענדיק געטענהט צו איר — פעלט איז אים דאס יידישע; עפעס ווי שטנז פאסט ער זיך צום יידישן לעבן: אפילו זיין אויסזען איז נישט קיין יידישער; ער איז ווי אן אנגעקלעפטער ייד, ווי אן ארטיסטישע מאסקע. עס פעלט אין אים דער יידישער גאטירלעכער, פולבלוטיקער עלעמענט.

אבער זיין שוועגערין האט זיינע ווערטער אפילו אין אכט נישט געוואלט נעמען. זי האט געוווסט, אז ער איז אייפערזיכטיק אויף קארטשינסקין... און ער וויל אים פארמיאוסן ביי איר אין די אויגן.

ערשט נאך באריסעס טויט האט איר דער חשד גענומען שטארק קריכן אין קאפ אריין. א חשד, פון וועלכן זי האט זיך נישט געקאנט באפרייען. און וואס אמאל מער האט זיך איר אויסגעדאכט, אז זי זעט אין אים דאס באהאלטענע גויאישע, דאס פרעמדע. אבער שטענדיק, נאך אזא טראכטן, האט זי זיך אליין פארגעווארפן, פארוואס זי האט דערלאזט אזא נארישן חשד אריינגעמען אין קאפ אריין און פארוואס זי האט זיך גאר געלאזט באאיינפלוסן פון דעם צעדרייטן, פארשטארבענעם שוואגער אירן.

אַז אוונט אין מאָנאַט אָקטאָבער איז עס געווען, ווען מאַן און פרוי בראָדעצקי האָבן אָנגעקלונגען ביי דער טיר אין הויז פון זייער שותף קאַרטשינסקי, וועלכער איז שוין עטלעכע טעג געלעגן קראַנק צו בעט.

אין דרויסן איז געשטאַנען אַ קילער, רואיקער און טונקעלער אוונט. אַרום טשאַפּולטעפּעק־פּאַרק, וווּ קאַרטשינסקי האָט געוווינט, האָט די גאַנצע אומגעגנט געאָטעמט מיט אידילישער ראָמאַנטישקייט. דיביימער האָבן, ווי פאַרליבטע, זיך געטוליעט איינער צום צווייטן און פּידותדיק זיך געשושקעט. דער הימל, ווי אַ טונקל־בלויער סאַמעט, האָט זיך נידעריק אַראָפּגעלאָזט, אַלעמען איינגעהילט און מוטערלעך אַרומגענומען. מחיהדיק אָנגענעם און פריידיק היימלעך איז געווען צו שפּאַצירן אין אַזאַ דרויסן, אונטער די פליגלען פונם דאָזיקן אוונט.

לאַנג האָבן אַזוי די בראָדעצקים שפּאַצירט הין און צוריק פאַר קאַרטשינסקיס הויז. עס איז זיי אַ שאָד געווען צו פאַרלאָזן אַזאַ וווּנ־דערבאַרן שיינעם פרייען דרויסן און אַריינגיין אין אַ פאַרמאַכטער שטוב אַריין.

באַזונדער דער פרוי בראָדעצקי האָט עפּעס געשראָקן דער אינעוויי־ניק פונם דאָזיקן הויז. אַן אומבאַשטימטער פּחד, האָט זיך איר אויסגע־דאַכט, ווינקט אַרויס דורך געהיימע שפּאַלטן, פון דער דאָזיקער וווינונג און אַ באַהאַלטענער געשפּענסט פילט אויס דעם גאַנצן אינעווייניק פון דעם דאָזיקן הויז. האַסטיקער האָט איר געגומען קלאַפּן דאָס האַרץ יעדעס מאָל, ווען מען איז צוגעקומען נאָענט צום אַריינגאַנג.

ענדלעך האָבן זיי אָנגעקלונגען.

עס האָט געעפנט אַן עלטערע פרוי, אַ הויכע, אַ דיקלעכע, מיט אַ זילבער־גרויען קאָפּ און מיט ליכטיקע קלוגע אויגן. אַ שטאָלצע זעלבסט־ווירדיקע האַלטונג האָט פון איר אַראָפּגעשיינט. אַ האַלטונג, וואָס האָט געגעבן אָנצומערקן, באַלד פון ערשטן בליק אָן, אַז מ׳שטייט פאַר אַ יחוסדיקער, אינטעליגענטער און פאַרנעמער פּערזאָן, וועלכע פאָדערט, אַז אַלע אַרומיקע זאָלן עס איר אָנערקענען.

זי האָט זיי מיט דער גרעסטער העפלעכקייט אויפגענומען, אָבער עס האָט פון דער דאָזיקער העפלעכקייט געבלאָזן מיט אַזאַ גאַווהדיקער,

ווייטער קאַלטקייט, אַז די בראַדעצקים האָבן געטראַכט ווי שויז, וואָס גיכער, דאָס אַלץ איבערצוקומען.

אַריינקומענדיק אין אַ קליינעם, באַשיידענעם, אָבער געשמאַקפול־איינגעאָרדנטן סאַלאָן, וווּהין די פרוי האָט זיי אַריינגעבעטן, האָבן די בראַדעצקיס, צו זייער דערשטוינונג, באַמערקט, אַז די פרוי טראָגט אַ גילדן צלמל אויפן האַלז. זיי זענען געבליבן אין צעטומלטער פאַרלעגנ־הייט, נישט געוווּסט צי איז זי די מוטער פון זייער יידישן שותף, אָדער ס'איז גאָר אַ פרעמדע קריסטלעכע פרוי, וואָס וווינט דאָ. און אין דער דאָזיקער פאַרלעגנהייט האָבן זיי געפרעגט ביי דער פרוי, וואָס עס מאַכט הער קאַרטשינסקי.

— מיין זון איז שוין באַדייטנדיק בעסער — האָט זי געענטפערט, — אָבער ער דאַרף נאָך ליגן עטלעכע טעג אין בעט.

דערביי האָט זי זיי שטאַרק איבערגעבעטן, פאַרוואָס זי קאָן זיי נישט אַריינבעטן צו אים אין צימער, ווייל ער איז נאַרוואָס איינגע־שלאָפן, איז גלייכער, אַז מען זאָל אים נישט איבערוועקן.

בראַדעצקי האָט מער נישט געקאָנט באַהערשן זיין דערשטוינונג און נייגעריקייט און ער האָט דער פרוי געפרעגט:

— זענט איר קריסטין?

— וואָס איז פאַר אַ פראַגע! — האָט זי געענטפערט מיט אַזאַ זיכערקייט, ווי אַנדערש קאָן עס גאַרנישט זיין. — מיר זענען פרומע קאַטאָליקן, פּאָליאַקן.

און זי האָט צוגעגעבן מיט אַ טאָן פון אַ פּראָפעסאָר, וואָס לייענט אַ לעקציע, און עס איז בולט געווען דערביי אַ געוויסע כוונה:

— יעדער מענטש דאַרף זיך האַלטן אין דער רעליגיע פון זיינע עלטערן. אַ רעליגיע איז דער מענטש ווי אַ בהמה און דער, וואָס בייט זיין רעליגיע איז נאָך נידעריקער פון אַ בהמה.

ביידע, די בראַדעצקיס, זענען געבליבן זיצן ווי געליימטע פון דער פּלוצלונגדיקער און דערשטוינענדיקער איבעראַשונג, וואָס זיי האָבן זיך עס מיט עטלעכע מינוט פריער אפילו נישט געקאָנט פאָרשטעלן. און זייער איינציקער פאַרלאַנג איז געווען אין דעם דאָזיקן מאָמענט — וואָס גיכער שוין צו זיין אויף דער גאַס.

אַרויסגייענדיק פון זייער שותפס שטוב, האָט ביידן אויסגעדראַכט.

װי עפּעס האָט זיך אָפּגעריסן בײ זײ פֿון האַרצן, עס האָט זײ אױסגע־
װיזן, װי אַ טײערער קאָסטבאַרער חפֿץ זאָל בײ זײ האָבן צעבראָכן גע־
װאָרן און דער שאָדן איז זײער גרױס.

שטום,מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, װי אבלים, האָבן זײ דאָס הױז פאַרלאָזט. פאַרשעמטע האָבן זײ לאַנגזאָם געשפּאַנט איבער דער גאַס און זײ האָבן זיך געפֿילט װי באַטריגטע און אָ פּ ג ע נ אַ ר ט ע.

# אין לעצטן טאָג

די זון איז גאָרוואָס אויפגעשטאַנען און איז באַלד אַרויס מיט אַנזאָג אויף אַ ברענענדיקן יוני־טאָג איבער מעקסיקע. מיט יעדער מינוט ווייטער אין טאָג אַריין, האָט אַלץ מער דער הימל זיך צעהיצט, פאַרפאַרעט די לופט, פאַרשטיקט די אָטעמס און אומדערטרעגלעך געמאַכט דאָס דורכגיין איבער די גאַסן.

אין אַזאַ זונטיקדיקן פרימאָרגן איז פון גאַנץ פרי אָן דער פּאַרק טשאַפּולטעפּעק שוין געווען פול מיט מענטשן, וועלכע זענען, כאַטש אויף איין טאָג, אַנטלאָפן פון דער שטאָטישער דעמפּיקייט, פרייער אָפּצואָטעמען צווישן די ביימער, וואַסער, שאָטנס און גרינס פונעם דאָזיקן פּאַרק.

אין אַ שטילער, זייטיקער, טונקעלער אַלייע — ווו ס'איז געווען כמעט אויסגעמיטן פונעם מענטשן־שטראָם, וואָס האָט זיך וואָס אַמאָל אַלץ מער פאַרגרעסערט אינעם פּאַרק — האָבן זיך געשפּאַצירט איז דרייען: חנה, בערל און פּיניע. אַלע דריי זענען פאַרטון געווען אין זייער אַן ערנסטן געשפּרעך און אַליין זענען זיי אויך פאַרצויגן געווען מיט אַ שווערער ערנסטקייט. אַן ערנסטקייט, וואָס האָט זיך גאַרנישט גע־

פאסט צו אזעלכע יונגע מענטשן, פון צוואנציק ביז פיראונצוואנציק יאר אלט, און דערצו נאך אין א פארק און אין א זונטיקדיקן זומער־טאג.

— דער ענין פון פארן אין ארץ־ישראל — האט בערל ווי זיך פארענטפערט — איז פאר מיר לגמרי נישט קיין נאציאנאלער, נאר א ריין פערזענלעכער; איך קאן זיך אין אמעריקע נישט אויסלעבן. איך בין שוין איבער פינף יאר אין די שטאטן און איך שפיר זיך נאך אלץ א פרעמדער, אן אימיגראנט, און אזוי וועל איך בלייבן אפילו נאך צוואנציק יאר אויך; לויט מיין כאראקטער און אייגנשאפט וועל איך זיך קיינמאל נישט קאנען אריינוואקסן אין אמעריקאנער באדן; דארט, אין ארץ־ישראל — שפיר איך — איז מיין פערזענלעכע היים: איבער ארץ־ישראל שוועבט א יונגער, טעמפעראמענטפולער שאפונגס־גייסט. אין וועלכן מיין נשמה וועט זיך אנקניפן און געפינען איר תיקון...

— יא, דאס האבן אלע געמיינט — האט אים פיניע איבערגע־האקט — איידער זיי זענען געפארן; רעד אבער מיט זיי היינט, נאך זייער צוריקקומען פון דארט!

— איך וויל פון קיינעם קיין ביישפילן נישט נעמען. יעדער מענטש איז זיך א וועלט פאר זיך, יעדער מענטש מוז ציען זיין אייגע־נע ליניע אין לעבן; אמת, עס נעמט טאקע לאנג ביז מ'געפינט עס אויס, און טיילמאל לעבט מען אפ דעם גאנצן לעבן א בלאנדזשענדיסער און מ'שטארבט, נישט האבנדיק געפונען די אייגענע ליניע... און איך בין זיכער, איך פיל עס מיט אלע מיינע חושים, אז מיין לעבנס־ליניע שפרייט זיך אויף ארץ־ישראלדיקן באדן.

— דאס האט אלץ די ציוניסטישע פראפאגאנדע אין דיר אריינ־געפאמפעט.

— דו מאכסט א גרויסן טעות, פיניע. איך באצי זיך גאנץ קרי־טיש צו דער גאנצער ציוניסטישער פראפאגאנדע פון „ארץ־ישראל־גליקן". און מיך ציט איבערהויפט נישט צו קיין גליקן. ווארום ווען מיך זאל ציען צו גליקן, וואלט איך נישט פארלאזט די שטאטן, אבער דאס אמתע ארץ־ישראל, ווי איך פאס עס אויף, טייל איך פולשטענדיק אוים פונם גאנצן ציוניסטישן „קאמפיין־טאראראם".

— און דו, חנה, וואס שוויגסטו? — האט זיך פיניע געווענ־

דעט צו חנהן — וואָס האָסטו היינט אַ גאַנצן פרימאָרגן אַנגענומען אַ מויל מיט וואַסער און שווייגסט?

— גאַנצע צוויי וואָכן — האָט חנה מיט פאָרוואורף געענטפערט — אַז איך האָב גערעדט האָסטו געשוויגן, דערפאַר אין דעם לעצטן טאָג, אַז דו רעדסט, שווייג איך.

— אַבי איך האָב געמיינט, אַז דו פאַרשטייסט מיך, אַ שווייגנ־דיקן, אויך...

— איך בין נישט אַזוי קלוג צו פאַרשטיין דאָס, וואָס מ׳דערזאָגט נישט. ווען אַמעריקע האָט געמאַכט פאַר אַ חכם, מיך האָט אַמע־ריקע נאָך נאַרישער געמאַכט. דעריבער פאָר איך קיין ארץ־ישראל מ׳זאָגט: „די לופט פון ארץ־ישראל מאַכט קלוג". אפשר וועל איך דאָרטן קליגער ווערן.

— אויב אַזוי, האָט איר בײדע, אמתע צוויי דערהויבענע צילן צו דערגרייכן אין ארץ־ישראל... אײנע וויל דאָרט קלוג ווערן, און דער צווייטער וויל דאָרט געפינען אַ תיקון פאַר דער נשמה... עס קלינגט מיר ווי אַ מעשה פון פאַרצייטיקע פערסישע דערווישן. — האָט פיניע די ווערטער אַרויסגערעדט סאַרקאַסטיש און מיט דערנערווירטער פאַ... ביטערטקייט.

---

די גאַנצע צוויי וואָכן, וואָס חנה מיט בערלען זענען געווען ביים פעטער אין מעקסיקע — ווהין זיי זענען געקומען פון די שטאַטן, זיך צו געזעגענען פאַר זייער אָפּפאָרן קיין ארץ־ישראל — איז געווען איין גרויסער יום־טוב ביים פעטער אין הויז.

דער פעטער משה איז אַ ייד אַ קלוגער, אַ רואיקער, מיט אַ פּאָר כאַמעט־ווייכע גלעטנדיקע אויגן, אין וועלכע ס׳איז אַזוי מחיהדיק צו קוקן, ווען מ׳געפינט זיך אין אַ צרהדיקן מאָמענט. עס דאַכט זיך, אַז די אויגן טרייסטן, גלעטן, באַרואיקן און מאַכן גרינגער דאָס געמיט.

די מומע לאה, אַ יידענע אַ נידעריקע אַ דיקע, האָט ליב שטענדיק צו גראַטשקעווען, טומלען, שוויצן און געוואַלטעווען, צי מ׳דאַרף יאָ, צי מ׳דאַרף נישט; אָבער — אַ גוטע און אַ ליבע נאַטור, און זייער אַן אײדעלע אין כאַראַקטער.

זיי, דער פעטער מיט דער מומען, האָבן גאַרנישט געוווסט, פאַר

פרייד, וואס צו טון מיט די קינדער; א קלייניקייט — פון פיצעלע־ווייז אן אויף זייערע הענט זיך אויסגעהאדעוועט.

עס איז געווען דעמאלט, ווען דער פאטער זייערער איז אין איין שיינעם טאג פלוצלונג נעלם געווארן, אן א „זיי געזונט" אפילו, איי־בערלאזנדיק די פרוי — משהס שוועסטער — מיט צוויי קליינע קינ־דער: בערל — פיר יאר אלט און חנה — צוויי יאר אלט. האט זיי דער פעטער משה אלע דריי גענומען צו זיך. א קורצע צייט נאכדעם איז, פון יסורים, די מוטער זייערע געשטארבן, האבן זיך די קינדער, בערל מיט חנהן, אזוי געהאדעוועט ביים פעטער און מומען אין שטוב, פונקט ווי זייער אייגן קינד, דער בן־יחיד פיניע, וועלכער איז מיט צוויי יאר עלטער געווען פאר בערלען. און דער פעטער איז נאך געווען דעמאלט א פארמעגלעכער ייד, האט די קינדער נישט געפעלט פון שענסטן און בעסטן און זיי האבן מיט גארנישט נישט געהאט זיך צו קלאגן אויף זייער יתומדיקייט, וואס זיי האבן עס לגמרי נישט גע־שפירט.

ערשט נאך זעקס יאר פון זיין אוועקפארן, האט זיך דער פאטער זייערער דערמאנט, אז ער האט אפגעשטעלט אין דער אלטער היים צוויי קינדער, און ער האט צו זיי געשיקט א מענטשן מיט די נויטיקע פאַ־פירן, אריבערצונעמען די קינדער צו זיך קיין אמעריקע.

דער פעטער משה איז דאן ארומגעגאנגען א צעטומלטער, די מומע האט געהאלטן אין איין וויינען, און אלע דריי קינדער, קוקנדיק אויף איר, זענען אויך שטענדיק ארומגעגאנגען פארוויינטע און פארקלאג־טע; א וויסטער טרויער האט זיך צעלייגט איבער דער גאנצער שטוב; מיטן געדאנק, אז מ'וועט זיך דארפן שיידן מיט די קינדער, האט א מרה־שחורה אירע פליגלען צעשפרייט איבערן גאנצן הויז. איז אבער דעמאלט געשען א „נס": בערל איז קראנק געווארן אויף טיפוס, ער איז געפערלעך קראנק געווען, אזוי, אז פון פארן האט מען שוין, אויף א לאנגע צייט, אפילו נישט געקאנט טראכטן.

און אזוי זענען די קינדער, צו אלעמענס פרייד, ווידער געבליבן ביים פעטער.

מיט צוויי יאר שפעטער האט ווידער דער פאטער געשיקט נאך די קינדער און אט שוין האבן זיי, חנה מיט בערעלען, געזאלט אפפארן

קיין אמעריקע, איז ווידער געשען א „נס": עס האט אויסגעבראכן די גרויסע וועלט־מלחמה פונם פערצנטן יאר. און צו אלעמענס פרייד, זענען די קינדער ווידער געבליבן „אין דער היים".

יארן זענען אנגעקומען — אזעלכע שווערע יארן, ביטערע יארן און דער פעטער מיט דער מומען האבן, אין אלע מלחמה נויטן, אין שרעקלעכע הונגער־צייטן, געטראגן דעם עול פון די קינדער, גארנישט אנדערש, ווי זיי זאלן זיין אייגענע קינדער.

ביז ענדלעך, ערשט נאך דער מלחמה, אין א טומל פון געוויינען, ספאזמעס, קושן, און היסטעריקעס, האבן זיך די קינדער קוים אפגעריסן פון פעטער, מומען און פיניען און זענען אוועק מיט קלאפנדיקע הערצער און טרויעריקע געמיטער, צום אומבאקאנטן טאטן קיין אמעריקע.

---

— איך זע, פיניע, — האט זיך בערל אנגערופן — אז אונזער פארן קיין ארץ־ישראל פארשאפט דיר אזא שטארקע פארביטערונג און איך ווייס נישט קעגן וועמען, צי קעגן ציוניזם, צי קעגן ארץ־ישראל, צי קעגן אונז, פארוואס מיר פארלאזן די „גאלדענע מדינה", פון וועלכער דו זאלסט זיין דער אפיטרופס!

— קעגן אייך אלע צוזאמען! — האט פיניע אויסגעשאסן, אויף אן אמת אן אויפגערעגטער.

חנה האט פיניען גענומען אונטער דער האנט, מיט א שמייכל אים געקוקט גלייך אין די אויגן אריין און געזאגט:

— פיניע, איך האב דיך שטענדיק געהאלטן פאר אזא גוטן, און איך האב קיינמאל נישט געגלויבט, אז דו קאנסט ווערן אזוי אין כעס.

— איך בין נישט אין כעס, נאר איך בין אנגעווייטיקט, — האט פיניע, מיט טרערן אין די אויגן ארויסגערעדט, — איך קאן זיך מיט אייך נישט שיידן, זינט איר זייט אוועק קיין אמעריקע, בין איך פאראיינזאמט. עלנט און דערשלאגן, איך בין געווען גליקלעך, ווען מיר זענען געפארן קיין מעקסיקע, בלויז מיט דעם געדאנק, א איז מעקסיקע בין איך נענטער צו אייך. מיט דער האפנונג, אז איך וועל נאך האב די מעגלעכקייט מיט אייך זיך ווידער צו טרעפן. אבער איצט,

מיט אייער אוועקפארן קיין ארץ־ישראל, ווערן מיר ווידער אויף איי־ביק פאנאנדערגעשיידט...

פיניע האט קוים געקאנט ארויסרעדן די לעצטע ווערטער, ער האט פארשטעלט מיט א טיכעלע די אויגן, וועלכע האבן שוין נישט גע־קאנט איינהאלטן די אנגעזאמלטע טרערן.

א טיף־ברודערלעכע אינטימע צונויפגעבונדנקייט האט מיטאמאל ארומגעכאפט די געמיטער ביי אלע דריי. און חנה מיט בערלען האבן זיך גענומען פילן ווי שולדיקע קעגן „זייער ברודער" פיניע.

— אבער מיר האבן דאך שוין סערטיפיקאטן, רייזע־פעסער און מיט אלץ צוגעגרייט צום פארן — האט חנה ווי פארענטפערט זיך און ווי געוואלט זיך ריינוואשן פון א שווערער שולד, וואס זי האט נאר־וואס גענומען דערשפירן אויף זיך קעגן פיניען.

און בערל האט אראפגעלאזט דעם קאפ, שטיל געביסן די ליפן. ס'איז קענטיק געווען, פון די קאלירן פון פנים, וועלכע האבן זיך אים מיט יעדן מאמענט געביטן און פון די קינבאקן, וועלכע האבן געציטערט מיט א פיבערדיקער שנעלקייט, אז ער פייניקט זיך שרעקלעך מיט זיינע אייגענע געדאנקען. און פלוצלונג, ווי אויפגעוואכט פון א שרעקלעכן חלום, האט ער א געשריי געגעבן, מיט שארפקייט און פארביסנקייט אין טאן, ווי איינער וואס וויל זיך אויף כוח ארויסרייסן פון א געפאר, וואס שטייט אים פאר:

— איך פאר אונטער אלע אומשטענדן, קיין זאך קאן מיך נישט אפהאלטן פון פארן קיין ארץ־ישראל!

מיט דערזעלביקער שארפקייט און מיט דעם זעלביקן טאן, ווי זי זאל וועלן פינקטלעך נאכמאכן בערלען, האט חנה אויסגעשריגן:

— און איך פאר נישט!

ווי נאר זי האט באוויזן קוים צו ענדיקן די עטלעכע ארויסגע־זאגטע ווערטער, האט פיניע זי ארומגעכאפט, שטארק זי געדריקט צו זיך און שטיל עפעס געשעפטשעט איר אין אויער, פון וואס ביי חנהן האט זיך צעפלאמט דאס פנים מיט א שיינענדיקער גליקלעכקייט.

בערל האט זיך אפגערוקט עטלעכע טריט אויף צוריק, געקוקט אויף זיי ביידע און צו זיך אליין געזאגט:

— און אפשר איז גלייכער אזוי — — —

# אַ בוררים-געריכט

שבת נאָכמיטאָג איז אים דער געדאַנק איינגעפאַלן און וואָס אַמאָל איז ער ביי אים אַלץ מער רייפער געוואָרן.

ער האָט די זאַך אַלזייטיק איבערגעלייגט און ער האָט מיט אַ זעלבסטצופרידנקייט אָנגעקוואָלן פון זיך אַליין, פאַר זיין גוטן איינפאַל.

— נישט אומזיסט האַלטן מיך אַלע פאַר אַ חכם, — האָט ער זיך געטראַכט, — נישקשה, מענטשן ווייסן, אַז צירלסאָן פאַרשטייט ווי אַנ-צוגיין מיט אַן ענין.

און ער האָט באַשלאָסן צו פאַרן מאָרגן, זונטיק, באַלד אינדערפרי אין קוואָטלאַ. אין דאָרט, ווי כלומרשט צופעליק, זיך צו טרעפן מיט בלומבערגן, וועלכער זיצט שוין דאָרט אַכט טעג.

ביינאַכט, שוין ליגנדיק אין בעט, האָט ער נאָך אַלץ דערפון גע-טראַכט און האָט גערעדט יועגן דעם פון שלאָף.

אין אַפגעריסענע, האַלבע ווערטער האָט ער כראָפענדיק אַרויסגע-בורטשעט:

— ע־ר־כ־כ־א, טוריזמאַ, האַמאַם, פאַרן. ער־כ־כ־א, קאַמיאָן, האַמאַם, פאַרן.

די פרוי האט מיט כעס אראפגעווארפן פון זיך זיין האריקע האנט און מיט רציחה פארשטיקט צווישן די ציין דעם אויסגעשריי:

— אזא אלט אייזל! ווי ער ליגט זיך אריין אין בעט אריין, אזוי ווערט ער באלד איינגעכאליעט און האלט אין איין פארן, און פרעג אים בהרם וויהין ער האר׳ פארן. ווייסט ער פון זיין חיות צו זאגן. איך וואלט אים באדארפט אט אזוי א — דערביי האט זי זיך פאר־מאסטן מיט א צונויפגעביילטער פויסט — דערלאנגען אין די כראפענ־דיקע מארדעס אריין, אז ער זאל געדענקען, אז ער האט א ווייב אויך. א נישט זאל ער פארן צום ערשטן זייב זיינס.

און מיט אויפגעקאכטן ווייבערשן אייפער האט זי זיך א האסטיקן דריי־אויס געגעבן, איינגעגראבן דעם קאפ אין קישן און געביסן דאס קישן פאר כעס.

---

נאך א רעגנדיקער נאכט איז אינדערפרי ארויס די זון א פרישע, אן אויסגעוואשענע און קאקעטיש זיך געחנדלט צו די נארוואס אויפ־געוואכטע בערג און באגרינטע פעלדער.

מיט זיסע, דופטיקע און זינגענדיקע פרילינג־שמייכלען האבן די בערג אפגעענטפערט דער זון אנטקעגן און די שמייכלען האבן זיך אין טויזנטער כוואליעס צעגאסן, ווייט, ווייט איבער פעלד און וואלד און איבערן גאנצן וועג, אויף וועלכן עס האט זיך מיט אן אימפעטיקער שנעלקייט געטראגן א פול־געפאקטער קאמיאן, וואו ס׳האט זיך אויך מיטגעוויגט צירלסאן, פארנדיק אין קואוטלא.

אלע אין קאמיאן האבן, אונטערן איינפלוס פונם שטיפעריש־פרילינג־זינגענדיקן דרויסן, זיך צעזונגען אין א מינטערדיק־אויפגעהיי־טערטער עולם־הזה־שטימונג. נאר איין צירלסאן איז געזעסן פארזונקען אין זיינע געדאנקען, געטראכט ווי אזוי זיין פלאן שכלדיק דורכצופירן און ער האט געשוויגן.

שפעטער, נענטער צו קואוטלא, אז די זון איז שוין א ברענענדיקע און חוצפהדיקע ארויסגעקומען, האבן די בערג, ווי פארשעמטע און אפ־געגנארטע, זיך אפגערוקט אין דער ווייטקייט אריין: די פעלדער זענען געבליבן ליגן טרויעריקע, אומעטיקע: דער וועג — א שטויביקער, א מרה־שחורהדיקער; די מענטשן אין קאמיאן, אונטערן איינפלוס פונם

דרויסן, זענען מוטלאזיקע און אפּהענטיקע אנטשוויגן געווארן. און צירלסאָן איז איינגעשלאָפן...

---

עס האָט צירלסאָנען גוט צוגעשפּילט, דורכצופירן זיין פּלאַן, נאָך בעסער, ווי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט.

באַלד ביי צירלסאָנס אנקומען אין האָטעל, האָט זיך בלומבערג מיט אים דערפריייט ווי מיט אַ לאַנג־דערוואַרטעטן גאַסט און נאָך איידער צירלסאָן האָט צייט געהאַט אַפּצושטויבן זיך פון וועג און אַרומצוואַשן זיך, האָט שוין בלומבערג איז אים אריינגעטענהט:

— ווי זאָגט איר, הער צירלסאָן צו מיין שותּף דעם גנב, איר ווייסט כאָטש, וואָס ער האָט מיר אָפּגעטון?

צירלסאָן האָט זיך געמאַכט טאַמעוואַטע:

— איך האָב עפּעס יאָ געהערט, אָבער איך ווייס נישט גענוי וואָס צווישן אייך איז געשען. איך האָב שטענדיק געדענקט, אַז אייער שותּף, ליפּסקי, איז זייער אַן ערלעכער מאַן.

— הערט זשע מיך אויס, וועט איר וויסן, וואָס פאַר אַן ערלע־כער מאַן דאָס איז.

צירלסאָן האָט נישט געוואָלט, אַז בלומבערגן זאָל קאָנען איינפאַלן, אַז ער האָט עפּעס אַ דירעקטן אינטערעס אינם דאָזיקן עניין, האָט ער זיך אנגעפּאַנצערט מיט גלייכגילטיקייט און געזאָגט:

— איר וועט מיר אַנטשולדיקן, הער בלומבערג, כ'בין דאָך נאָר־וואָס געקומען, כ'וועל זיך נאָר אַרומוואַשן און עפּעס איבערכאַפּן, וועלן מיר נאָך רעדן וועגן דעם.

באַלד האָט זיך צירלסאָן באַדענקט, צי האָט ער נישט אַמאָל צו־פיל איבערגעטריבן די גלייכגילטיקייט, דורך וועלכער ער קאָן נאָך פאַרשפּילן דעם גאַנצן עניין. אָבער נישט לאַנג וואַרטנדיק האָט ער זיך באַלד אַרומגעזען, אַז ס'איז נישט געפערלעך: נאָך איידער ער האָט באַוויזן אָפּצועסן, איז בלומבערג ווידער צו צו אים, מכבד געווען מיט אַ ציגאַר און פאַרבעטן אים צו זיך אין צימער אויף אַ געשפּרעך.

— הערט זשע מיך אויס — האָט בלומבערג אנגעהויבן, באַלד ווי זיי האָבן זיך געזעצט — ווען מיר זענען צוגעטראָטן אין שותּפות, צום האַנדל מיט די אַלטע אייזן, האָט ער, ליפּסקי, אריינגעלייגט אינגאַנצן

פיר טויזנט פעזעס, דאס איז נישט געווען אפילו קיין פערטל פון דעם, וואס דאס געשעפט האט באטראפן. און שפעטער, אז ס'האט זיך גע־פאדערט נאך געלט, האבן מיר, ער אדער איך, אונטערגעשריבן וועקס־לען און דאס געשעפט האט געצאלט. איך האב געהאט צו אים דעם פולן צוטרוי. מיט איין מאל — ס'איז דא פאר צוועלף טויזנט פעזעס וועקסלען צו צאלן. „ס'טייטש" — האב איך געמאכט א גוואלט, — „פון וואנען, פון וואס, צו וואס האבן מיר באדארפט בארגן אזויפיל געלט?". עס האט זיך אנגעהויבן א טומל, א מחלוקת, בקיצור — מ'האט געלייגט אן „עמבארגא" אויפן געשעפט. איצט פארשטייט איר שוין, וואס דער גנב האט מיר געוואלט אפטון? ער האט געוואלט אליין בלייבן ביים גאנצן געשעפט און מיר ווייזן א פייג... אבער א מכה אים פארן וועלן, ער האט נישט געטראפן דאס ארט.

— וואס זשע דענקט איר איצט צו טון? — האט צירלסאן איז א נאיוון טאן געפרעגט.

— קודם האב איך אים גערופן אין דער יידישער קאמער צו א בוררים־געריכט. זאלן מיר זען, וואס מענטשן וועלן זאגן און אויב ער וועט נישט וועלן גיין צו מענטשן, וועל איך שוין וויסן וואס כ'האב צו טון.

— איר ווייסט, הער בלומבערג, איך זאג אייך, ווי א פריינט, אז איר האט א פארשפילטע דין־תורה.

— וואס הייסט פארשפילט? — האט זיך בלומבערג צעשריגן — ווי קאן איך פארשפילן!

— איר דארפט אייך נישט כעסן, איר דארפט די זאך באטראכטן רואיק, איך זאג אייך, ווי א מענטש, וואס איז גוט באקאנט אין אזעל־כע ענינים, אז איר האט א פארשפילטע דין־תורה, ווייל ער, ליפסקי, האט געהאט פולשטענדיקע רעכט צו שרייבן וועקסלען, א סימן — איר האט דאך שטענדיק די וועקסלען געצאלט.

— אוי וויי צו מיר — איז בלומבערג אריינגעפאלן אין א פאר־צווייפלונג־היסטעריקע — אוי וויי צו מיר, וואס־זשע טוט מען, אויב אזוי בין איך דאך אן אומגליקלעכער!

צירלסאן האט געקוקט אויף בלומבערגן, ווי ער ברעכט די הענט און ער, צירלסאן, האט זיך שמייכלענדיק געטראכט: „עס גייט

אויף א וועג" און מכלומרשט פריינטלעך־מיטליידנדיק האט ער צו בלומבערגן האלב סודותדיק געזאגט:

— אבער, עס איז דא אן עצה.

בלומבערג האט אויף אים געקוקט מיט רחמנות־בעטנדיקע אויגן און מיט אן אומבאהאלפנקייט אין טאן, האט ער געפרעגט:

— וואס זשע, טייערער פריינט, וואס איז די עצה?

— גאר פשוט, איר דארפט זיך טרעפן מיטן בורר פון ליפסקים צד אין זען, אז עס זאל זיין גוט.

— און איבעריקנס — האט צירלסאן צוגעגעבן — איר זענט דאך א ייד א סוחר און א קלוגער ייד, וואס דארף מען אייך לערנען, וואס מען האט צו טון אין אזא פאל...

---

א מיטוואך אין אוונט איז עס געווען.

פון די ווענט אין דער יידישער האנדלס קאמער איז מיטאמאל פארלוירן געווארן די שטענדיקע אפאטישע רואיקייט, וואס רוט אויף זיי און א נערוועזע צעטראגנקייט האט זיי פארהילט.

אן אנגעצויגענע קריגערישע שטימונג האט ארומגעכאפט דעם גאנצן חלק פון די צוויי קאמער־צימערן, פייער־שפייענדיקע אויגן האבן געשאסן מיט האס און שנאה פון איין צד צום צווייטן און די גאנצע לופט איז פול געווארן מיט אויפרייס־מאטעריאלן.

ליפסקי מיט זיין בורר, צירלסאן, האבן אין איין צימער זיך גע־סודעט, געקוקט אין פאפירן און נערוואיש שטיל צווישן זיך דיסקור־טירט. בלומבערג האט אין צווייטן צימער סודותדיק איינגעטענהט מיט זיין בורר און צום הונדערטסטן מאל דאס זעלביקע געגעבן צו פאר־שמייך.

אליץ האט אויסגעזען ווי ערב מלחמה־אויסברוך.

אינמיטן האט בלומבערגס פרוי ארויסגערופן בלומבערגן און, מיט א ווייטיקדיקן און קרעכצנדיקן טאן אים געזאגט:

— אוי, כ'האב מורא, חיים, אז אונזער בורר איז צו שוואך אנט־קעגן ליפסקים בורר. צירלסאן איז א קלוגער ייד, א ממזר, ס'איז שווער, אז אונזער בורר זאל קענן אים געווינען.

— און איך האב גאר מורא פאר עפעס אנדערש — האט בלומ־

בערג אונטערגעקרעכצט — איך האב מורא, אז אונזער בורר איז אזא קלוגער ממזר ווי צירלסאן...

און ער האט באלד צוגעגעבן:

— עס טוט מיר שוין איינגאנצן באנג, פארוואס איך האב דעם עניין איבערגעגעבן צו א בוררים־געריכט! ווייל מ'ווייסט היינט גאר־נישט, ווער מיט וועמען עס האט צו טון!...

# דער לעצטער אַקט

בעלאַ איז נישט קיין שיינע, נאָר אַ הנעוודיקע. זי קאָקעטירט מיט איינפאַכקייט און באַשיידנקייט. זי ווייסט, אַז דאָס גיט איר צו באַזונדערן רייץ און מאַכט זי אַנציִענדיק. און בעלאַ האָט ווירקלעך אַ סך פאַרערערס. זיי ווייסן, אַז זי איז נישט קיין שיינע, נאָר עפּעס ליגט אין איר — זאָגן זיי — אַ מאַגנעטישע קראַפט אַזאַ, וואָס ציט צו זיך.

אַ הויכע איז זי, בעלאַ. אַ הויכע און אַ דאַרע. און לויט איר יונגן, כמעט קינדישן פּנים, מאַכט זי אַן איינדרוק ווי אַן אויסגע־צויגענע, אָדער ווי זי זאָל שטיין אויף אַ בענקעלע, עקסטרע, כדי צו ווייזן זיך גרויס.

אַ לענגלעך און שמאָל געזיכט, וואָס ענדיקט זיך מיט אַ שפּי־ציק גאָמבעלע. גרויסע, העל־בלויע, לעבהאַפטע אויגן. אונטערגעשוירענע און געקרייזלטע, העלבלאָנדע, געדיכטע האָר, וועלכע וואַרפן זיך איז אומאָרדנונג ביי יעדן באַוועג מיטן קאָפּ. אַ זיסער, ליבער שמייכל, וועל־כער איז קאָקעטיש אויסגערעכנט פאַרצושטעלן מיט זיך קינדישע נאַ־איוויטעט, דאָס אַלץ מאַכט בעלאַס אויסזען ווי פון אַ דערוואַקסן קינד.

פון אַ יאָר פּופּצן־זעכצן, כאָטש אין דער אמתן איז זי שוין 22 יאָר אַלט.

גאָר אַן אַנדערע איז בעלאַ, ווען זי בלייבט אַליין מיט זיך, פאַר־שלאָסן אין איר צימער און איז זיכער, אַז קיינער קאָן זי נישט זען: פאַרשווינדן ווערט דעמאָלט דער שמייכל פון אירע ליפּן און אַ סאַר־קאַסטישע פאַרביטערטקייט שנורעוועט זיי צונויף. די אויגן ווערן איר קלענער, פאַרלירן זייער הימל־בלויען קאָליר און אַ גרינלעכער גיפטי־קער האָס שפּריצט פון זיי אַרויס. איר געוויקסיקייט ווערט ווי איינגע־קאַרטשעט. איר געזיכט ווערט העסלעך און קריגט אַ פאַרברעכעריש־שווידערלעכן אויסזען.

דעמאָלט איז בעלאַ שוין גאָר קיין נאַיווע קינד נישט. דעמאָלט איז זי געפערלעך, ווי אַ הונגעריקער וואָלף, וואָס לויערט אויף זיין קרבן.

---

אַז בעלאַ איז אַהיימגעקומען פון דעם באַל, איז שוין געווען פיר אַזייגער פאַרטאָג. זי איז אַריין צו זיך אין צימער אַן אויפגעהייטער־טע. רעשטלעך פון צופרידנקייט האָבן אַראָפּגעפינקלט פון איר געזיכט, פון אירע אויגן, פון אירע ליפּן און פון איר גאַנץ וועזן.

אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם מאַנטל האָט זי אַ מידע זיך אַראָפּ־געלאָזט אין דער וויג־שטול. אַ צעשמייכלטע האָט זי, זיך וויגנדיק, גע־נומען נאָכטראַכטן איבערן גאַנג פון דער גאַנצער נאַכט.

דאָס בעט איז געווען אויפגעבעט, האָט צו איר געווונקען, אָבער עס האָט זי נישט געצויגן אין בעט אַריין. זי האָט געוואָלט, אַזוי אַן אויפהער, זיך וויגן און טראַכטן. זי האָט זיך פאַרטראַכט איבער הערצ־בערגן, וועלכער האָט זי אָפּגעפירט אַהיים און געוואָלט מיט איר מיט־גיין אַרויף צו איר אין צימער. נישט ווילנדיק זענען איר, ביים דאָזיקן געדאַנק, די אויגן געפאַלן אויפן בעט. זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אין זיך פאַרדרויטלט. זי האָט אַרויפגעשאַרט איר לאַנג באַל־קלייד, אַראָפּ־גערוקט די זאָקן און גענומען זיך שפּילן מיט די נאַקעטע פיס. און אַזוי, וויגנדיק זיך אין דער שטול, איז זי איינגעשלאָפן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

א האַרבסטיקער נאָכמיטאָג אין וואַרשע. אויף קראָכמאַלנע גאַס. איז אַ בוידעם־שטיבל. בעלאַס מאַמע זיצט איינגעבויגן איבער אַ ניי־מאַשין, נייט קליידלעך און שטילע טרערן רינען איר איבער די באַקן. בעלאַ טוליעט זיך צו דער מאַמען, קושט איר אין נאַסן און גלעט איר איבער די איינגעבויגענע פּלייצעס.

— וויין נישט, מאַמע, — טרייסט איר בעלאַ — איך וועל זיך נעמען נקמה פון אים. און דו וועסט נאָך זיין גליקלעך. וועסט נישט דאַרפן אַזוי שווער אַרבעטן.

די מאַמע שטעלט אָפּ די מאַשין, כאַפּט אַרום בעלאַן, קושט איר און דריקט זי צו זיך. פּלוצלונג דערהערט זיך פון דרויסן שרעקלעכע, פאַרצווייפלטע געשרייען. בעלאַ שטעלט צו אַ שטול צום הויכן דאַך־פענסטער, שטעלט זיך אַרויף אַרויסצוקוקן אין דרויסן, צו זען, וואָס ס'איז געשען אויף דער גאַס. ווער שרייט עס אַזוי שרעקלעך. די שטול גיט זיך אַ דריי איבער און בעלאַ גיט אַ האַסטיקן פאַל אַראָפּ...

בעלאַ האָט אַ דערשראָקענע און פאַרציטערטע זיך אויפגעכאַפּט פון דער וויג־שטול. דורכן פענסטער האָט שוין אַריינגעקוקט אַ גרויער פרימאָרגן. אין ערשטן מאָמענט האָט זי נישט פאַרשטאַנען וווּ זי געפינט זיך און פאַרוואָס טראָגט זי אַ באַל־קלייד. אָבער די געשרייען און געוואַלדן, וואָס האָבן זיך דערטראָגן צו איר פון קאָרידאָר, האָבן איר געבראַכט שנעל אין דערמאָנונג. האַסטיק איז זי אַרויס פון איר צימער און געלאָזט זיך צום פאָטערס צימער, פון וואַנען די געשרייען האָבן זיך געטראָגן.

אויפן בעט איז געלעגן אומבאַוועגלעך בוליאַ מיידאַניק, בעלאַס פאָטער, מיט פאַרהאַקטע ציין און פאַרמאַכטע אויגן. אַרום אים זענען געשטאַנען דער געשעפטס־פירער זיינער, ווערניצקי, דער בוכהאַלטער, לערמאַן, און עטלעכע שכנים פון הויף. מ'האָט אים געדריקט ביי די שלייפן, געריבן די הענט און איבערן צימער האָבן זיך געטראָגן, צוזאַמען מיט די געשרייען און געוואַלדן, פאַרשידענע שאַרפע ריחות פון אַלקאָהאָל, קאַמפער און אַמאָניאַק. אינדעם איז אַריין אַ דאָקטאָר. ער האָט שנעל אַרויסגעשלעפּט פון אַ האַנט־קלימיקל פאַרשידענע מכשי־

רים, האט אנגעטון אויף די אויערן גומענע קישקעלעד און צוגעלייגט א רעדל צום הארץ פון ליגנדיקן מיידאניקן.

שטיל איז געווארן א ווײַלע. אלע אנוועזנדיקע האבן מיט ציטערנ־דיקער, נערוועזער איינגעהאלטנקייט געקוקט מיט שפאנונג דעם דאק־טאר אין מויל אריין.

— ער איז טויט, א הארצשלאק. — האט דער דאקטאר, מיט פעסטקייט, ארויסגערעדט.

די אלטע דינסט האט זיך היסטעריש צעכליפעט. מיט פאר׳צער־טע בליקן האבן די אנוועזנדיקע זיך איבערגעקוקט און גענומען זיך כורען.

בעלא איז געשטאנען אין א זייט.

ווי א פארגליווערטע, מיט פארגלעזטע אויגן, איז זי געשטאנען אומבאוועגלעך, געקוקט אויפן טויטן טאטן אירן. און איר האט זיך גע־דאכט, ווי איינער זאגט איר אריין אין אויער:

— דער לעצטער אקט, דער לעצטער אקט. איצט האסטו, בעלא, שוין נישט וואס צו טון אין מעקסיקע. פאר אהיים, די מאמע ווארט אויף דיר.

---

בעלא איז אלט געווען צען יאר, ווען דער טאטע אירער יואל מיידאניק, האט זי אין ווארשע איבערגעלאזט מיט דער מוטער, ווי אויפן וואסער, און איז אוועק מיט א פוילישער שיקסע קיין פאריז.

בעלא, כאטש נאך גאר א קינד, האט שוין פונדעסטוועגן גוט פאר־שטאנען די זערדריקנדיקע און באליידיקנדיקע געפילן פון איר מוטער און זי האט גוט אויפגעפאסט די שווערע מאטעריעלע לאגע, אין וועל־כער זיי זענען מיטאמאל אריינגעווארפן געווארן. און זי, בעלא, האט זיך באמיט, אויף וויפיל זי האט נאך געקאנט, צו לינדערן די מוטערס ליידן, צו טרייסטן זי און איר ארויסהעלפן. בעלא האט זיך צוגעבונדן מיט אן אויסערגעוויינלעכער צארטער ליבשאפט צו דער מוטער. ס׳איז פאר בעלאן גארנישט שווער געווען קיין זאך צו טון, ווויסנדיק, אז די מאמע קאן דערפון עפעס הנאה האבן. די מאמע איז געווארן פאר בעלאן דער גרעסטער און העכסטער אידעאל אין לעבן.

גלייכצייטיק האט אין בעלאס קינדערישן הערצל זיך גענומען

אנטוויקלען א גיפטיק געפיל, א געפיל, וואס איז מיט יעדן יאר געווארן אלץ רייפער, פארביסענער און געפערלעכער: א געפיל פון נקמה אז איר טאטן.

---

דעם ערשטן טאג פסח, נאכמיטאג, איז עס געווען.

נאך א שווערן, פראסטיקן ווינטער, נאך פינף חדשים פארשטיקט זייז הינטער פארהאקטע טירן, פענסטער, האט איצט א ליבער זוני־קער פרילינג אריינגעשיקט — דורך די אפענע פענסטער — א דער־פרישנדיקע יומטובדיקייט און א פרייליכע אויפגעמונטערטקייט.

ביי פייגע מיידאניק אין בוידעם־שטיבל האט דער יום־טוב פסח ארויסגעשיינט פון יעדן ווינקעלע: די ווענט זענען געווען פריש אויס־געקאלכט אויף ראזן קאליר און באפוצט מיט פארשידנפארביקע פאפי־רענע בלומען און בלומענקרענץ. דאס בעט איז געווען אויפגעפרישט און קלאר איבערגעצויגן און דאס איינציקע דאך־פענסטער — מיט נייע ווייסע פארהאנגען באהאנגען. אויך די פנימער פון די ביידע בא־ווינער, מוטער און קינד, האבן איצט, נאך צוויי יאר זינט דער מאן אין פאטער האט זיי פארלאזט — צום ערשטן מאל אויסגעזען אביסל אייפגעהייטערט. א גוטן ערב יום־טוב האט פרוי מיידאניק געהאט, א סך ארבעט איז געווען און זי האט גוט פארדינט.

מאמע און טאכטער האבן זיך אין נייע יומטובדיקע קליידער אנגעטון און געגרייט זיך צו גיין אין טעאטער.

פלוצלונג האט מען אנגעקלאפט אין דער טיר און ס'איז אריין א יונגערמאן, פראנטיש געקליידט, מיט א ווויליונגעריש גענגעלע און הוצפהדיק פנים. ער האט געמאלדן דער פרוי מיידאניק, אז ער האט מיט איר זייער וויכטיקס צו רעדן, אבער דאס קינד דארף דערביי נישט זיין. דער פרוי מיידאניק האט דער יונגערמאן אויסגעזען פאר־דעכטיק און זי האט פאר אים מורא געקראגן. א פארגעפיל האט איר אונטערגעזאגט, אז קיין גוטס האט ער נישט געבראכט פאר איר און אז זי דארף אליין מיט אים נישט בלייבן. עס האבן נישט געהאלפן אלע מענות זיינע, אז עס איז פאר איר טובה וועגן. זי האט זיך איינגע־עקשנט און נישט געוואלט בלייבן מיט אים אליין. דאן האט ער איר דערלאנגט א פארמאכטן קאנווערט און איר אין קורצן געמאלדן, אז דא

איז פאראַן 500 פראַנק פון איר מאַן און איז דעם ראַבינאַט ליגט פאַר איר אַ גט.

דאָס אָפּגעזאָגט, האָט זיך דער יונגערמאַן שנעל אָפּגעטראָגן.

צוריק האָבן זיך מיט איינמאָל אויפגעריסן די ווונדן, וועלכע האָבן איבערפלעכלעך אויסגעזען כמעט ווי פאַרהיילט. פרוי מיידאַ־ניק איז אַריינגעפאַלן אין היסטערישע ספּאַזמעס, אַז די שכנים, וועל־כע זענען אייך אירע געשרייען זיך אַנגעלאָפן, האָבן קוים געקאָנט זי באַרואיקן.

ווידער איז דאָס בוידעם־שטיבל אָנגעפילט געוואָרן מיט צער און טרויער. די ראַן אויסגעקאַלכטע און באַפּוצטע ווענט האָבן איצט אויסגעזען ווי פרעמדע, פאַרבלאָנדזשעטע אינם דאָזיקן פאַרטרויערטן צימער. דער פרילינג האָט ווי אַ פאַרשעמטער זיך אָוועקגעדרייט פונם דאַך־פענסטער און מורא געהאַט אַריינצובלאָזן אַהין זיין פאַרשייטע פרייליכקייט. די צוועלף־יאָריקע בעלאַ איז אַרומגעגאַנגען אַ שווייגנ־דיקע, מיט איינגעצויגענע, פאַרביסענע ליפּן און געביילטע פויסטן. און צו זיך אַליין שטיל געמורמלט: „איך וועל זיך מיט אים אָפּרעכע־נען! איך וועל זיך אַן אים נוקם זיין!״

באַלד נאָך יום־טוב איז פייגע מיידאַניק אַוועק צום ראַבינאַט, האָט צוגענומען דעם גט און, דורכן זעלביקן ראַבינאַט, אָפּגעשיקט צו־ריק צו איר מאַן די 500 פראַנק.

אַוועק זענען יאָרן. פייגע מיידאַניק איז פאַר צרות און פון שווע־רער, אָנגעשטרענגטער אַרבעט, פאַר דער צייט שטאַרק פאַרעלטערט געוואָרן. בעלאַ איז געוואַקסן ווי אויף הייוון, גלייך ווי אַ סטרונע, הויך און דאַר, און וואָס עלטער זי איז געוואָרן, אַלץ שאַרפער האָט זיך גע־צינדן אין אירע אויגן אַ מאָדנע פייער אַזאַ, וואָס האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק. אַ פייער, וואָס מ׳קאָן נאָר זען אין די אויגן פון ווילדע, בלוט־דורשטיקע וואַלד־חיות. אָפטמאָל האָט זיך אַפילו די מוטער פאַר אירע אויגן דערשראָקן און איז זייער באַאומרואיקט געווען פון דעם.

פון יואל מיידאַניק האָט מען מער נישט געהערט און מוטער און טאָכטער האָבן זיין נאָמען מער נישט געוואָלט דערמאָנען, כאָטש יעדע

איינע פון זיי האט וועגן אים געגוג געטראכט, יעדע איינע אויף איר אייגענעם שטייגער...

שפעטער מיט יארן האט מען זיך דערוווסט, אז נאכדעם ווי ער איז אפגעווען דריי יאר אין פאריז, האט אים די פוילישע שיקסע באַגנבעט און איז אוועק מיט אַ צווייטן. ער, מיידאניק, האט פאר קרענקונג און חרפה פארלאזט פאריז און איז אוועק קיין מעקסיקע. און אַז דארט, אין מעקסיקע, האט ער, אלס גוטער דאמען־שניידער, פיין זיך ארויפגעארבעט. און אַז ער האט שוין אַן אייגענע פאבריק און גרויסע געשעפטן פון דאמען באקליידונג. און ער איז זייער רייך.

מיט די דאזיקע ידיעות וועגן איר טאטן האט זיך פאר בעלאן אנגעהויבן אַ נייַ קאפיטל אין איר לעבן. זי האט שוין געזען, אַז אירע טרוימען פון אַלע יארן הויבן אן פארווירקלעכט צו ווערן.

אין איר יונגן מוח האט זיך געגומען יעבן אַ גאנצע רייע פּלענער, ווי אַזוי, אויף אַ סיסטעמאטישן אופן, צו פארווירקלעכן איר גרעסטע שטרעבונג — נקמה צו נעמען אין איר טאטן.

אַלס רעזולטאט פון איר אויסגעארבעטן פּלאן איז געוויען דער ערשטער בריוו צו אים קיין מעקסיקע.

פריער נאָך ווי זי האט אויסגערעכנט, האט בעלאַ דערהאַלטן פון איר פאַטער. אַלס ענטפער, אַ ווארימען בריוו, הגם זייער פארזיכטיק געשריבן, צוזאַמען מיט דערלויבעניש־פּאַפּירן פאר איר, אויף צו קומען קיין מעקסיקע, אויך בייגעלייגט אַ שיף־קארטע צווייטע קלאס און הונדערט דאָלאר מזומן געלט.

---

שווער איז געווען פאר בעלאס מוטער צו שיידן זיך מיט בעלאן. זי האט זיך אַן איר געפילט ווי אַ הילפלאָז קינד: עלנט, איינזאַם און פארלוירן. זי האט גאַנצע טעג געוויינט און געבעטן, אַז בעלאַ זאָל זי נישט פאַרלאָזן. נאָך שווערער איז געווען פאר בעלאַן צו שיידן זיך מיט דער מוטער, וועמען זי האט, מיט דעם גאַנצן פייער פון איר נשמה, ליבט געהאט. אָבער בעלאַ האט נישט געקאנט זיך לאָזן פארפירן פון סענטימענטן. זי האט געהאט פאר זיך אַ „הייליקע" מיסיע דורכצופירן אין לעבן און קיין זאַך אין דער וועלט האט איר נישט געקאנט אפהאַלטן פון דעם. זי האט געטרייסט די מוטער, זי איינגענור־

מען און בארואיקט, פונקט ווי מ׳בארואיקט א קליין קינד, וואס האט זיך איינגערעדט אומזיסטע שרעק.

די לעצטע ווערטער בעלאס צו דער מוטער פארן אפפארן זענען געווען: „זיין נשמה געהער צום טייוול, וועט זי אינגיכן גיין צום טייוול; זיין געלט געהער אונז, מוז עס אינגיכן קומען צו אונז און מיר שיידן זיך נישט אויף לאנג. זיי רואיק, מאמע, אינגיכן וועלן מיר ווידער זיין צוזאמען״.

---

אז די צוואנציק יאריקע בעלא איז אנגעקומען צום רייכן טאטן קיין מעקסיקע,האט זי זיך געשטעלט דריי אויפגאבן: ערשטנס — זי זאל געווינען דעם פולשטענדיקן צוטרוי פון איר פאטער צו זיך. צוויי־טענס — זי זאל ארייננדרינגען וואס מער אין פאטערס געשעפטן און דריטנס — זי זאל קאנען נאטירלעך נאכמאכן דעם פאטערס אונטער־שריפט. און דאס איבעריקע — האט זי זיך געטראכט — וועט שוין אליין קומען.

באלד פון דער ערשטער מינוט אן, ווי נאר זי איז אראפ פון שיף: פון ערשטן מאמענט ווי זי האט זיך באגעגנט מיטן פאטער, האט זי, מיט איר גאנצער ענערגיע, אנגעהויבן אירע אויפגאבן דורכצופירן.

כוליא מיידאניק, א מאן פון עטלעכע און פערציק יאר, זייער א הייכער, מיט א רונדיק פול געזיכט און שיינע שווארצע אויגן, אבער מיט א גרייזגרויען קאפ האר, וואס האט געמאכט זיין אויסזען עלטער ווי אין דער ווירקלעכקייט. די גרויקייט האט אים אבער צוגעגעבן פערזענלעכקייט און אים נאך שענער געמאכט.

ווען בעלא האט אים דערזען, האט זי זיך געטראכט, אז נישט אומזיסט איז די מאמע אזוי פארליבט געווען אין אים, און אט דעם איינעם מאן, און ביז היינט, נישט געקוקט אויף אלע צרות, וואס ער האט איר פארשאפט, בענקט זי נאך אלץ נאך אים.

---

ביים ערשטן באגעגענען זיך מיט בעלאן איז מיידאניק געווען אין שטארקער פארלעגנהייט: ער האט געפילט אויף זיך דעם פאר־ברעך, וואס ער איז באגאנגען קעגן זיין איינציק קינד און ער האט נישט געוווסט, וואס צו טון, אז בעלא זאל באלד פון ערשטן מאמענט

אַז דערפילן, אַז ער וויל, מיטן גאַנצן האַרצן און מיט זיין גאַנץ לעבן. זיין פעלער גוט מאַכן. אָבער בעלאַ מיט איר צערטלעכער צוגעלאָזנקייט און מיט איר באַלדיקן ליבלעכן טוליען זיך צו אים, האָט אים פון דער פאַרלעגנהייט אַרויסגענומען און כוליאַ מיידאַניק איז מיט איינמאָל געוואָרן דער גליקלעכסטער מענטש אויף דער וועלט, האָבנדיס נעבן זיך זיין איינציקע טאָכטער.

יינגער, ענערגישער און מוטיקער איז מיידאַניק געוואָרן פון דער צייט אַן, וואָס בעלאַ איז צו אים געקומען.

ביי זיין גאָוצער רייכקייט און ביי אַלע גוטע ברידער זיינע, מיט וועלכע ער איז געווען אַרומגערינגלט, האָט מיידאַניק דאָך געפילט זיך שטענדיק איינזאַם: עס האָט אים געפעלט אַ מענטש, מיט וועמען ער זאָל זיך פילן אייגן, לייבלעך; אַז וועמען ער זאָל זיך קאָנען מיט אַלץ אַנפאַרטרויען און מיט וועמען ער זאָל זיין ווי מיט זיך אַליין. חתונה האָבן האָט מיידאַניק נישט געוואָלט. נאָך עטלעכע מיאוסע דורכפאַלן, וואָס ער האָט געהאַט מיט פרויען, האָט ער באַשלאָסן, מער קיינמאָל אין לעבן נישט חתונה צו האָבן.

אַמאָל איז אים געקומען אויפן געדאַנק, אפשר וואָלט פייגע אים מוחל געווען און זי וואָלט געוואָלט ווידער קומען צו אים. אָבער זעענדיק ווי בעלאַ מיידט אויס צו רעדן מיט אים וועגן דער מוטער, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז עס איז אומזיסט צו טראַכטן וועגן דעם.

איז אַזוי בעלאַ געוואָרן פאַר מיידאַניקן די איינציקע פאַרטרויאונגס־פערזאָן אין זיין גאַנצע ראַט־געבעריין. ער האָט קיין זאַך נישט געטון אין געשעפט, אַז ער זאָל זיך פריער נישט בעראַטן מיט בעלאַן.

פאַר יעדן האָט זיך מיידאַניק באַרימט, אַז ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען, אַז אַזאַ יונג קינד זאָל האָבן אַזאַ קלוגן און לאָגישן פאַרשטאַנד. און מיט שטאָלץ האָט ער באַטאָנט, אַז זינט בעלאַ איז געקומען, זענען די געשעפטן ביי אים אוועק בעסער און דערפאָלגרייכער.

ביסלעכווייז איז בעלאַ געוואָרן כמעט די הויפּט־פירעריין פון איר פאָטערס געשעפטן. גלייכצייטיק זענען אַלץ גרעסער געוואָרן די סומעס וואָס פייגע מיידאַניק אין וואַרשע האָט דערהאַלטן פון איר טאָכטער אין כּיעקסיקע... און כוליאַ מיידאַניק איז געווען גליקלעך און צופרידן.

אזוי זענען אוועק צוויי יאר.

איינמאל, א מאנטיק אינדערפרי, אין די ערשטע טעג פון נאוועמ־בער, איז עס געשען.

דער פרימארגן איז געווען א קילער און מיידאניק, וואס איז א גאנ־צע נאכט נישט געווען אין דער היים און באגינען אהיימגעקומען אביסל שיכורלעך, איז געלעגן אין בעט, איינגאנצן איבערגערעקט מיט דער קאלדרע, און געשמאק געשלאפן.

בעלא איז זונטיק ביינאכט געווען אויף א באל. אהיימקומענדיק פיר אזייגער פארטאג, איז זי, א מידע פון טאנצן, אזוי זיצנדיק אויף דער וויג־שטול, אין די קליידער, פעסט איינגעשלאפן.

בלויז נאר די אלטע מעקסיקאנעריו, וואס דינט שוין יארן לאנג ביי מיידאניקן אין הויז, די איינציקע, וואס איז וואך געווען און האט צוגעגרייט פרישטיק פאר די באלעבאטים.

פלוצלונג האט זיך דערהערט א שטארקן קלונגען ביי דער טיר. עס זענען אריין לערמאן, מיידאניקס בוכהאלטער, און ווערניצקי, איי־נער פון מיידאניקס געשעפט־פירער.

נישט געקוקט אויף די פראטעסטן פון דער דינסט, זענען זיי אריין צו מיידאניקן אין שלאף־צימער און אים אויפגעוועקט.

מיידאניק האט אן איבערגעראשטער זיך אויפגעכאפט: ער האט פארשטאנען, אז עפעס איז פארגעקומען אויסערגעוויינלעכס.

אין זייערע צעשראקענע אויגן האט ער באלד דערזען, אז עפעס שרעקלעכס איז געשען. אויף זיין פראגע האבן זיי אים גארנישט גע־ענטפערט, נאר דערלאנגט א פאפיר — דעם חודש־באלאנס, וואס איז אנגעקומען פון דער באנק, ווו ס'איז געמאלדן, אז אינם פארגאנגענעם חודש אקטאבער איז ארויסגענומען געווארן פון באנק הונדערט און פופציק טויזנט פעזעס. דאס הייסט — האבן זיי אים דערקלערט — מיט ניינציק טויזנט פעזעס מער, ווי עס איז אריינגעטראגן געווארן אין די ביכער. און געבליבן איז צום מאמענט אין באנק נישט מער ווי טויזנט מיט צוויי הונדערט פעזעס.

מיידאניק, זיצנדיק אזוי אויפן ראנד פון בעט אין דער פיזשאַ־מע, האט לאנג, לאנג געקוקט אינם פאפיר פון דער באנק, ווי ער זאל וועלן פון דארט ארויסלייענען אפילו דאס, וואס דארטן שטייט נישט:

ארויסלייענען א סך זאכן, וואס זענען אים ביז איצט אומפארשטענד־
לעך געווען און האבן אים שטארק געמאטערט... ער האט מיט די אויגן
זיך איינגעגעסן אין די מאשין־געשריבענע ציפערן, ווי ער זאל דארט
זיכן אן ענטפער אויף זייער אן אנגעווייטיקטער פראגע... און דער־
מיט באפרייען זיך פונם משונהדיקן, ווילדן געשפענסט, וואס איז אים
פלוצלונג באפאלן און געשטיקט ביים האלז... מיטאמאל זענען אים
די אויגן גרעסער געווארן, דאס געזיכט האט פארלוירן יעדן אויסדרוק
און ער איז געבליבן זיצן ווי א סטאטוע. באלד איז דאס פאפיר אים
ארויסגעפאלן פון האנט און עס האט א זעץ געטון אין פאל דער שווע־
רער קערפער, וואס האט זיך אראפגעגליטשט פון בעט אויף דער ערד.

עס איז געווארן א גוואלט. ס'זענען זיך אנגעלאפן שכנים און דער
דאקטאר, וועמען מ'האט געבראכט, האט פעסטגעשטעלט, אז מיידא־
ניק איז טויט, געשטארבן פון א הארץ־שלאק.

פון די געשרייען האט זיך בעלא אויפגעכאפט און איז אריין
צום פאטער אין צימער.

ווי א פארגליווערטע, מיט פארגלעזטע אויגן איז זי געשטאנען
אומבאוועגלעך, געקוקט אויפן טויטן טאטן אירן און איר האט זיך גע־
דאכט, ווי איינער זאגט איר אריין אין אויער:

— דער לעצטער אקט, דער לעצטער אקט. איצט האסטו, בעלא,
שוין נישט וואס צו טון אין מעקסיקע. פאר אהיים, די מאמעווארט
אויף דיר...

# אַ „פֿינפֿהונדערט איינס"

פֿריער זענען זיי נישט מער ווי צוויי ייִדן געווען אינם דאָזיקן, ווייט־פּאַרוואָרפֿענעם, פּראָווינץ־שטעטל ט.:

ווייס האָט פּאַרקויפֿט, אויף אויסצאָלעכץ, צו די שטעטלדיקע פּאַ־בריק־אַרבעטער און צו דער אַרומיקער, דאָרפֿישער באַפֿעלקערונג, ביליקע שטאָפֿן אויף קליידלעך: קאַלטשעס, העמדער, אונטערוועש, זאָקן, הויזנס, שיך און — וואָס נישט?

גרין איז געשטאַנען אַ גאַנצן טאָג אויפֿן מאַרק ביי אַ רויט־באַצויגענער דעק, אויף צוויי קעסטלעך אַרויפֿגעלייגט, אויף וועלכער ס'איז געווען פֿאַנאַנדערגעלייגט אַ גאַנצער מאַגאַזין פֿון זעגן און זעגלעך, מעסערס און מעסערלעך, קייטן און קייטלעך, קעמלעך, ראַזיר־מעסערלעך, ציגאַרעטן־פּושקעס, ציגאַרנשפּיצלעך, פֿינגערלעך, ספּינקעס און נאָך אַזעלכעס.

איינער דעם צווייטן האָט אויסגעמיטן צו באַגעגענען, כדי נישט דאַרפֿן צו קומען מיט „יענעם", חלילה, איז וועלכער ס'איז נאָענטקייט.

— מיט אַ ייִד — האָט יעדער איינער פֿון זיי געטראַכט — איז געזינטער נישט צו האָבן קיין מגע ומשא. ס'איז געגוג, אַז דו זאָלסט

אים נאר זאגן איין מאל „גוט מארגן", אזוי קריכט ער דיר באלד אין די ביינער אריין און ער וויל שוין דערגיין וואס ביי דיר אונטער דער לעבער טוט זיך.

האט זיך אזוי געלעבט, יעדער איינער פון די צוויי יידן, אין זיין אייגענער פארשלאסענער איינזאמקייט: גרין האט א גאנצן טאג, אויף דער היץ, געגענעצט ביי זיין מאגאזין, געטראכט פון זיין חשבון אין באנק און גערעכנט, ווי לאנג נאך עס דארף נעמען ביז ער זאל דערגיין צו טויזנט פעזעס, וועט ער דעמאלט עפענען א געשעפט אין זעלביקן ט. וויים ווידער, נאכדעם ווי ער איז געקומען צוריק, א פארמאטערטער, פונם פארקויף איבער דער געגנט ארום דעם שטעטל, האט ער, ביי זיך אינם ענגן צימערל, זיך אויסגעצויגן אויפן בעטל מיטן פנים ארויף און מיט א טיפער ערנסטקייט זיך איינגעגעסן מיט די אויגן אינם גראבן באלקן, וואס האט אונטערגעהאלטן דעם סופיט, א שטייגער ווי אינם דאזיקן באלקן זאל ליגן דער גאנצער סוד פון זיין, וויים', וואנדערנדיקן לעבן, וואס ער מאטערט זיך אזוי צו דערגיין און קאן נישט.

איז אבער געקומען דער זונטיק, און וויים איז נאך א האלבן טאג געקומען צוריק פון קאבירין, האט ער גענומען א שיפל און איז ארויס־געפארן אויפן טייך שפאצירן.

גרין האט אריינגעטראגן זיין גאנצן מאגאזין צו זיך אין צימערל און אויך ארויסגעלאזט זיך, אין א שיפל אויפן טייך, שפאצירן.

דער ערשטער האט אויסגעלאזט זיין גאנצע טרויעריקע איינזאמ־קייט צו די רודערס פון שיפל, ער האט געשארט זיי אין וואסער מיט האסטיקן אימפעט און אוועקגעשארט זיך אין א זייטיקער ריכטונג, אז ער זאל, חלילה, נישט טרעפן זיך מיט „יענעם".

דער צווייטער האט האסטיק אויסגעשפיגן אין וואסער אריין זיין אייגענע, שווער־באלאסטנדיקע, איינזאמקייט און האט זיך פארקירעוועט אין א צווייטער ריכטונג, כדי אויסצומיידן, נישט צו דארפן קוקן חלילה, „יענעם" אין פנים אריין.

— גיי הויב זיך אן מיט א ייד — האבןביידע געטראכט דאס זעלביקע — אויף צומארגנס איז ער דיר באלד א שותף צו דיין געשעפט.

אז דו װעסט זיך, אין גאַנצן לעבן, פון אים שױן נישט קאָנען אָפּ־מישפּען.

פונדעסטװעגן, האָט יעדער אײנער פון זײ געװוּסט געװוּסט גענוי, מיט אַלע אײנצלהײטן, װאָס בײם צװײטן טוט זיך.

אַזױ — למשל — האָט װײַס געװוּסט, אַז גרין איז אַ „גאַליציאַנער חיה" און אַז ער האָט אַ כּלה אין דער הײם, װעמען ער װיל אַראָפּ־ברענגען קײן מעקסיקע. װײַס האָט אױך געװוּסט, אַז גרין װיל זיך מאַכן אַ אָפּן געשעפט אינם זעלביקן ט. און אַז ער, גרין, האַלט זיך אונטער מיט דער דאָניאַ קאָנטשיטאַ ,און נאָך אַזעלכע זאַכן.

און גרין האָט געװוּסט, אַז װײַס איז אַ „רוסישער חזיר", אַ קאַר־גער, פאַרגינט זיך נישט אפילו קײן מיטאָג צו עסן, און ער קלײַבט געלט, װײַל ער װיל זיך אַריבערשװאַרצן אין די שטאַטן, װוּ ער האָט ברידער און שװעסטער און אַז ער האָט שױן אַ היפּשע „אַפּותקי" אין באַנק.

---

מיטאַמאָל איז „אַן אומגליק" געשען אין שטעטל:

אין אײן שײנעם שבתדיקן אינדערפרי האָט זיך באַװיזן אױפן מאַרק אײנער אַ רױטער, מיט גאַנצע פּעק „בלומערס", „קאַמיסעטאַס", „קאַרפּעטן, הױזן און היטלען. און ער, דער רױטער, שרײַט, טומלט, ליאַרעמט און מאַכט גװאַלטן: „ביליק! ביליק! עקסטרע פון פאַבריק! אַזױ אַ העלפט פון קאָסטן־פּרײַזן!" דאָס רעדל אַרום אים איז געװאָרן װאָס אַמאָל גרעסער און — ער האָט נישט נאָר געלײזט געלט, נאָר פּשוט „געזשיבעט".

גרין, װאָס איז געשטאַנען נישט װײַט פון אים, איז געװאָרן אַ צערודערטער און צעטראָגענער, הענט און פיס האָבן זיך אים געװאָרפן פון אױפרעגונג און רציחה. צוקוקנדיק אַזאַ „אומדערהערטן כּקאָנדאַל".

פונקט איז פאַרבײגעגאַנגען װײַס. גרין האָט גאָר פאַרגעסן, אַז ער דאַרף זיך האַלטן פון דערװײַטנס מיטן „רוסישן חזיר", און ער האָט װײַסן צוגערופן.

װי פאַר אַ אַלטן גוטן ברודער האָט גרין זיך גענומען אַפּרעד־דאָס האַרץ פאַר װײַסן:

— ווי זאגט איר צו דעם, סעניאר וויים, זעט נאר זעט, וואס עס טוט זיך ארום דאזיקן רויטן גנב. זעט נאר זעט, ווי ער זשויבט, ווי ער שארט דאס געלד. ער וועט דאך פון אונז יידן מאכן א תל. ער איז דאך אן אונזעריקער...

וויים האט אין אנפאנג אפילו נישט תופס געווען מיט וואס דער רויטער קאן זיי ברענגען שאדן, אז גרין האנדלט גאר מיט שטאלווארג און דער רויטער פארקויפט גאר בלומערס מיט הויזן. און אים ווידער, וויסן, צו די אבאנעס, קאן דער רויטער, מיט אלע זיינע גוואלטן, גאר־נישט שטערן, ווייל ער פארקויפט דאך נאר פאר מזומן. גרין האט אים אבער אויפגעוויזן, שווארץ אויף וויים, אז אזוי איז שוין דער שטייגער פון א ייד: צום ערשטן קומט ער אין א שטעטל מיט קאמיסעטאס און ווען ער זעט, אז דאס שטעטל איז ברוך השם נישקשה, אזוי ברענגט ער באלד אויך שטאלווארג און ער הויבט אויך אן פארקויפן אויף אבאנעס. און — ער ווערט באלד א גאנצער תושב אין שטעטל.

— הערט נאר הערט — האט גרין צוגעגעבן, ציטערנדיק אזש פון כעס — ער קאן דאך אזעלכע צען אונזערע פארשרייען.

וויסן האט אנגעהויבן צו קריכן אין קאפ אריין, אז גרין איז אפשר גערעכט.

— אבער וואס קאנען מיר טון? — האט וויים געפרעגט — איר האט עפעס אן עצה קעגן אים?

— וואס הייסט — האט גרין געענטפערט אן אויפגעלעבטער — איר זענט דאך א מאסאן! און מיטן מוניציפאל־פרעזידענט זענט איר דאך עפעס גאר א גאנצער שמעלקע. נו, שפילט א ראל אנצולער־נען אזא רויטן גנב, אז ער זאל שוין פארזאגן דעם צענטן נישט צו קומען קיין ט.

וויים האט געטראכט א ווילע און זיך אנגערופן:

— גוט, לאמיר ביידע צוגיין.

דעם גאנצן וועג האבן ביידע, גרין און וויים, גערעדט צווישן זיך, פונקט ווי זיי זאלן האבן געווען אלטע ידידים. מ'האט זיך דורכגערעדט וועגן דער צייט, וועגן די געשעפטן, וועגן קונים — גוטע און שלעכטע. און פארוואס. צוויי יידן אין איין שטעטל, פארווארפן ווייט צווישן גויים, זאלן זיך דערוווייטערן איינער פון צווייטן...

עס איז נישט פאַרביי קיין שעה, זענען צוגעקומען צום רויטן צוויי פּאָליציאַנטן. מ׳האָט אים געהייסן פאַרנעמען די זאַכן און גיין אין קאָמיסאַריאַ.

ער, דער רויטער, האָט זיך לאַנגזאַם פאַרפּאַקט די סחורה, אַריינגעטראָגן זי אינעם קעגנאיבערדיקן רעסטאָראַן און איז אַוועק מיט די פּאָליציאַנטן.

גרין מיט ווייסן זענען געשטאַנען ביי גרינס פּועסטאָ און האָבן מיט צופרידנהייט נאָכגעקוקט דעם רויטן מיט זיינע אונטערפירערס. און גרין האָט פאַר נחת זיך צעזונגען:

— וואָס דען! זיי האָבן געמיינט: אַז גאָרנישט, ס׳איז הפקר, יעדער איינער וועט קומען אַהער און זיך צעלייגן ווי ביים טאַטן אין וויינגאָרטן!

און ביידע, גרין מיט ווייסן, ווי אַלטע גוטע פריינט און געזיכערטע תושבים פונם שטעטל, זענען געשטאַנען מיט די הענט אין די הויזנקעשענעס און ברייט־באַלעבאַטיש רעאַגירט אין געדאַנק, מיט פרייד, איבער דער גאַנצער סיטואַציע וואָס זיי האָבן געשאַפן און נישט דערלאָזט צו קיין הפקרות אין שטעטל...

פינסטער איז זיי אָבער ביידע געוואָרן אין די אויגן, ווען זיי האָבן דערזען, ווי דער רויטער איז צוריקגעקומען פון דער קאָמיסאַריאַ, האָט ריאיק אַרויסגעשלעפּט זיינע פּעק צוריק אין מאַרק אַריין, האָט זיך ווידער צעלייגט מיט זיינע „בלומערס״, „קאָמיסעטאָס״, זאָקן, היטלען און הויזנס, ווידער זיך צעשריגן, און: דאָס רעדל אַרום אים — איז וואָס אַמאָל געוואָרן גרעסער און ער האָט נישט נאָר געלייזט, נאָר — „פּשוט געשאַרט דאָס געלד...״

— קומט, סעניאָר ווייס, — האָט גרין געשריגן אַן אויפגערעגטער און צעקאָכטער — קומט, לאָמיר נאָכאַמאָל צוגיין צום פּרעזידענט, לאָמיר אים געבן צו פאַרשטיין דעם גאַנצן אמת...

— ניין, איך גיי נישט מער, אויב איר ווילט, קאָנט איר גיין אַליין.

גרין איז געבליבן, ווי אַן אָפּגענאַרטער און אויסגעלאַכטער. ער האָט, מיט ווייטיק, געוואָרטשעט צו זיך אַליין אין דער שטיל:

— ער האט אים, מסתמא, אריינגערוקט א פעסטע מתנה אין יד אריין.

ביידע נייע ידידים האבן צוגעקוקט ווי דער רויטער לייזט „שטי־קער געלט" און זיי האבן זיך געפילט ווי אפגעשמיסענע; דערפאר אבער — פאראייניקטע גוטע פריינט, אמתע נוינ־ברידער, וועלכע האבן א געמיינזאמע אויפגאבע, צו קעמפן קעגן א בשותפותדיקן שונא...

אוועק א וואך, צוויי, דריי, דער רויטער האט זיך צעשפרייט וואס א טאג מער, ער האט געבראכט נייע ארטיקלען און געהאלטן אין איין שרייען. אבער וואס ווייטער איז דער פדיון ביי אים אלץ שוואכער געווארן.

וויים מיט גרינען זענען דערווייל געווארן די בעסטע פריינט: יעדן זונטיק נאכמיטאג האבן זיי שוין געשפאצירט צוזאמען אויפן טייך אין איין שיפל און פאר ביידע האט אין די זונטיקן דער טייך געגומען אויסזען גאר שענער, און ביידע האבן זיך ערשט מיטאמאל ארומגע־זען, ווי שיין דער זון־אונטערגאנג שפיגלט זיך אפ זונטיק פארנאכט אין וואסער... אויך אין די זעקס וואכעדיקע טעג האבן זיי אנגעהויבן צו פטרן די אוונטן צוזאמען, אין א „טויזנט", א „זעקסאונזעכציק". און ערשט דאן האבן זיי פריי אפגעאטעמט, אראפווארפנדיק פון זיך די שווער באלאסטנדיקע איינזאמקייט, וועלכע האט ביידן א לאנגע צייט אזוי פיינלעך געדריקט. דעמאלט האבן זיי ביידע, גרין און וויים, מיטאמאל זיך פארבענקט נאך א היימיש: „פינפהונדערט איינס".

— אבער ווו נעמט מען א דריטן?

— אייגנטלעך, וואס האבן מיר צום רויטן? — האט אמאל אין אן אוונט, ביי א „טויזנט", געזאגט וויים צו גרינען — אייך אין שטאלווארג שטערט ער דאך נישט, נישט איר האט זיינע ארטיקלען און נישט ער האלט אייערע ארטיקלען. מיר ווידער צו די אבא־נעס שטערט ער דאך אוודאי גארנישט. פארוואס זשע זאלן מיר זיך האלטן פון דערווייטנס, אין דער צייט, וואס מיר זענען אזא קליין הייפעלע יידן, פארווארפן צווישן גויים.

— פון מיינעטוועגן — האט גרין געענטפערט — וואס קאן איך צו אים האבן.

אויפצומארגנס אין אוונט, זענען שוין אלע דריי, ווי אלטע פריינט,

געזעסן געמיטלעך ביי ווייסן אין צימער און צוזאמען געשפּילט אַ „פינפהונדערט איינס".

אַזוי זענען אַוועק מאָנאַטן לאַנג:

אַ גאַנצן טאָג איינער ביים צווייטנס פּוסטאַ, געגענעצט צוזאַמען, געערעדט נייעס, געלייענט די יידישע צייטונג, וואס פלעגט צו ווייסן קומען פון די שטאָט. און אין די אָוונטן, אָוונט ביי אָוונט, צוזאַמען זיך געאַמפּערט ביי אַ „פינפהונדערט איינס". און אין די זונטיקן — אַלע דריי אויפן טייך אין איין שיפל.

און אַלע האָבן געמיינט, אַז לאַנג, לאַנג וועט זיך אַזוי ציען די געמיטלעכע אידיליע פון דער דאָזיקער יידישער דרייאייניקייט אין דעם ווייט פאַרוואָרפענעם פּראָווינץ־שטעטל ט.

אָבער...

אין איין שיינעם הייסן פרימאָרגן — באַץ! אַ שווערער שטיין איז פון הימל אַראָפּגעפאַלן און ער האָט אַלע דריי מיטאַמאָל געטראָפן איבער די קעפּ.

אויפן מאַרק האָבן זיך באַוויזן צוויי הברה־לייט, מיט אַ ברייט־צעלייגטער פּועסטאַ פון שטאָלוואַרג אוןביידע האָבן געשריגן, גע־ליאַרעמט, געמאַכט גוואַלטן. זיי האָבן געצויגן אַרום זיך אַ רעדל און — זיי האָבן געלייזט טאַקע „גראַב געלט".

דער רויטער האָט געקערט וועלטן:

— מ'טאָר נישט דערלאָזן צו אַזאַ הפקרות, אַז ווער עס וויל זאָל קומען זיך צעשפּרייטן דאָ אין שטעטל. וואס איז? עס פעלן אַנ־דערע שטעטלעך אין דער רעפּובליק? וואס עפּעס אַלע אַהער?!

האָבן זיי, דער רויטער מיט גרינעו, אָפּגעמאַכט, אַז יעדער איינער זאָל געבן זיין דריטל און מ'זאָל אַוועקגיין צום פּרעזידענט.

אָבער אַז מ'איז געקומען צו ווייסן, האָט ער געזאָגט „לא", ער גייט נישט און ער גייט נישט. ער האָט נישט קיין אינטערעס — האָט ער געטענהט — קיינעם צו פאַרטרייבן פון דאָרט.

— ביי אַ חזיר ווילט איר עפּעס אַרויסנעמען — האָט, נאָך זיי־ער אַוועקגיין פון ווייסן, גרין געגעבן צו פאַרשטיין דעם רויטן — ביידע אויגן וועט ער זיך לאָזן אויסשטעכן איידער אַרויסנעמען אַ סענט פון קעשענע.

זענען זיי ביידע, גרין מיטן רויטן, אליין אוועק צום פּרעזידענט.

אין שטעטל איז זיך ווידער אַלץ געגאַנגען ווי שטענדיק. יעדן אוונט זענען ווידער די דריי זיך צוזאַמענגעקומען צו וויסן, געשוויצט ביי אַ „פינפהונדערט איינס" און די טעמע פון געשפּרעך איז געווארן „די שותפים"!

— אַך, ווי זיי לייזן עס שטיקער געלט! אַז זיי האָבן עס אַזאַ ריזיקן אויסוואַל פון סחורות, מער פון אַנדערע גרויסע געשעפטן! און מ'קאָן זיי גאַרנישט טון, נישט ביים פּרעזידענט און נישט אין „האַ־סיענדע". אַז זיי האָבן אַ פּאַטענט, פּאַקטורעס און אפילו לעגאַלע גע־שעפטס ביכער אויך. היינט גיי טו זיי עפּעס! אזו דערצו נאָך האָבן זיי פאַרשטעקט אומעטום. נו, וואָס קאָן מען זיין טון?!

די דאַזיקע ווערטער פלעגט דער רויטער אַרויסזאָגן מיט אַזאַ ווייטיק, פּונקט אַ שטייגער ווי די גערערעם זאָלן זיך אים האָבן דערביי איבערגעדרייט.

מיט דער צייט האָט זיך די סיטואַציע ביי די דריי אינגאַנצן געענדערט: ווייס האָט אָפּגעשטעלט דעם פּאַרקויף, ער האָט נאָר קאָברירט. ער האָט זיך געגרייט אין וועג אַריין — אין די שטאַטן. און גרין האָט מיט אים פאַרהאַנדלט, אָפּצוקויפן די געבליבענע „טאַרבעטלעך" און די קונדשאַפט.

— סיי ווי — האָט גרין זיך געקלאָגט — וועל איך שוין ביי שטאָלוואַרג גאַרנישט מאַכן, אַז איך האָב אַרום זיך די שותפים. און אפילו אין בעסטן פאַל קאָן מען ביי שטאָלוואַרג גאַרנישט דערלעבן. מאַכן געלט קאָן מען נאָר ביי אַבאַנעס.

— אָבער וואָס וועט זיין מיט אַ „פינפהונדערט איינס"? אַז ווייס פאָרט אוועק, ווו זשע נעמט מען אַ דריטן?

— פאַרוואָס זאָלן מיר זיך, אייגנטלעך, נישט דערנענטערן צו די שותפים. — האָט אַמאָל ווייס זיך אַרויסגעכאַפּט — דעם רויטן טוען זיי גאַרנישט און גרינען אויך נישט, ווייל סיי ווי גייט ער אוועק פון שטאָלוואַרג. היינט פאַרוואָס זאָל מען זיך האַלטן פון דערווייטנס? פאַר גרינען וואָלט נאָך געווען אַ טובה, ווען מיר וואָלטן זיין פריינט־

לעד מיט זיי. זיי וואלטן ביי אים צוגענומען דאס רעשט ביסל סחורה וואס וועט אים בלייבן.

— פון מיינעטוועגן — האט דער רויטער געזאגט — וואס קאן עס מיר ארן.

— פון מיינעטוועגן — האט גרין צוגעגעבן — בעסער איין פריינט איידער צען שונאים.

---

שוין א צייט לאנג, ווי יעדן זונטיק נאכמיטאג טראגט זיך איבערן שטילן טייך פונם שטעטל ט. א שיפל מיט אלע פיר „אלעמאנעם" און עס הילכט אפ אויף ווייט די געזאנגען פון די „אלעמאנישע לידער". וואס די שותפים האבן מיטגעבראכט פון דער גרויסער שטאט אינם פארווארפענעם שטעטל אריין. און יעדן אוונט פון דער גאנצער וואך — גייט אן צווישן אלע פיר, ביי גרינען אין צימער, ווו פריער האט געוווינט וויים, א צעפלאמטע קארטן־שפיל: א „פ י נ פ ה ו נ ד ע ר ט א י י נ ס".

# געזינדיקט

געציילטע מאל אין יאר קומט גאלדבלום קיין מעקסיקע פון מאַ־זאטלאַן, וואו ער וווינט שוין ניין יאר, און יעדעס מאל האט ער אויס־צושטיין געברענטע צרות פון זיינע צוויי שוועסטער. זיי באקרעכצן אים און באוויינען אים, פארוואס ער האט נישט חתונה. פונקט א שטייגער ווי דער גרעסטער אומגליק זאל האבן געשען צו דער גאנצער פאמיליע דורך זיין נישט חתונה האבן.

טיילמאל האט ער שוין געטראכט, אפשר זאל ער זיי צוליב טון. עס איז אים פשוט א רחמנות אויף זיינע שוועסטער, וועמען ער האט זייער ליב. און עס פארדריסט אים, פארוואס זיי זאלן דארפן ליידן צוליב אים. אבער, נאך יעדעס מאל אזוי טראכטן, באדענקט ער זיך, אז ס'איז גלייכער, אז ער זאל איצט רחמנות האבן אויף זיי, איידער ער זאל שפעטער דארפן רחמנות האבן אויף זיך. און ער פארשטארקט זיין באשלוס, איינמאל אויף שטענדיק, נישט חתונה צו האבן.

גאלדבלום איז א מענטש פון עטלעכע און דרייסיק יאר, א הויכער, פעסט־געבויטער און לעבנסלוסטיקער, מיט א פאר פייערדיקע אויגן, וואס ברענען מיט לעבנסדורשט, און וועלכע קיין פרוי קאן נישט פארבייגיין גלייכגילטיק.

אין די פריערדיקע יארן האט גאלדבלום געהאנדלט מיט הייליקע בילדער אויף אויסצוצאלן. האט ער אין דער גאנצער עסטאדא סינאלאא באהאנגען די ווענט פון אלע דארפישע באטעס מיט קריסטלעכע הייליקייטן.

צוגעדינט האט אים, צו אזא גרויסן בילדער־פארקויף, נישט אזוי דער הונגער פון דער דארטיקער באפעלקערונג נאך געטלעכער הייליקייט, ווי דער זינדיקער רייץ, וואס ווינקט אראפ פון זיין געזיכט, פון וועלכן די פרויען — מייסטנס בילדער־קויפער — פלעגן ווערן געטשמעלעט, מיט געריייצטער האפנונג... און גאלדבלום האט גאנץ אפט זייערע האפנונגען נישט געלאזט פארלוירן גיין.

שוין ניין יאר. אז גאלדבלום איז איינגעארדנט אין מאזאטלאן מיט א גרויס מעבל־געשעפט און ער ווערט געשאצט פאר זייער רייך.

יעדעס מאל ווען גאלדבלום קומט צוריק קיין מאזאטלאן פון מעקסיקע, צעלאכט ער זיך איבער דער נאיווקייט פון זיינע שוועסטער, וועלכע ווילן אים אויף כוח גליקלעך מאכן... און עס קומען אים אויפן געדאנק אט די אלע ווייבלעך אין מעקסיקע, וועלכע האבן אזוי אומגעדולדיק געווארט אויף זיין קומען. ווייבלעך „אנשטענדיקע", פארנעמען א חשובן פלאץ אין געזעלשאפט, געטרייע פרויען צו זייערע מענער און איבערגעגעבענע צו זייערע פאמיליעס.

„איז עס נישט אן איראניע פון לעבן?" — טראכט זיך גאלדבלום. און ער צעחוזקט זיך איבער דער „ריינקייט, פיינקייט, אנשטענדיקייט און גליקלעכקייט" פונם פאמיליע־לעבן, ווי די שוועסטערס ווילן אים איינרעדן.

און פעסטער ווערט זיין באשלוס, אז ס'איז נאריש חתונה צו האבן.

---

גאלדבלום איז אפגעלעגן קראנק זעקס וואכן אין בעט און ער האט זיך אויפגעהויבן א פולשטענדיק איבערגעאנדערשטער.

ער האט זיך גענומען ארומטראכטן, ארומזען זיך אין דער שייז פון דער ווירקלעכקייט און ער האט אנגעהויבן צו דערפילן די ריכטיקייט פון די שוועסטערס טענות, אז אן א פרוי, אן א פאמיליע, איז מען איינזאם און עלנט.

ס'איז נאך גוט — האט ער זיך באטראכט — וואס איך בין רייך. האב איך געהאט אלע באקוועמלעכקייטן אין דער צייט פון מיין קראנק זיין. כ'האב געהאט ווער עס זאל מיך באדינען, ווער עס זאל ארום מיר ארומגיין. אבער אלץ — באצאלט פאר געלט. געקויפטע און גע־דונגענע באדינונג, באצאלטע באהאנדלונג, ווי אין א קראם. ווו מען גיט נאר דאס, וואס עס קומט פארן באצאלטן געלט. אבער אז א צאר־טער האנט פון אויפריכטיקער געטריישאפט: אז א ווארימען בליק פון אן אייגענעם, א נאענטן; אז אן אינטים מיטלייד־געפיל. און וואס וואלט איך געטון, ווען איך האב נישט קיין געלט? און מיט וואס בין איך זיכער, אז איך וועל שטענדיק האבן געלט. ווער קאן וויסן, וואס מארגן וועט זיין.

אט אזעלכע געדאנקען האבן גאלדבלומען אנגעהויבן פיקן אין מוח, וואס אמאל אלץ שטארקער און שטארקער. עס האט אין אים גע־נומען רייף ווערן דער געדאנק, אז מ'דארף נישט זיין קלוגער פון דער גאנצער וועלט. און ער האט באשלאסן — יא חתונה צו האבן.

---

שוין פינף שעה, ווי גאלדבלום וויגט זיך אין וואגאן, אויף זיין רייזע־וועג, פון מאזאטלאן קיין מעקסיקע.

קיינמאל האט ער נישט געפילט נאך אין וועג אזא נודנע לאנג־ווייליקייט ווי היינט. נישטא מיט וואס אויסצופילן די ליידיקייט פונם טאג. ער האט שוין אלץ געפרובירט טון, כדי צו פארטרייבן די צייט: לייענען, שרייבן, שניצן האלץ, מאלן פיגורן, אבער עס נעמט אים נישט. עס אינטערעסירט אים גארנישט. ער האט שוין פארבונדן גע־שפרעכן מיט פארשידענע מיטרייזנדע, אבער אים דאכט, אז עס ווערט אים נאך נודנער און מער לאנגווייליקער רעדנדיק מיט זיי. עפעס קלעפן זיך נישט אט די אלע געשפרעכן, אפילו פאר קיין צייט־פאר־טרייב אויך נישט.

ס'איז שוין פארנאכטצו. די לופט — אביסל אפגעקילטער. די פאסאזשירן אין וואגאן אטעמען אביסל פרייער, און דער צוג אליין — דאכט זיך — איז אויך אביסל געמיטלעכער געווארן, אז ער האט זיך אפגעקילט אין דער פארנאכטיקער שאטנדיקייט, און ער טרייסלט שוין נישט אזוי שטארק ווי פריער, אינם היציקן בייטאג.

אויף אַ קליינער באַן־סטאַציע איז אויפגעזעסן אַ מיידל ווי פון אַ יאָר צוואַנציק, אַ מיטלוווקסיקע, מיט אַ פול, רונדיק און שיין בראָ־נעט געזיכט, שוואַרצע געקרייזלטע האָר, און מיט אַ פּאָר גלאַנציקע טיף־שוואַרצע אויגן. זי האָט געזוכט אַ פרייען פּלאַץ און געפונען אים פונקט קעגנאיבער גאָלדבלומען.

גאָלדבלום האָט גאָר אויפגעלעבט.

ער האָט מיט זיין גאַנצער צירלעכער העפלעכקייט, געהאָלפן אַוועקלייגן דעם וואַליז אירן אין דער הויך אויף דער געפעק־פּאָליצע. און באַלד האָט ער פאַרפירט מיט איר אַ געשפּרעך, וועלכער איז גע־וואָרן אַלץ מער בינדיקער, נענטער און היימישער.

גאָלדבלום מיט זיין גוט געפּראַקטיקירטן חוש פאַר פרויען, האָט דערשפּירט אין איר — אַ מיידל אַ צוגעלאָזענע. און, נאָך אַזוי פיל שעהן פון נודנער וועג־לאַנגווייליקייט, האָט ער גאָר אויפגעלעבט אין דער נאָענטקייט פון דער נייער שיינער שכנטע.

עס איז מיטאַמאָל צוגעפאַלן די נאַכט.

מענטשן, מידע פון הייסן רייזע־טאָג, האָבן אָנגעהויבן צו דרימ־לען.

אין דער צודרינגלעכער פיס־נאָענטקייט פון דעם מיידלס פיס צווישן גאָלדבלומס קני, האָט זי אויך איינגעדרימלט. אָבער גאָלדבלומס אויגן האָבן גוט געזען, אַז זי שלאָפט נישט. עס איז נאָר אַ געמאַכט שלאָפן אַזאַ, כדי אומגעקוועלט צו קאָנען אָנהאַלטן איר פּאַסיוויטעט צו זיין צערייצטער מענלעכקייט. און ער איז צופרידן געווען פון דער דאָזיקער שלאָף־שפּיל־נאַרעריי. עס האָט אים אימפּאָנירט דער שלאָפנ־דיקער אופן פון צושטימונג אין דער דאָזיקער נאַכטיקער שטילקייט און טונקלקייט פון וואַגאָן. און וואָס ווייטער אין דער נאַכט אריין, אַלץ פרעכער, צודרינגלעכער און צעלאָזענער איז גאָלדבלום געוואָרן אין זיין נאָענטקייט צו דער „שלאָפנדיקער"...

באַגינען איז דער צוג אָנגעקומען אויף דער סטאַציע גוואַדאַלאַ־כאַראַ.

דאָ איז דער צוג געבליבן. אַלע פּאַסאַזשירן זענען אויסגעשטיגן. גאָלדבלום האָט זיך זייער פריינטלעך געזעגנט מיט זיין שכנטע, וועל־כע איז אַראָפּגעפאָרן אין שטאָט אריין און אַליין איז ער געבליבן אין

וואקזאל ווארטן אויף א צווייטן צוג, וואס האט שוין געדארפט באלד אפגיין פון גוואדאלאכארא קיין מעקסיקע.

---

די גליקלעכסטע אין דער וועלט זענען געווען גאלדבלומס שוועסטערס, ווען זיי האבן דערהערט, אז ער האט באשטימט חתונה צו האבן. און אז ער איז דאסמאל געקומען קיין מעקסיקע מיטן ציל — אויב א לייטיש מיידל, א פאסיקער שידוך — א חתן צו ווערן.

די שוועסטערס האבן דערפילט, ווי א שווערער שטיין זאל זיי מיטאמאל אראפ פון הארצן. ווי א מיאוסער שאנד־פלעק זאל האבן אראפגענומען געווארן פון דער גאנצער משפחה און זיי האבן גארנישט געוווסט וואס צו טון פאר שמחה.

פון אלע שידוכים, וואס מ'האט זיי פארגעשלאגן, האט איין שידוך זיי שטארק געלאקט: אן אראבישער ייד, שטארק רייך, האט א פאבריק פון קאלטשאס און א גרויס מאנופאקטור־געשעפט. נדן גיט ער דער טאכטער צען טויזנט פעזעס, און די כלה — זייער א שיינע. א געבילדעטע. מיט איין ווארט — דאס גרעסטע גליק.

גאלדבלומס שוועסטערס האבן געטאנצט פאר פרייד, בלויז פארשטעלנדיק זיך, אז זיי וועלן זיין מחותנים מיט אזא אנגעזעענער און רייכער פאמיליע. זיי האבן שוין מיט אומגעדולד געווארט אויף דער גליקלעכער שעה און האבן געציילט שוין די מינוטן צו דער ערשטער זעאונג.

ווי צו א חתונה אזוי האבן זיי זיך געגרייט צום דאזיקן מאמענט: אלע — די שוועסטערס, די שוואגערס און די קינדער האבן זיך ספעציעל באקליידט צו דער דאזיקער גרויסער אויפנאמע, וואס האט באדארפט פארקומען ביים רייכן מחותן אין הויז. קוקנדיק אויף זיי איז דער חתן אליין אויך מיטגעריסן געווארן מיטן טומל, און נישט געוווסט וואס פריער צו טון, גרייטנדיק זיך.

די שעה איז געקומען.

א רעגנדיקער זונטיק איז עס געווען.

דער חתן, די שוועסטערס, די שוואגערס מיט דער גאנצער פאמיליע, אלע אין עסיק און האניק אויסגעפוצט, זענען פארפארן צום רייכן

הויז פון מחותן אין קאלאניא ראמא. דארטן, ווו חתן־כלה האבן צום ערשטן מאָל באַדארפט זיך זען.

באַלד ביים אַריינגאַנג האָט מען דעם גאַנצן קלימפּל חתנם צר, מיט גרוים צערעמאָניע און פּאראד — לויטן אָריענטאַליש־יידישן אופן — אויפגענומען.

עס קוקט זיך אַרום חתנם צר — עס בלענדט די רייכקייט און דער פּראַכט פון **יערן ווינקל אין הויז**; עס לאַקט די לוקסוספולע און עשירותדיקע איינריכטונג פונם גרויסן סאַלאָן, וווהין מ'האָט זיי אַריינ־געפירט. אַ גאַטספּאַרכטיקע מינע באַווייזט זיך אויף דעם חתנס צר, מיט אַ שטום געבעט צום הימל: „הלוואי בשלום און אַ מזלדיקער שעה".

דעם חתן קלאַפּט האַסטיקער דאָס האַרץ אין דערוואַרטונג, ער איז אומגעדולדיק שוין צו זען, צי איז די כלה טאַקע אַזוי שיין, ווי מ'האָט זי געשילדערט.

און עס געשעט:

עס עפנט זיך אַ זייטיקע טיר און עס קומט אַנטקעגן — די כלה, מיט'דער מוטער אירער פון איין זייט, און אַן עלטערע שוועסטער פון דער צווייטער זייט.

דעם חתנס צר איז אַנטציקט פון דער כלהס שיינקייט און זיי טראַכטן ביי זיך: „אַן אַן עין־הרע, אַן אמתע בת־מלכה".

דער מחותן, די כלהס פאָטער, שטעלט זיי פאָר. און מיטאַמאָל באַ־מערקט ער, ווי דער חתן איז בלייך געוואָרן ווי קאַלך, ווי דער חתן ציטערט אינגאַנצן ווי אין פּיבער און קאָן קיין וואָרט נישט אַרויסרעדן. די כלה שטייט אַ צעטומלטע, אין פאַרלעגנהייט, ווי אַ פאַרלוירענע, און קאָן אויך קיין וואָרט נישט אַרויסרעדן.

אַלע אַרום שטייען און קוקן אַמאָל אויפן חתן, אַמאָל אויף דער כלה און פאַרשטייען נישט וואָס דאָ קומט פאָר.

גאַלדבלום איז שנעל געקומען צו זיך, זיך אָנגענומען מיט מוט און געזאָגט:

— איך פיל זיך זייער נישט גוט, איך בין אַ קראַנקער, איך האָב אַלע מאָל אַן אַטאַק אויפן האַרץ און איצט שפּיר איך, אַז באַלד וועל איך אַזאַ אַטאַק קריגן...

דער מחותן, דער אַראַבישער ייד, האָט עס דערהערט, האָט ער

באלד, מיט דער גרעסטער העפלעכקייט, געגעבן צו פארשטיין די געסט, אז ס'איז גלייכער זיי זאלן איצט אהיימפארן מיטן חתן און דאס זעאונג אפלייגן אויף א צווייט מאל...

אז די געסט זענען שוין געהאט אוועקגעפארן, האט זיך די כלה היסטעריש צעוויינט און ספאזמירט, אז מ'האט זי קוים געקאנט באַרואיקן.

און גאלדבלומס שוועסטערס, דערדריקטע און נידערגעשלאגענע, האבן דעם גאנצן וועג געשעמט זיך צו קוקן איינס דאס אנדערע אין די אויגן אריין. מיט אראפגעלאזטע קעפ, אבלותדיק, ווי צוריק פון א לוויה און מיט פארטרערטע אויגן האבן זיי זיך קוים דערשלעפט צוריק אהיים.

ערשט אהיימקומענדיק האבן די שוועסטערס זיך צוגעזעצט צו גאלדבלומען מיט פארוואורף:

— וואס איז געשען מיט דיר, פארוואס האסטו אונז אזוי פארשעמט, וואס האט די כלה קעגן דיר אזוי געזינדיקט? האסט זי דאך אפילו רעכט נישט געזען?!

גאלדבלום האט מיט איינגעהאלטענעם כעס און פארקריצטע ציין קורץ געענטפערט, ווי א ווארף געטון:

— יא, אוודאי האט זי געזינדיקט!

און נאך א ווייל'ע שווייגן האט ער צוגעגעבן:

— איך האב זי שוין צופיל געזען!...

שפעטער האט ער, ווי צו זיך אליין, ארויסגעוואַרטשעט:

— אלע זענען זיי די זעלבע, נישטא קיין אויסנאמען!

# פון צען ביז עלף

אין צוויי מאָמענט פאַרלירן זיינע אויגן זייער נאַטירלעכן אויס־זען און ווערן פאַרוואַנדלט אין צוויי ברענענדיקע פלאַמען: צוויי שוואַר־צע פלאַמען, וואָס שפּריצן מיט פייער און וואָס מאַכן שווער פאַר וועלכן ס'איז בליק צו קאָנען קעגן זיי ביישטיין.

אַזעלכע אַנגעצונדענע פייערן אין די אויגן זענען נאָר צו טרעפן ביי קינדער פון אָריענט, ווו קאַמילאַ איז געבוירן געוואָרן.

איין מאָמענט אַזעלכן האָט ער, ווען ער דערזעט אַ שיינע, רייצנ־דיקע פרוי; אַ צווייטן מאָמענט — ווען ער איז אין כעס.

אַנדערש אָבער איז דאָס פייער אין זיינע אויגן אין ערשטן מאָ־מענט, און גאַנץ אַנדערש — אין צווייטן מאָמענט.

אין ערשטן פאַל איז דאָס פייער אַ וואַרימס, אַ צוציִענדיקס און אַ גלעטנדיקס, אונטער וועלכן עס איז אַזוי מחיהדיק־אַנגענעם און דער־קוויקנדיק זיך צו וואַרימען, ווי אונטער אַ ליבער, מילדער פרילינג־זון.

אין צווייטן פאַל, אָבער, איז דאָס פייער אַ בריענדיקס און שטע־כעדיקס, אונטער וועלכן עס איז שווער איינצושטיין, נישט פאַרברענט צו ווערן.

איינע אזא פרוי, וואס האט אנגעצונדן קאמילאס אויגן, שטארקער ווי ווען עס איז וועד איז זיין לעבן — איז געווען עלענא.

זי, עלענא, א קינד פון א געמישטער ראסע — דער פאטער א האלענדער, די מוטער א מעקסיקאנערין — האט אין זיך ביידע אייגנ־שאפטן פארקערפערט: אין איר אויסערלעכן אויסזען איז זי אינגאנצן געראטן אין פאטער, — א הויכע, ברייטפלייציקע און פולע; א לענג־לעך קלאר געזיכט, מיט העל־בלאנדע האר און העל־גרינע אויגן.

דורכאויס אבער — די מעקסיקאנער מוטער, מיט איר שטורעמ־דיקער, קוועקזילבערדיקער באוועגלעכקייט; מיט איר ברוייזנדיקער לע־בעדיקייט, וואס וויַנקט ארויס פון אירע געזיכט־צוגן און פון איר גאנצן וועזן; און מיט דעם ברענענדיקן אומרו, וואס קוקט אפער פון הינטער די העל־גרינע אויגן אירע, אויגן, וואס וואלטן געקאנט די וועלט בא־זיגן, אבער קעגן קאמילאס אנגעצונדענע אריענטאלישע פלאמען האבן אפילו עלענאס אויגן נישט געקאנט ביישטיין.

עלענא האט א מאן אן ענגלענדער, א הויכער באאמטער אין דער „רעפענעריא” פון נאפט אין מינאטיטלאן. וווינט זי מיט איר מאן אין דער רייכער קאלאניע, וואס איז אויסגעבויט, מיט די גרעסטע לוקסוס־דיקע איינארדנונגען, ספעציעל פאר די באאמטע פון דער „רעפע־נעריא”.

גאנץ צופעליק האט זי, עלענא, דעם ערשטן מאל דערזען קאמי־לאן, ווען זי איז אריין צו אים אין געשעפט, אין זעלביקן מינאטיטלאן, קויפן שיך.

עלענא האט דערפילט ווי צוויי פלאמיקע פייער־שטראמען נעמען זי דורך, באהערשן זי און פארפאלגן.

און ווייט, ווייט שוין פון קאמילאן, האט זי נאך אלץ געשפירט איבער זיך די פייער־שטראמען פון זיינע אויגן. אפילו פארמאכט ביי זיך אין דער היים: אין קיך, אין בודואר, אין בעט — אומעטום האט איר פארפאלגט זיינע פייערדיקע בליקן, וועלכע האבן איר געווארימט און געגלעט איבער אלע געהיימע ווינקעלעך פון קערפער און נשמה. אין עס האט איר געצויגן, אן אייגענעם באוווסטזיין, אהין, צו יענעם ווינקל, וווּ צוויי שווארצע, ליכטיקע, צעפלאמטע אויגן ווינקען צו איר,

ריפן און ציען זי מיט א געהיימער כישופדיקער קראפט. און — — — —
זי איז געגאנגען.

זי איז געגאנגען איין טאג און נאך א טאג. זי איז געגאנגען א פארהיפנאטיזירטע, געצויגן דורך א מאניעדיקער אומבאוווסטקייט. און אזוי איז זי, די שטאלצע עלענא, געווארן א שקלאף פון קאמילאס ווילן.

קאמילא איז געבוירן געווארן אין דמשק (סיריע), א קינד פון ספר־דישע, שטרענג־רעליגיעזע און אינטעליגענטע עלטערן.

פון קינדווייז אן האט ער אריינגעזאפט אין זיך דעם מזרח און מערב צוזאמענגעפלאכטן.

אין דער זעלביקער צייט, ווען ער האט געלערנט אין דער פראנצויזישער אליאנס־שול, האט ער אויך געלערנט ביי זיין זיידן (א באַרימטער מקובל) תלמוד און קבלה.

אזוי, מיטן דאזיקן שליאך, איז קאמילא אריין אין לעבן, צוגעזווינט — אן וועלכן ס'איז סתירהדיקן צוזאמענשטויס — גלייכצייטיק, צו אלע מאדערנע און וועלטלעכע אנשויאונגען, צוזאמען מיט אלטע מיסטישע און קבלהשע באגריפן און טערמינען.

און אזוי איז ער פארבליבן.

א מערקווירדיקער, צווייעקיקער, אויסטערלישער טיפ: א מענטש מיט הויכע בילדונג — געענדיקט דעם לערער־סעמינאר אין ירושלים: האט באהערשט גרינטלעך, מיט די ליטעראטורן, די שפראכן: אראביש, העברעאיש, פראנצויזיש, ענגליש און שפאניש: איז גוט באהאוונט געווען אין אלע אייראפעאישע קלאסיקער: געגריבלט זיך שטענדיק אין שווערע פילאזאפישע פראבלעמען, וועלכע ער האט שטודירט מיט התמדהשער פלייסיקייט. און אין רעאלן לעבן — א מענטש מיט א געזונטער לאגיק און א קלארן ניכטערנעם קוק אויף אלע לעבנס־פראבלעמען. איז ער, צוגלייכער צייט, געווען רעליגיעז־מיסטיש־קבלהסטיש דורכגעדרונגען, מיט א היפש ביסל אבערגלויבן און פאנאטיזם: ער האט שטארק געהאלטן פון אסטראלאגישע געזעצן: ער האט געגלויבט אין דער ווירקונג פון די שטערן אויפן מענטשנס מזל: איז געווען א הייסער אנהענגער פון ספיריטואליזם: און ער איז מיט פאנאטישן איי־

פער איינגעגלויבט געווען אין דער מיסטישער קראפט פון טאג ד א־נ ע ר ש ט י ק.

גאר באזונדער האט קאמילא פארהייליקט די שעה פון צען ביז עלף יעדן אונט. ער האט געגלויבט, לויט זיין אייגענער אויסרעכענונג, אז די דאזיקע שעה איז די געבורט־שעה פון זיין נשמה.

אין דער דאזיקער שעה, האט ער געזוכט צו זיין אין שטרענגסטער איינזאמקייט, ווייט פון מענטשן און ווייט פון וואכעדיקער קעגנווארט ער האט זיך באמיט, מיט דער גרעסטער אנשטרענגונג, צו האלטן ריין אין דער דאזיקער שעה די מחשבה אפילו, כדי נישט צו פארשוועכן דעמאלט די נשמה זיינע מיט אומריינע געדאנקען און נישט צו דער־לאזן, אז וועלכער ס'איז אומווירדעקער רצון זאל אים אין דער דאזיקער שעה באהערשן.

אין דער דאזיקער שעה, פון צען ביז עלף, — איז ער זיכער גע־ווען — אז זיין נשמה דערהויבט זיך און זי ווערט באהעפט מיט א העכערן, אלוועלטלעכן, איבערנאטירלעכן גייסט.

און ער איז געווען איבערצייגט, אז ווען ער זאל חלילה געשטרויכלט ווערן אין דער דאזיקער שעה, מוז אויף אים א גרויס אומגליק סו־מען.

---

געווען איז דאס אין א טאג פון מיטן יולי.

די היצן — ווי אין גאנץ איסטמא, באזונדער אין מינאטיטלאן — זענען געשטאנען שרעקלעכע און אומדערטרעגלעכע.

דער הימל, ווי א שטיק בלויער גיהנום־פלאם איבער דער וועלט פארצויגן, האט פון זיך געשפריצט מיט לאווען פייער. דער באדן אונ־טער די פיס, ווי א דינער צודעק איבער ברענענדיקע קאלד־אויוונס, האט געשרפעט און געבראטן. און אינצווישן איז א גערדיכטע, אנגע־גליטע, צעשמאלצענע לופט איבערן גאנצן חלל צעגאסן געווען.

די קרעמערס — צעשפילעטע, האלב־נאקעטע און צעבראשטשעטע — זענען געזעסן אין שאטן פון זייערע געשעפטן, פארזשייעטע, פאר־חלשטע, לעכצנדיק נאך אביסל אטעם און לופט.

פאר קאמילאס געשעפט האט זיך אז אויטאמאביל אפגעשטעלט. ווי א פליענדיק, טאנצנדיק, ליכטיק־ווייס זומער־פייגעלע, איז פון

דארטן ארויסגעשפרונגען עלענא אין א לייכט, ווייס, זומערדיק קוים־א־קליידל.

און אזוי שפרינגענדיק־פליענדיק איז זי אריין צו קאמילאן.

א פארשוויצטע, א פארסאפעטע, האט זי זיך אוועקגעזעצט אויף איר שטענדיקן ליבלינג־פלאץ: אויפן אויסגעדרעטן פיסבענקעלע, וואס איז געשטאנען טיף אין ווינקל, אויף צו מעסטן שיך.

צוויי אנגעצונדענע פייערן — א גרינס און א שווארצס — האבן נאכמער פארשטארקט די היץ פון טאג און דער צעלאזענער פלאם פון ביידנס ווענס האט זיך צונויפגעשמאלצן אין איין שטיק לאווע, דורך ביידנס איינגעקלאמערטע בליקן.

נאך א לאנגן שווייגנדיקן איינעסן זיך איינער אינם צווייטנס בליק, האט זיך אפגערופן עלענא:

— דו ווייסט, קאמילא, כ׳האב דיר זייער א וויכטיקע זאך צו זאגן.

—איך האב, פארשטאנען, אז דו האסט א וויכטיקע נייעס.

— פארוואס זשע האסטו מיר באלד נישט געפרעגט? — האט עלענא געזאגט מיט א צעפיעשטשעטער ברוגזקייט.

— איך האב נישט געהאט ווען. — האט קאמילא זיך פארענטפערט, מיט א געמאכטער נאיווקייט. — אז דו ביסט אריין האבן די זוניקע שטראלן פון דיין ליכטיק געזיכט מיר גענומען בלענדן, אזש ס׳האט מיר אנגעהויבן צו שווינדלען פאר די אויגן און מישן אין קאפ.

— עס שווינדלט דיר נאר אלץ פאר די אויגן? — האט זי גע־פרעגט מיט א טאן פון גליקלעכער צופרידנקייט.

זי האט זיך אויפגעהויבן, איז צו הארט, נאענט צו אים, שטעכנ־דיק אים מיט אירע אויפגעריסענע, אויפגעקאכטע און גליענדיקע אויגן, ווארטנדיק אויף אן ענטפער.

— און אז די זון שיינט טאג־טעגלעך, בלענדט זי דען נישט מיט איר ליכט? — האט ער איר געענטפערט, באטאנענדיק יעדעס ווארט אזוי, אז עס זאל איר באפרידיקן.

עלענא האט זיך געפילט געשמייכלט פונם דאזיקן ענטפער זיי־נעם, וועלכן זי האט דערווארט. דאס האט שארף ארויסגעקוקט פון איר גליקלעך־צעשטראלט פנים.

קאמילאַ האָט איר אָנגענומען ביי דער שפּיץ גאָמבע, אויפגעהויבן איר דעם קאָפּ אביסל העכער און ער האָט געפרעגט מיט לאַנגזאַם־צעצויגענע ווערטער:

— נו, וואָס איז די וויכטיקע נייעס, וואָס דו האָסט מיר גע־בראַכט?

זי האָט געשוויגן אַ ווײַלע, געקלערט ווי אַזוי זי זאָל דאָס זאָגן, און מיטאָמאָל האָט זי אַ זאָג געטון, נישט ווי זי האָט געוואָלט:

— מיין מאַן פאָרט אַוועק.

זי איז רויט געוואָרן, געבליבן שטיל, האָט געקוקט פאַרשנדיס קאַמילאָן אין די אויגן אַריין און — זי איז געבליבן אַנטוישט.

עלענאַ האָט דערוואַרט פון אים אַ מער איבעראַשנדיקן און פריי־דיקערן איינדרוק. אַ כמאַרע האָט זיך פאַרצויגן אויף איר פּנים. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, ווי באַליידיקט, ברוגזלעך.

— ווען פאָרט ער אַוועק? — האָט קאַמילאַ געפרעגט, ווי ווענן אַ זאַך, וואָס גייט דירעקט אים נישט אָן.

עלענאַן האָט פאַרדראָסן דער דאָזיקער קאַלטער טאָן זיינער און זי האָט באַשטימט גאַרנישט צו ענטפערן אים.

זי האָט אָבער נישט געקאָנט ביישטיין — ווי שטענדיק — קאַ־מילאָס פּייערדיקן בליק, און ווי היפּנאָטיזירט אונטער זיין ווילן האָט זי געענטפערט, אָבער קאַלט:

— מאָרגן, גאַנץ פרי, פאָרט ער אָפּ קיין מעקסיקע.

און ווידער זענען ביידע פּאַרזונקען געוואָרן אין אַ שטומען שווייגן און מיט איין געדאַנק פאַרבונדן.

עלענאַ האָט זיך שנעל באַהערשט, זיך געגעבן אַ גלייך אויס, און אַ זאָג געטון דרייסט, שטאָלץ און באַפעלעריש:

— מאָרגן איז ביי אונז אין קאָלאָניע אַ טאַנץ־אָוונט: איבערמאָרגן אין אָוונט, וויל איך, אַז דו זאָלסט צו מיר קומען. אָט דאָ איז דער שליסל פון שטוב: פּאַרטאַדאַ נאָרטע 176. — דערביי האָט זי גע־שטופּט דעם שליסל אים אין האַנט אַריין — זאָלסט קומען, איך דער־וואַרט דיך, צען אַזייגער איבערמאָרגן אין אָוונט.

קאַמילאַ האָט אַ ציטער געטון. אַ שוידער איז אים דורכגעלאָפן איבערן לייב און ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן.

אבער איידער ער האט באוויזן צו עפענען דאס מויל איז עלענא שוין נישט געווען. ער האט נאר געזען ווי זי שיקט אים לופט־קושן פון אויטאמאביל ארויס, וועלכער האט זיך שוין גערירט פון ארט.

און קאמילא זענען געבליבן שטעקן אין די אויערן ווערטער, וועלכע האבן געקוויקט און געשניטן: „זאלסט קומען, זאלסט קומען. איבערמארגן צען אין אוונט". און ער האט נאכגערעדט די דאזיקע ווערטער צו זיך אליין: „איבערמארגן צען אין אוונט" און אים האט געדאכט, אז עפעס א ליץ שרייט אים אריין די דאזיקע ווערטער אין אויער אריין און ער מאכט פון אים חוזק. און דער פרעמדער שליסל, וואס ער האט געהאלטן אין האנט, האט אים אויסגעזען ווי א געשפענסט וואס רעדט צו אים אויך די דאיקע ווערטער: „איבערמארגן צען אין אוונט" און דער שליסל לאכט פון אים.

קאמילא האט אנגעהויבן מורא צו קריגן פארן שליסל. מורא אים צו האלטן און מורא אוועקצווארפן. א פארטומיעטער איז ער געבליבן שטיין מיטן שליסל אין האנט און נישט געוווסט וואס צו טון, נישט מיט זיך און נישט מיטן שליסל.

עס איז אריינגעקומען א שכן, א קרעמער.

קאמילא האט זיך אויפגעכאפט ווי פון א טשאד. ער האט זיך באמיט צו באהערשן זיך און זיין רואיק. ער האט אריינגעלייגט דעם שליסל אין קעשענע אריין, אבער עס האט אים אלץ געדאכט, אז עס ליגט ביי אים אין קעשענע עפעס א לעבעדיקע זאך, וואס רעדט מיט א סארקאסטישער איראניע: „איבערמארגן צען אין אוונט"...

און קאמילא איז זיכער געווען, אז אויך דער שכן הערט ווי דער שליסל רעדט און אים האט געדאכט, אזביידע, דער שליסל צוזאמען מיטן שכן, חוזקן פון אים.

ערשט ווען דער שכן האט אים געפרעגט, וואס אים איז, פארוואס איז ער אזוי צעטראגן, האט זיך דאן קאמילא שנעל באהערשט און זיך פארענטפערט:

— אך, סארא שרעקלעכע היץ היינט איז! דער קאפ טוט מיר אזוי וויי. איך וועל מוזן צומאכן דאס געשעפט און אויף א ווײַלע זיך צולייגן.

מיט שעהן שפעטער, אין אוונט שוין, האט ערשטע קאמילא בא־

גריפן, אין אַן אויסגעקריסטאַליזירטער פאָרם, די ערנסטקייט פון דער סיטואַציע און ס'האָט אים געבראַכט צו אַן אינערלעכן שווערן קאַמף מיט זיך:

פון איין זייט — די אַלטע, ביי אים איינגעבירגערטע, שטרענג־אָפּגעהיטע, אָבערגלויבישע איינבילדונג: די הייליקע מורא פאַר „צען ביז עלף", פאַר וועלכער זיין גאַנצע נשמה ציטערט אויף, חלילה נישט פאַראומרייניקט צו ווערן, אין דער דאָזיקער שעה, אַפילו מיט קיין געדאַנק אַן אומווירדיקן.

און פון דער צווייטער זייט — די נאַטירלעכע, געזונטע, קלאָרע לאָגיק זיינע, וועלכע איז אין דאָזיקן מאָמענט נאָך דיקטירט געוואָרן אויך פון דער צעשפּילטער פאַנטאַזיע, פאַר דער פאַרשטייענדיקער גליקלעכער דערוואַרטונג — אַ געמיש פון צעפּלאַמטער תאווה, קאָכעדיק בלוט און אויפריכטיקער, ערלעכער ליבע... און דאָס צווייטע איז שטאַרקער געוואָרן פון מינוט צו מינוט, געקראָגן אַלע גרעסערע שאַנסן איבערצוּוועגן און גובר צו זיין.

---

דער טאָג איז געווען אַזוי לאַנג און גרויס — גאָר אָן אַן עק. קאַמילאַן האָט זיך געדאַכט, אַז דער טאָג וועט זיך גאָר קיינמאָל נישט ענדיקן. יעדע שעה האָט זיך געצויגן און געצויגן אויף גאַנצע מעס־לעסן. יעדער מינוט האָט קאַמילאַ געקוקט אויפן זייגער און אויף צו־להכעיס האָבן זיך די ווייזערס נישט גערוקט פון אָרט. זיין אומגעדולד איז געוואַקסן מיט יעדער סעקונדע. דער באָדן האָט אים געברענט אונטער די פיס. ער האָט נישט געקאָנט איינשטיין, ער איז אומגעלאָפן הין און צוריק ווי אַ לייב אין אַ שטייג, ביז קוים, קוים, מיט אַנגסטן, ער האָט זיך דערוואַרט צו ניין, האַלב צען.

און דאָ האָט ווידער אים גענומען פּייניקן אַ שווערער מאַטערנ־דיקער געראַנגל אינעווייניק אין זיך. מיט אַ נשמהדיקן ציטער האָט ער אָנגעהויבן זיך צו באַדענקען: „שטענדיק, מיט דער גרעסטער הייליקייט און יראת הכבוד אָפּגעהיט די שעה פון צען ביז עלף, קיינמאָל זי נישט פאַרשוועכט, זאָל ער זי איצט פאַרשוועכן?"

באַלד אָבער איז אים געקומען עלענאָס געשטאַלט פאַר די אויגן, וועלכע האָט אים נישט געלאָזט, גאָרנישט זען, גאָרנישט טראַכטן און

גאַרנישט דענקען וועגן עפּעס אַנדערש. זי — עלענאַ... די אַזויפיל צו־זאַגנדיקע, די, וועמען ער האָט אַזוי שטערבלעך ליב. זי — עלענאַ... און די צייט רוקט זיך... אָט איז שוין באַלד צען... האָט ער גענומען אַן אויטאָמאָביל און איז אַוועק אויף פּאָרטאַדאַ נאָרטע.

קאַמילאַ איז אינגאַנצן געווען ווי אין אַ טומאַן: אַ שווערער נעפּל פאַר די אויגן און אין קאָפּ. און אינמיטן פונעם דאָזיקן נעפּל — איין פּינטעלע אַ קלאָרס, אַ ליכטיקס, אַ זעעוודיקס — עלענאַס געשטאַלט. אויסער דעם דאָזיקן פּינטעלע האָט ער גאַרנישט געזען, גאַרנישט געפילט און גאַרנישט געטראַכט.

דער אויטאָמאָביל איז שוין געשטאַנען פאַר דעם הויז נומער 176. אָבער קאַמילאַ האָט נישט געשפּירט, ווי דער אויטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער שאָפער האָט עם אים דערמאָנט און קאַמילאַ האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ קאָשמאַר. לאַנגזאַם איז ער אַראָפּגעקראָכן פון אויטאָמאָביל, איז צו צום טירל וואָס פאַרן הויז און באַלד האָט זיך אים געוואָרפן אין די אויגן די גלאַנציקע שטאָק־פינסטערקייט, וואָס האָט פון אַלע פענסטער אַרויסגעקוקט. קענטיק — קיינער דאָרט נישטאָ. ער האָט זיך גענומען וואַקלען, צי זאָל ער יאָ אַריינגיין, צי נישט. אָבער אַזוי צו שטיין איז דאָך נאָך ערגער...

מיט לאַנגזאַמע, געמאָסטענע טריט און מיט האַסטיקן האַרצ־קלאַפּן האָט קאַמילאַ זיך גענומען שאַרן איבער דער לאַנגער און שמאָלער סטעשקע, וואָס פירט צו דער שטוב, צווישן צוויי רייען קורצע, פיין געשניצטע ביימלעך.

ער האָט אָנגעטאַפּט דעם שליסל אין קעשענע און אים האָט זיך געדאַכט, אַז אַ שטיק אומרו ליגט דאָרט פאַרשטעקט, פון וואַנען ער שפּרייט זיך פאַנאַנדער איבער זיין גאַנץ בלוט און קומט צוריק פון זיין בלוט אַרויס, ווי אַ לעבעדיק באַשעפעניש, וואָס איז אַ טייל פון אים אַליין, פון זיין אייגן בלוט און דאָס דאָזיקע באַשעפעניש ווינקט צו אים, רופט אים און שרעקט אים...

קאַמילאַ האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און שנעל אויפגעשלאָסן די טיר.

שוין זייענדיק אינעווייניק האָט ער זיך דערפילט אַביסל רואיקער. עטלעכע מינוט איז ער אַזוי געשטאַנען אין דער פינסטער און דורך דער

דרויסנדיקער שיין האט ער זיך געזעז אין א שיינעם עלעגאנטן פאדער־צימער.

ער האט אויסגעזוכט דאס קנעפל פון דער עלעקטרישער באלייכ־טונג, האט עס אויפגעדרייט און באלד, ווי עס איז געווארן ליכטיק, איז אים ווידער באפאלן א שרעק און אומרו. מיט א ציטער האט ער זיך ארומגעקוקט און ער האט זיך אליין געפרעגט, וואס ער טוט דא.

קאמילא האט זיך מיטאמאל דערפילט ווי א גנב, וואס האט זיך אריינגעריסן אין א פרעמד הויז צו באגנבענען דאס, וואס געהער צו יענעם און אים האט זיך געדאכט, אז אט וועט באלד אריינקומען דער באלעבאס און וועט אים, קאמילאן, ארעסטירן אלס גנב.

ביים דאזיקן געדאנק האט ער שנעל פארלאשן די ליכט, צוריק פארשלאסן די טיר און איז האסטיק ארויס אויף דער גאס. דא האט ער אנגעהויבן צו שפאצירן הין און צוריק אין פראנט פארן גערטל, מיט דער דערוואַרטונג: אפשר קומט זי פארט באלד אן.

באלד אבער איז אים געקומען א געדאנק: וואס וועט זיין, אז דער וועכטער וועט צו אים צוקומען און פרעגן, וואס ער טוט דא אזוי שפעט. דער וועכטער וועט אים זיכער אננעמען פאר א גנב. און קא־מילא האט שוין גענומען וועבן ארום זיך א צוגעטראכטע אומאנגענע־מע לאגע, אין וועלכער ער האט זיך אליין פארפלאנטערט... און אט, אינדעם, האט ער דערזען, ווי מענטשן קומען אים אן אנטקעגן, איז ער שוין געווען זיכער, אז זיי וועלן אים פרעגן, וואס ער דרייט זיך דא ארום. די מענטשן זענען אבער פארבייגעגאנגען און אים אפילו נישט באמערקט.

ער איז ווידער אריין אין שטוב, איז אונטערגעזעסן עטלעכע מינוט אין דער פינסטער, מורא האבנדיק אנצוצינדן די ליכט, טאקע ווי א גנב... אבער שרעק און אומרו האבן אים ווידער צוריק ארויס־געטריבן אין דרויסן.

ער קוקט אויפן זייגער — ס'איז שוין פופצן מינוט פאר עלף. באשליסט ער, אז מער ווארט ער נישט, ער וועט גיין אהיים.

אבער איידער ער האט נאך באוויזן צו פארענדיקן דעם געדאנק, איז אנגעלאפן אן אויטאמאביל און עלענא, די ליכטיקע שיינענדיקע

עלענאַ, איז אַרויסגעשפּרונגען און אַ גליקלעכע האָט זי אים אַרומגע־כאַפּט:

— טייערער קאַמילאַ! — און אַזוי אים מיטגעשלעפּט מיט זיך אויף אינעווייניק — טויזנט מאָל אַנטשולדיק מיר, טייערער קאַמילאַ, כ׳האָב נישט געקאָנט קומען פריער, מ׳האָט מיך פאַרהאַלטן, כ׳האָב נישט געקאָנט, אַנטשולדיק מיר, מיין גוטער קאַמילאַ.

דערביי איז זי אים באַפאַלן מיט אַ מבולדיקן אויסגוס פון גליענ־דיקע קושן.

אינעווייניק אין שטוב, אין דער ליכטיק, האָבן זיי געזען, אַז דער זייגער איז שוין עלף.

— אָבער דו ווייסט, קאַמילאַ — האָט זי געהאַלטן אירע הענט אויף זיינע אַקסלען, אים געקוקט אין די אויגן אַריין און געזאָגט מיט אַ טאָן, וואָס האָט געקלונגען אי געבעטערט, אי באַפעלעריש — וועסט שוין מוזן דאָ בלייבן מיט מיר אַ גאַנצע נאַכט, ווייל עלף ווערט די גאַנצע קאַלאַניע אָפּגעשלאָסן. עס דרייען זיך אַרום נאַכט־וועכטער. ווייל איך נישט, אַז מ׳זאָל דיך זען אַרויסגיין און פרעגן פון וואַנען דו גייסט.

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין קעשענע זייגערל — שוין פינף מינוט נאָך עלף.

ער האָט מיטאַמאָל דערשפּירט אַ דערלייכטערונג, ווי אַ שווערער שטיין זאָל אים האָבן אַראָפּגעפאַלן פון האַרצן און עס איז אים געקומען אויפן געדאַנק אַ מאמר אין תלמוד: „אין וועג, וואָס דער מענטש וויל גיין, אַהין פירט מען אים"...

— שוין אַריבער „צען ביז עלף" — האָט ער אַ צופרידענער גע־רעדט צו זיך אַליין, אין געדאַנק.

ער האָט געגעבן אַ לאַנגן ציִ אָפּ דעם אָטעם, ווי אַראָפּוואַרפנדיק אַ שווערע משא, וואָס זאָל אים האָבן שרעקלעך געלאַסטעט.

אויפן האַרצן איז אים געוואָרן אַזוי מחיהדיק פריי און ער האָט זיך ערשט דערשפּירט פריש, אויסגעלייטערט און גערייניקט, ווי אַ נידה נאָרוואָס פון טבילה אַרויס. זיינע אויגן האָבן ווידער באַקומען זייערע אמתע פייער־פלאַמען, אונטער וועלכע עלענאַ האָט אַזוי ליב געהאַט זיך צו וואַרימען און זיך טוליען.

פאַר קאַמילאַן האָט שוין אין דעם מאָמענט נישט עקזיסטירט מער קיין שום שטערנדיקע און באַלעסטנדיקע מחשבה. קיין זאַך איז דער וועלט, וואָס זאָל אים פאַרשטעלן דעם וועג צו זיין עלענאַז...

ער האָט זי שטאַרק געדריקט צו זיך און מיט זיינע אויגן, וועלכע האָבן דאַסמאָל גערעדט מער ווי שטענדיק, האָט ער איר צוגעזאָגט צו בלייבן...

# צוויי מאָל צוויי

כאַסע לערנט נישט אין דער יידישער שול. זיין מאַמע זאָגט עס מיט שטאָלץ. זי וויל — זאָגט זי — אַז איר זון זאָל אויסוואַקסן אַ טיליגענט. ווי עס פּאַסט פאַר איר משפּחה. איר טאַטע איז געווען דער איינציקער רופא און שערער אין שעבערשין און האָט געוווסט מער פון גרעסטן דאָקטאָר אין וואַרשע. אויך איר גאַנצע משפּחה איז בלויז טיליגענטן, וויל זי נישט, אַז איר קינד זאָל גיין אין דער יידישער שול און האָבן יידישע חברים: ווער ווייסט זיי דאָרט פון וואַנען זיי קומען, די אימיגראַנטן, און וואָס זיי זענען געווען דאָרטן, אין דער היים.

אפילו אַ דירה האָט זי נישט געוואָלט האָבן מיט יידישע שכנים: וווינט זי דעריבער אין אַ הויף נאָר איין „אַלעמאַן" מיט בלויז מעק־סיקאַנער שכנים.

„אַלע אין הויף, פאַר מיר, ס'געזונט, ס'לעבן" — רימט זיך מאַניאַ פאַר איר מאַן — „גויעם ווייסן טאַקע ווי אָפּצושאַצן אַ טילע־גענטן מענטש".

כאַסע איז שוין צען יאָר אַלט. אין דער מעקסיקאַנער אָנפאַנג־שול גייט ער שוין פיר יאָר. צוויי יאָר איז ער געגאַנגען אין ערשטן קלאַס און אין צווייטן קלאַס — אויך שוין דאָס צווייטע יאָר.

און די מאמע קוועלט פון נחת. יעדן טאג, ווען כאסע קומט אהיים פון שול, מיט דער מאטשילע אויף דער פלייצע, קושט זי אים אוים דעם פלאקסענעם קאפ, די גרויסע וואסערדיקע, קעלבערנע אויגן און די נאַרישע, אויסגעכאליעטע באקן:

— מיר זאל זיין פאר דיינעביינדעלעך, מיין זיסער סטודענט!

און דער טאטע. דער רויטער משה, וואס ווייסט ער, וואס האט ער זיך צו מישן אין אזעלכע זאכן.

דאן מאיסעם — ווי די מארטשאנטעס רופן אים — איז אדער ער לויפט ארום פארקויפן, אדער קאברירן; קומט ער אהיים, איז ער טויט־מיד, האט קוים צייט אפצועסן, ליגט ער שוין אין בעט און בראפעט.

— מאניא ווייסט וואס זי טוט, — זאגט דער רויטער משה מיט פולשטענדיקער זיכערקייט — אויף איר קאן מען זיך פארלאזן אין אזעלכע זאכן. די יידישע מאמעס, די יענטעס, זענען געווים נישט פעאיק אזוי צו מאכן „לייט” פון קינדער, ווי מיין מאניא.

קיין צייטונג לייענט נישט דאן מאיסעם — ווי ער אליין בארימט זיך — אין א יידישער, איז נישטא וואס צו לייענען, א מעקסיקאנישע קען ער נישט. ווען דא וואלט געווען פוילישע צייטונגען — וואלט עס שוין זיין מאניא פארגעלייענט פאר אים, איז א זונטיק אדער איז א כאגע. דארט דארף זיין וואס צו הערן!...

— ווען כאסע וועט ווערן גרויס — פאנטאזירט דער רויטער משה — א, ער וועט שוין קענען אלע ביכער מיט אלע צייטונגען אויף מעקסיקאניש, ווען ער וועט מערטשעם, ענדיקן אלע קלאסן און ווערן א דאקטאר.

---

אין זעלביקן הויף, וווּ מאניא וווינט, איז געוואָרן ליידיק א וווינונג. האט זיך אהין אריינגעצויגן די פאמיליע רובין. זיי האבן א שידגעשעפט אין צענטער און זענען גאנץ פארמעגלעך.

ער, נחמן רובין, איז אן אינטעליגענטער מענטש, מיט העכערער בילדונג, האט א נאמען אין מעקסיקע און פארנעמט אן אנגעזעענעם פלאץ, אלס אן אקטיווער געזעלשאפטלעכער טוער.

די פרוי, לאהקע רובין — פאר דער חתונה טיאמקין — איז געווען

א סטודענטקע אין פילאָלאָגישן פאַקולטעט אין פּעטערבורג. דאָרטן טאַקע האָט זי זיך באַקענט מיט רובינען. צוליב דער רעוואָלוציע האָט זי נישט געקאָנט ענדיקן איר שטודיום.

היינט איז זי אַ יידיש באַלעבאַטישע פרוי, פאַר וועלכער דאָס גאַנ־צע לעבן איז דער מאַן און די קינדער.

צוויי קינדער האָבן זיי, די רובינס, — אַ יינגל, שמואליק, פון ניין יאָר, און אַ מיידל, חנהלע, פון זעקס יאָר.ביידע לערנען זיי אין דער יידישער שול, און ביידע צייכענען זיך אויס מיט וווּנדערבאַרע פעאיקייטן.

שמואליק גייט שוין אין פערטן קלאַס. ער לייענט פריי יידישע צייטונגען, פון שפּאַניש איז דאָך אָפּגערעדט; קען גוט יידישע געשיכ־טע, און איז ממש געניאַל אין אַריפמעטיק: די לערערס האַלטן אים פאַרן שטאָלץ פון דער שול.

צו אַלעמען איז ער אַ לעבעדיק יאַטל, אַ געבוירענער אַרטיסט אויף נאָכצוקרימען און נאָכצומאַכן פאַרשידענע טיפּן. און דערצו — אַ גרויסער שטיפער: טוט אָפּ פאַרשידענע שפּיצלעך און אונטערפּיסלעך: איז אַ מאָדים אויף שפּיציקע שאַרפזיניקע אַריינגנאַרעכצן און פאַרשידענע אונטערפירעכצן; פאַלט אַריין אַ יינגל צו אים אין האַנט, איז יענעם שוין נישט מקנא צו זיין. גלייכצייטיק אָבער — מיט זיין גאַנצער שטיפעריי, — האָט ער זייער אַ שיינע און אַנשטענדיקע האַלטונג. ס'ליגט אויף אים דער שטעמפּל פון זיין שטוביקער דערציאונג.

---

די ערשטע עטלעכע טעג האָט מאַניאַ אויסגעמיטן צו באַגעגענען זיך מיט דער פרוי רובין. זי האָט נאָר איין זיך געוואָרטשעט: „מ'קאָן זיך גאַרנישט אויסבאַהאַלטן פון די יענטעס, אומעטום שטופּן זיי זיך".

וועק אַכט טעג, האָבן די מעקסיקאַנער שכנות אין הויף אָנגע־הויבן רעדן צווישן זיך: „זייער אַ ליבע, איידעלע פרוי, די נייע שכנטע, וואָס זי ... אויס — אַ רוסישע. און די קינדער אַזעלכע שיינע, אַזעלכע קלו־גע, אַזעלכע אינטעליגענטע".

דאָן האָט שוין מאַניאַ אָנגעהויבן זוכן אַ געלעגנהייט, ווי זיך צו טרעפן מיט דער מאַדאַם רובין. און אַזאַ געלעגנהייט האָט זיך איר פונקט, צופעליק, געמאַכט: אַ קינד פון הויף איז אַראָפּגעפאַלן פון

די טרעפּ, זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן אַלע שכנטעס אַרום טומל, דאַ האָט מאַניאַ געזוכט צו זיין נעבן דער פרוי רובין, און זי איז באַלד מיט אַן אינטימען טאָן אַריין אין אַ געשפּרעך:

— זעט נאָר זעט, מאַדאַם, איך וווין שוין דאָ אַזוי לאַנג אין דעם הויף און כ'האָב גאָרנישט געוווּסט, אַז אין זעלביקן הויף וווינט נאָך אַ יידישע שכנטע.

— יאָ, איר וווינט טאַקע שוין דאָ לאַנג, אָבער מיר וווינען דאָ אינגאַנצן צען טעג; אדרבה, אויב ס'איז אייך אַנגענעם, קומט ווען אַרויף צו אונדז; מיר האָבן זייער ליב, אַז מענטשן זאָלן צו אונדז קומען.

— יאָ, מאַדאַם, איך וועל טאַקע ווען ס'איז אַרויפקומען צו אייך מיט מיין זון, מיט וועמען כ'האָב, דאַנקען גאָט, גאָרנישט וואָס זיך צו שעמען.

— ביטע, ביטע זייער, מיטן גרעסטן פאַרגעניגן, ווען נאָר אייך איז באַקוועם.

— יאָ, יאָ מאַדאַם, מירן זיין ביי אייך.

נאָך אין זעלביקן אָוונט איז מאַניאַ געקומען צו די רובינס מיט איר כאַסען. שמואליק האָט זיך זייער דערפרייט מיטן נייעם שכן־חבר, האָט אים באַלד אַריינגענומען צו זיך אין קינדער־צימער, געוויזן אים זיינע זאַכן, דערציילט פון זיין שול, און ער האָט גענומען כאַסען אויספרעגן, וואָס ער לערנט אין זיין שול, ווי אַזוי זיי שפּילן זיך דאָרט און ווי זיי פאַרברענגען אין די פויזעס. שמואליק, דערשמעקנדיק, אַז ער האָט פאַר זיך אַ פּעסטן באַלוואַן, האָט זיך אין אים דערוועקט דער שטיפער־שפּיצלער, פרעגט ער אים:

— זאָג מיר, כאַסע, ביי אייך אין שול לערנט מען, וויפיל איז צוויי מאָל צוויי?

כאַסע קוקט אים אָן מיט זיינע נאַרישע, פאַרגלאָצטע, קעלבערנע אויגן. ער פאַרשטייט נישט, וואָס שמואליק רעדט צו אים.

שמואליק פרעגט אים נאָכאַמאָל:

— צוויי מאָל צוויי, ווייסטו וויפיל עס איז? מען לערנט דאָס ביי אייך אין שול?

— ניין, — ענטפערט כאַסע. — איך ווייס נישט. ביי אונדז לערנט מען דאָס נישט.

— אויב דו ווייסט נישט — זאגט אים שמואליק — וועל איך עס דיר אויסלערנען. אבער ביי אונז לערנט מען דאס נישט אויף שפּאַניש, נאָר אויף יידיש:

— צוויי מאָל צוויי איז אַ לאָך פון אַ בייגל. געדענק גוט כאַסע, הזר דאָס גוט איין, זאָלסט עס געדענקען.

כאַסע זאָגט אים נאָך עטלעכע מאָל, וואָרט איין וואָרט.

— איצט זאָג זשע אַליין, כאַסע. וואָס איז צוויי מאָל צוויי?

— יאָ, כ׳ווייס שוין. צוויי מאָל צוויי איז אַ לאָך פון אַ ווײַדל.

— ניין, כאַסע, ס׳איז נישט גוט. זאָג מיר נאָך עטלעכע מאָל: „צוויי מאָל צוויי איז אַ לאָך פון אַ בייגל".

שמואליק עקזאַמענירט אים עטלעכע מאָל. ביז כאַסע ווייסט שוין גוט אַליין וואָס איז צוויי מאָל צוויי, גיט אים דאַן שמואליק אַ לערעריש פּאַטש איבער דער פּלייצע.

— האָסט אַ גוטן קאָפּ, כאַסע, זע זאָלסט גוט געדענקען דאָס, וועל איך דיר נאָך זאַכן אויסלערנען.

די ווייבער, פּאַנאַנדערדערנדיק זיך איבער אַלץ און אַלעמען, האָבן זיך ענדלעך פריינטלעך געזעגנט, אויף צו טרעפן זיך מאָרגן ווידער אין אוונט.

מאַניאַ האָט קוים געקאָנט אָפּרייסן כאַסען פון שמואליקן, אַזוי האָט ער זיך צו אים געקלעפּט.

ווי נאָר מאַניאַ מיט כאַסען זענען אַריינגעקומען צו זיך אין שטוב, קוים באַוויזן אַריבערצוטרעטן די שוועל, אַזוי באַלד:

— ווייסט מאַמאַ, שמואליק האָט מיר אויסגעלערנט וואָס איז צוויי מאָל צוויי. און וועט מיר נאָך זאַכן אויסלערנען פון זייער שול.

— נו, מיין קינד, וויפיל איז צוויי מאָל צוויי?

— אוי, מאַמאַ, כ׳האָב שוין פאַרגעסן. ער מיר אַזוי פיל מאָל געזאָגט און כ׳האָב פאַרגעסן.

— וועל איך דיר זאָגן, מיין קינד: „צוויי מאָל צוויי איז פיר".

— ניין, ווייסט נישט, מאַמאַ. ס׳איז עפּעס אַנדערש.

— נו, וועסטו מאָרגן אים פרעגן נאָכאַמאָל.

צומאָרגנס אין אוונט, ווידער דער זעלביקער וויזיט פון מאַניאַן מיט כאַסען ביי די רובינס.

כאַסע פאַלט צו מיט אימפעט צו שמואליקן:

— אוי, כ'האָב פאַרגעסן וואָס איז צוויי מאָל צוויי.

— חזר זשע איין אַ סך מאָל כאַסע, זאָלסט גוט געדענקען: „צוויי מאָל צוויי איז אַ לאָד פון אַ בייגל". זאָג איבער אַליין אַ סך מאָל, אַז זאָלסט נישט פאַרגעסן.

כאַסע חזרט גוט איין אַ סך מאָל, ביז ער זאָגט שוין אַליין פריי און גוט.

---

מיט אומגעדולד האָט שוין מאַניאַ געוואַרט אויפן זונטיק: ס'זענען אָנגעקומען קיין מעקסיקע פון פוילן, אירע לאַנדסלייט פון זעלביקן שטעטל, און וועלכע האָבן לעצטנס געוווינט אין וואַרשע אויף סמאָ־טשע גאַס, טאַקע מיט איר שוועסטער און שוואָגער אין איין הויף, ווו איר שוואָגער האָט די ראַזורע.

מאַניאַ האָט זיך אויסגעפּוצט אין שענסטן און בעסטן. אויך איר מאַן, דער רויטער משה, און דער בן־יחיד זייערער, דער סטודענט, כאַסע — האָבן זיך אויסגעפּוצט אין בגדי מלכות.

— וואָס פאַר אַ נאָמען איז עפּעס כאַסע? — פרעגט די ניי־אָנגעקומענע פרוי, ווען מאַניאַ האָט פאַרגעשטעלט איר זון.

— ס'איז אויף מעקסיקאַניש. דאָ, אין מעקסיקע, איז אַלץ אויף מעקסיקאַניש. נאָכוואָס דאַרפן זיי וויסן ווער מיר זענען: אויף יידיש הייסט ער יאָסל, טאַקע נאָך מיין טאַטן, לעבע־שאָלעם.

— אַ, יאָ, איך דערמאָן זיך גוט: יאָסקע רופאַ, ער שטייט מיר ווי איצט פאַר די אויגן: ער זאָל דאָרטן זיין אַ גוטער מליץ יושר פאַר אונז אַלע: שוין אַ סך יאָרן ווי אייער פאָטער איז טויט. וווּ־זשע זענט איר געווען אַלע יאָרן?

— איך? — ווערט מאַניאַ רויט ווי אַ בוריק און הויבט אָן שטאַמ־לען — כ'בין געווען, כ'בין געווען, כ'בין געווען אין וואַרשע ביז איך געווען... און דאָרט האָב איך חתונה געהאַט.

— און זענט איר שוין לאַנג אין מעקסיקע?

— שוין פינף יאָר. פריער זענען מיר געווען אין פּאַריז. ס'איז אַ גאַנ־צע געשיכטע. און פון דאָרט זענען מיר געקומען קיין מעקסיקע. און דאַנ־

קען גאָט, מיר האָבן צו מעקסיקע נישט דערלייגט: אַז אונזער שאָדן, אויף אַלע אונזערע גוטע פריינט געזאָגט געוואָרן נישט ערגער. איר וועט דאָך אוודאי זיין ביי אונז, וועט איר אַליין זען.

— און דער זון לערנט דאָ?

— וואָס פאַר אַ פראַגע, ער לערנט זייער גוט, אָבער אַלץ אויף מעקסיקאַניש.

— און יידיש לערנט מען נישט דאָ?

— ניין. דאָ לערנט מען נישט קיין יידיש. — זאָגט מאַניאַ מיט שטאָלץ — און ווי קען מען אויף יידיש לערנען פאַר אַ דאָקטאָר? איך וויל מיין זון זאָל לערנען פאַר אַ דאָקטאָר. אַלע טילעגענטנע קינדער לערנען זיך דאָ פאַר דאָקטוירים.

— אָבער, מאַמאַ, — שרייט אוים כאַסע — איך ווייס אויך אויף יידיש, שמואליק מיר אויסגעלערנט.

— קום־זשע אַהער, מיין טייערע זון — נעמט אים מאַניאַ צו זיך — זאָג, וואָס קענסטו אויף יידיש?

— יאָ, איך ווייס „צוויי מאָל צוויי".

דער נייער אָנגעקומענער נעמט כאַסען צו זיך מיט אַ קניפּ אין בעקל.

— זאָג־זשע, בחור, וויפיל איז צוויי מאָל צוויי?

— יאָ, איך ווייס, שמואליק מיר געזאָגט: „צוויי מאָל צוויי, איז אַ לאָד פון אַ בייגל".

אַ פּלוצלונגדיקער געלעכטער פּלאַצט אַרויס פון אַלע מיט אַמאָל.

און מאַניאַ, אַ דערשראָקענע, אַ צעטומלטע, ברעכט אויס אין אַ היסטערישן געשריי:

— וואָס?! — און די הענט אירע ציטערן.

— יאָ, יאָ, — זאָגט כאַסע גאַנץ רואיק, ווי נישט אים מיינט מען, — איך ווייס שוין גוט: „אַ לאָד פון אַ בייגל". ער מיר געזאָגט. מ'לערנט ביי זיי אין שול, ער וועט מיר נאָך זאַכן אויסלערנען.

— שווייג! דו טומטום דו, — האָט זיך שוין מאַניאַ נישט געקאָנט באַהערשן פון כעס, און זיך געווענדעט צו איר מאַן, צום רויטן משהן, וואָס האָט דערוויל געכאַפּט אַ דרימל זיצנדיק:

— זעסט, כ'האב דיר געזאגט, אז טילעגענטנע מענטשן דארפן נישט שיקן די קינדער אין דער יידישער שול! און אז טילעגענטנע מענטשן דארפן נישט וווינען מיט יידישע שכנים!

# אַראַבער און ייִדן

אָנגעהויבן האָט ער, מיט יאָרן צוריק, זיין וועג אין דער נייער היים — ווי ער אַליין באַרימט זיך — מיט פּאַרלאַטענע אַלטע שיך אין אַ געוועלבל ערגעץ, אויף אַ זייטיקער גאַס, אין שטאָט מעקסיקע.

היינט איז ער זייער רייך: ער האָט אַ גרויס שיך־געשעפט אין דער שטאָט טש.; ער האָט אויך אַ גוט איינגעאָרדנטע „עסטאַבלע" מיט פּופציק בהמות אין אַ דערבייאיקן דאָרף; לעצטנס האָט ער אויך אָוועקגעשטעלט אַ פאַבריק פון אַרבעט־אַנצוגער (מעסקליאַ), און אויף זיין וועג, באַרג־אַרויף, האָט ער זיך נאָך נישט אָפּגעשטעלט.

אַ מעלה האָט ער — אַנדערש פון אַלע אַרויפגעאַרבעטע — וואָס אַפילו אין זיין רייכקייט ווייסט ער פון זיין פּראָסטקייט און ער האָט דעריבער שטאַרק דרך־ארץ פאַר יעדן, וואָס איז מער וויסנדיק פאַר אים, ער האַלט זיך נכנעדיק אַנטקעגן אַ געלערנטן מענטש און ער באַציט זיך מיט גרויס כבוד צו אַזעלכן.

פאַלט אַריין אין שטאָט טש. אַ גאַסט — אַ פרעמדער דעלעגאַט פון אַן אויסלענדישער אַקציע, אָדער אַ מעקסיקאַנער ייִד וועגן אַ היי־

מישער אקציע — ווייסט מען שוין, אז דאס ערשטע דארף מען אים פירן צו הובערמאנען.

און הובערמאן לאזט שוין דעם גאסט נישט אפּ פון זיך: אויף דער גאנצער צייט, וואס דער גאסט האט צו זיין אין ט״ש.מוז ער ביי אים איינשטיין און ביי אים עסן, און הובערמאן זארגט שוין אויך, אז די אקציע זאל האבן דערפאלג, אזוי אז דעם גאסט גלוסט זיך גארנישט אוועקצופארן פון ט״ש.

איינמאל האט אין ט״ש. פארבלאנדזשעט א גאסט פון ארץ־ישראל, וועגן אן אקציע פארן פאלעסטינער ארבעטער־פאנד.

הובערמאן איז דאן געווען אויפן זיבעטן הימל פאר שמחה. א קליי־ניקייט — א גאסט פון ארץ ישראל! פון דעם הייליקן לאנד! הובערמאן האט זיך זאט נישט געקאנט אפּקוקן פון גאסט. אים האט זיך געדאכט, אז אינם גאסט זעט ער גאנץ ארץ ישראל מיט זיינע אייגענע אויגן. ער זעט דאס הייליקע לאנד, וו עס ליגן אלע הייליקע אבות און אלע הייליקע צדיקים. הובערמאן האט זיך געקלעפּט צום גאסט ווי א חסיד צו א רבין. ער האט ביי אים געפרעגט עצות וועגן זיינע געשעפטן און וועגן זיינע פאמיליע אנגעלעגנהייטן. באזונדערס איז הובערמאן געווען צופרידן צו דערציילן דעם גאסט וועגן דעם שידוך וואס ער האט געטון מיט זיין שיינער, זעכצניאריקער טאכטער און ער האט נאר געוואלט, אז דער גאסט פונם הייליקן לאנד זאל אים צווינטשן צום שידוך. דערביי האט הובערמאן אויסגערעכנט די אלע מעלות פון זיין טאכטערס חתן: ער איז רייך, ער האט א גרויס מאנופאקטור־גע־שעפט אין זעלביקן ט״ש. און וואס פאר א רייכע מתנות ער האט שוין געקויפט פאר דער כלה און כדי דער גאסט זאל נישט צווייפלען אין דער ריכטיקייט פון די אויסגערעכנטע גליקן, האט הובערמאן אים געגנר־מען צום חתן, אז ער, דער גאסט, זאל זיך אליין מיט אים באקענען.

דער גאסט קומט צום חתן, הובערמאן שטעלט זיי פאר, איינעם פארן צווייטן, און דערביי באטאנט ער זיין שטאלצקייט מיטביידן, אי מיט זיין רייכן חתן און אי מיט זיין חשובן גאסט פון ארץ ישראל. דער גאסט קוקט אויפן שיינעם שווארצוואנסיקן חתן און — ער שטוינט... ער זעט פאר זיך אן אראבער. מיינט ער, אז עס איז אוודאי א ספרדישער ייד, פרעגט ער אים:

— אדוני יודע עברית?

אבער דער חתן קוקט אויף אים מיט אויסגעגלאָצטע אויגן. ער ווייסט נישט מיט וואָס מ׳עסט עס. ער קען — זאָגט ער — פראַנצױ־זיש און אַביסל ענגליש. ער איז — דערקלערט ער — פון לבנון. ער איז נישט קיין קריסט, נאָר אַ מושלמאַנער.

דער גאַסט בײסט די ליפּן און שװײגט.

אַרויסגײענדיק האָט דער גאַסט געפרעגט דעם מחותן:

— ס׳טײטש, הער הובערמאַן, דער חתן איז דאָך אַ גוי!?

— וואָס רעדט איר, מײן ליבער פרײנט, דער חתן איז נישט קיין גוי, ער איז אַן אַראַבער.

— נו, אַז אַן אַראַבער, אָבער ער איז דאָך אַ מושלמאַנער און נישט קיין ייד!

— ווי פּאַסט עס פאַר אײַך, מײן ליבער פרײנט, אַז איר זאָלט אַזוי זאָגן — האָט דער מחותן גענומען מוסרן דעם גאַסט — ס׳טײטש, איר ווייסט דען נישט, אַז אַראַבער זענען אויך יידן!

— ווער האָט עס אײַך געזאָגט, הער הובערמאַן, — איז דער גאַסט שוין געוואָרן אויפגערעגט — איר מאַכט אַ גרויסן טעות און אַ פאַטאַלן טעות.

דער מחותן האָט גאָרנישט געענטפערט, מיט שנעלע טריט גע־פירט דעם גאַסט צוריק צו זיך אַהײם און באַלד, ווי ער האָט נאָר גע־עפנט די טיר, האָט ער אַ געשריי געגעבן מיט כעס:

— ע נ ר י ק ע !

פון אַ צווייטן צימער איז אַרויסגעקומען אַ הויכער, בּאַרוועסער שײגעץ, אין אַ שמוציק העמד מיט מעסקליענע הויזן און מיט אַ צעפּלאָ־שעטן קאָפּ האָר, וואָס האָט זיכער קײנמאָל קיין קעמל נישט אָנגעקוקט.

— זאָג מיר נאָר, ענריקע — איז דער מחותן צו צו ענריקען און געפרעגט ווי בײ אַ פּאַכמאַן אַ ווײסער — ווער זענען די אַראַבער און ווער זענען די „אַלעמאַנעס"?

— לאָס אַראַבעס אי לאָס אַלעמאַנעס, פּיעס עס לאַ מיזמאַ קאָסאַ (די אַראַבער און די אַלעמאַנעס זענען די זעלביקע). — האָט ענריקע אָפּגעזאָגט קורץ און שאַרף און מיט אַן אומצווייפלבאַרער זיכערקײט.

— אַ, איר זעט! — האָט דער מחותן געשײנט פון נצחון — נו,

וואס האב איך אייך געזאגט? אויף ענריקען קאנט איר זיך פארלאזן. ער איז א געלערנטער שייגעץ, ער לייענט צייטונגען און ער דערציילט מיר אלץ, וואס דארט שטייט!

דער גאסט איז געבליבן א פארשעמטער, א באזיגטער... און ער האט געשוויגן.

און אינזיך האט דער גאסט געטראכט:

— אז אויב דער „געלערנטער ענריקע" איז יא דער פוסק אחרון אין הלכות אישות, און ער איז עס דער, „אויף וועמען מ'קאן זיך פאר־לאזן" אין ענינים פון עטנאלאגיע, טא פארוואס זאל טאקע די שיינע, זעכצניאריקע, בלאנדע, יידישע טאכטער נישט חתונה האבן מיטן שווארצוואנסיקן, מושלמאנישן אראבער, בפרט נאך ווען ער איז רייך און קויפט פאר דער כלה רייכע מתנות...

# ק ב צ נ י ם

א שעה צייט נאכאנאנד האט לאה אריינגערעדט אין איר מאן, אים געגעגעבן צו פארשטיין, וואס פארא גליקלעכער שידוך עס איז מיט וויינבערגן, וואס פארא כבוד עס איז צו זיין וויינבערגס מחותנים. זי האט אים אויפגעוויזן, אז דורך די וויינבערגס וועט מאניעק אריין אין א העכערער געזעלשאפט און אדאנק דעם וועלן זיי אליין אויך אנהויבן קומען צווישן בעסערע מענטשן און זי האט פאר אים געשילדערט ווי זיי וועלן דעמאלט אויסזען, ווי מ'וועט זיך מיט זיי גאר אנדערש רעכענען.

וועלוול באנע, לאהס מאן, איז געזעסן ביי זיין שרייב־טיש, געפירט השבונות און מ'האט נישט געקאנט וויסן, צי האט ער זיך יא צוגעהערט צו זיין ווייבס גאנצער דרשה, צי נישט. נאר ווען זי איז שטיל געבליבן, פארמאטערט פון אזויפיל רעדן, האט וועלוול זיך אנגערופן:

— לאה, איך בעט דיך, שלעפ מיר נישט אן קיין קבצנים אין דער משפחה.

און אין זיין טאן איז געווען אי געבעט, אי באפעל.

א קיילעכדיקער, ווי אן אנגעשטאפּטער זאק, מיט א גרויסן קאפּ, וואס איז געלעגן ווי צוגענאגלט, אויף די אקסלען, אן א פּיצל האלז. אויסצודרייען דעם קאפּ איז אים געווען אוממעגלעך, אויף אומצוקוקן זיך האט ער געמוזט צוזאמען מיטן קאפּ מיטדרייען דעם אויבערשטן האלבן קערפּער אויך. א פול, רויט און גלאנציק פּנים, אין וועלכן עס האבן זיך אויפגעשניטן צוויי שמאלינקע אייגעלעך. א ברייט־צעצויגן מויל, פון וועלכן עס האט אראפּגעהאנגען א גראבע אונטערשטע ליפּ. און א רואיקייט, אן אינזיך־זיכערקייט און א זעלבסט־צופרידנקייט אי־בערן גאנצן פּנים צעגאסן, — אט דאס איז ער, וועלוול באנץ, דער פּראצענטניק.

וועלוול האט זיך געהאלטן פאר א חכם. ער איז געווען זיכער ביי זיך, אז אלץ, וואס ער טוט, איז קלוג, לאגיש און בארעכנט. ער האט קיינמאל ביי קיינעם קיין עצה נישט געפרעגט און מיט קיינעמס ווער־טער זיך נישט גערעכנט. ער האט געהאלטן, אז דאס, וואס ער פאר־שטייט נישט, וועט עס א צווייטער אוודאי נישט פארשטיין. אליין איז ער געווען א קנאפּער רעדער, האט ער דערפאר דעם צווייטן גע־לאזט רעדן וויפיל ס'הארץ גלוסט, יענעם נישט געשטערט, ווי ער זאל זיך טראכטן: „וואס ארט מיך, זאל ער רעדן אז סיי ווי וועל איך טון דאס, וואס א י ך וויל".

---

פון איר מאנס ענטפער איז לאה געווארן שטארק איז כעס און זי האט זיך צעשריגן אויפן קול:

— ננעו וויינבערג זאל זיין רייך, וואלט ער דאך מיט א ו נ ז נישט געוואלט זיך משדך זיין.

— אט דאס זאג איך דאך — האט וועלוול באנץ געענטפערט גע־לאסן, רואיק און מיט א ביטול־שמייכל — ווען ער זאל זיין רייך, וואלט ער מיט מ י ר נישט געוואלט זיך משדך זיין, הייסט, אז ער איז א קבצן, וויל איך נישט מ י ט א י ם זיך משדך זיין.

דעם מאנס געלאסענע רעדן האט לאהן נאכמער אויפגערעגט און זי האט געוואלט זיך צעשרייען מיט גאל: „וועלוול באנץ, פערד־גנב, וואס דו ביסט, איז דערהיים וואלט דאך אזא וויינבערג נישט גע־וואלט אפילו רעדן מיט דיר. און ווער נאך ווי איך, וויים, וויאנאד

דו האסט געמאכט דיין געלט דא, אין מעקסיקע, וואס איז עס דאס גרויסקייט מיט דיר!". זי האט אבער געוווסט. אז מיט אזעלכע ארגומענטן וועט זי איר מאנס עקשנות נישט בייגן. האט זי בעסער געוואלט פריבירן מיט גוטן. און זי האט מיט א תחנונימדיקן טאן זיך געבעטן:

— אבער די קינדער האבן זיך דאך ליב!...

— אי, ליב שמיב, און אז מ'האט ליב, מוז מען דען חתונה האבן, און אז דו האסט ליב געהאט, נו, האסטו מיט אים חתונה געהאט?

פון איר מאנס לעצטע ווערטער האט זיך לאה דערפילט ווי אן אפגעבריטע. עס האט איר א שפאר געטון דאס גאנצע בלוט אין קאפ אריין. עס האט איר גענומען מישן אין קאפ און שווינדלען פאר די אויגן. זי איז געבליבן ווי איינער, וואס דערזעט זיך פלוצלונג אין שאטן פון א זינד, פון וועלכער ער אליין וואלט געוואלט פארגעסן און נאכמער, אז אנדערע זאלן עס פארגעסן. פאר קרענקונג און בושה איז לאהן געבליבן עפעס שטעקן אין האלז און זי האט קיין ווארט נישט געקאנט ארויסברענגען. זי איז שנעל ארויסגעלאפן פון איר מאנס צימער און נאך זיך א זעץ געגעבן מיט דער טיר, אזש דאס גאנצע הויז האט א ציטער געטון.

נאך לאהס אנטלויפן, האט וועלוול באנץ איר נאכגעשיקט אן ארויסגעבלעקטע צונג מיט א ציניש שמייכל.

אין א צען מינוט ארום האט זיך לאנגזאם געעפנט די טיר פון וועלוולס צימער און א שעמעוודיקער, האלב־בריגזער איז אריין א יונגער בחור, א הויכער, א דארער, מיט א שווארצער צעפלאשעטער טשופריינע און ווי פארשלאפן, האט ער האלבזייטיק, ווי צו קיינעם נישט געווענדט, ארויסגעווארפן די ווערטער:

— די מאמע האט געזאגט, אז דו דארפסט מיך האבן.

וועלוול האט אויפגעהויבן דעם קאפ, אנגעקוקט דעם זון זיינעם, ווי ער זאל אים צום ערשטן מאל זען, געזשמורעט מיט די קליינע אייגעלעך און מיטאמאל א פרעג געטון:

—הא?

און באלד, ווי ער זאל זיך אן עפעס דערמאנען, האט ער זיך א כאפ געטון:

— א, יא, זעץ זיך אנידער. איך וויל מיט דיר עפעס רעדן. דו

ביסט דאך נישט קיין יאכנעוואטע יידענע, וועסטו מיך בעסער פאר־שטיין.

ער האט אפגעהאקט, אנגעקוקט דעם זון, וועלכער איז נאך אלץ געשטאנען אן אנגעכמורעטער און נישט געוואלט זיך זעצן.

וועלוול, ווייזט אויס, האט זיך געמאכט א קנאפן וועזן פון זיין זונס ברוגז און ער האט ווייטער גערעדט:

—מאך מיר נאך קלאר, מאניעק, וואס איז עס פאר א ביזנעס מיט ווייגבערגס טאכטער?

— די מאמע האט דאך דיר שוין געזאגט. — האט מאניעק גע־ענטפערט מיט אן אראפגעלאזטער נאז.

— הער־זשע מיך אויס, איך וויל זאלסט מיך פארשטיין, ווייל איך מיין אלץ פאר דיין טובה וועגן. עס איז נישטא קיין ערגערע זאך, ווי ווען א סוחר פארשטייט נישט די ווערט פון זיין אייגענער סחורה. די זאך איז אזוי: ביסטו א קבצן, ביסטו נישט קיין מענטש און קיינער וויל פון דיר נישט וויסן. אט נעם מיך אליין, האב איך פיינט א קבצן, ווי דעם טויט. האסטו אבער געלט, ביסטו ביי זיך אליין גאר אן אנדער מענטש. אזא בחור ווי דו, שוין קיין עין־הרע, פון פינף און צוואנציק יאר, דארפסטו שוין זיין אביסל מער געסטאטקעוועט, נישט אין זינען האבן די נארישע יינגלישע מעשה׳ס. דו דארפסט טון א רייכן שידוך און ווערן א לייט. טאמער אבער לאזסטו זיך אריין מיט די שלעפערס, בלייבסטו לעולם ועד א קבצן, א פארלוירענער אויף אייביק.

מאניעקס ברוגז איז פון טאטנס לעקציע פארוואנדלט געווארן אין א שרעקלעכן כעס. האט ער חוצפהדיק געפרעגט:

— איז וואס זשע ווילסטו מיר זאגן?

— איך וויל דיר זאגן, אז דו זאלסט זיך אויפהערן צו פארדריי־ען א קאפ מיט ווייגבערגס מויד. ער איז א קבצניוק און עס איז נישט פאר דיר, ווארן מיט דעם מאמענט —

— כ׳האב שוין געהערט, כ׳האב שוין געהערט! — האט מאניעק נישט געלאזט דעם טאטן ווייטער רעדן און ער איז אינמיטן אנטלאפן.

נאך מאניעקס אוועקגיין האט וועלוול גערעדט צו זיך אליין:

— אנדערע מאמעס באמיען זיך צו מאכן פון קינדער לייט, און דא העלפט זי אים נאך צו, זי שטופט אים נאך אונטער צו די שנאָ־

רערס, צו די קבצנים. אבער איך לעב נאָך, ברוך השם. — האָט ער זיך געקלאַפּט מיט די שפּיצן פינגער אויפן ברוסט־קאַסטן און ער איז געבליבן צופרידן פון זיינע אייגענע לעצטע ווערטער.

---

מאַניעק האָט געהאַט אַ חבר, פּרויקע ממזר, האָט מען אים גע־רופן. אין די זעלביקע יאָרן און אין זעלביקן וווקס ווי מאַניעק, מיט העל־בלאָנדע, פלאַקסענע האָר און וואַסערדיקע גרינלעכע אויגן, וואָס האָבן געחוזקט פון דער גאַנצער וועלט און געפינקלט מיט ביטרע, גנבהשע בליקן.ביידע — מאַניעק און פּרויקע — האָבן אַלע יאָרן גע־לערנט צוזאַמען. פון קינדווייז אָן פאַרבראַכט צוזאַמען און זענען גע־בליבן אינטימע חברים. איינער האָט דעם צווייטן אמת ליב געהאַט און אויפריכטיק געטריי זענען זיי איבערגעגעבן געווען איינער פאַרן צווייטן.

פּרויקע איז געווען זייער גערירט פון מאַניעקס ליידן. ער האָט גע־וווּסט ווי שטאַרק מאַניעק האָט ליב בערטאַן און ווי זי האָט ליב מאַ־ניעקן. עס האָט פּרויקען וויי געטאָן פאַר זיין חבר, פאַרוואָס ער ווערט געשטערט פון זיין נאַרישן בעל־גאַווהדיקן טאַטן. און ווען מאַניעק האָט וויינענדיק, איבערגעגעבן פּרויקען דעם געשפּרעך, וואָס זיין טאַטע האָט מיט אים געהאַט, האָבן זיך ביי פּרויקען צעשפּילט די ממזרישע אויגן זיינע און ער האָט זיך אָנגערופן צו מאַניעקן:

— הער, מאַניעק, לאָז עס איבער צו מיר, וועסטו זען, ווי דיין האַרטער, פאַרעקשנטער טאַטע וועט ביי מיר ווערן ווייך ווי אַ לע־מעשקע און ער וועט זיך נאָך בעטן ביי דיר, אַז דו זאָלסט חתונה האָבן מיט דיין געליבטער, בערטאַ וויינבערג.

---

איינמאָל, ווען וועלוול באַנק איז געקומען פון גאַס אַהיים, איז אַריין צו זיך אין צימער און — ווי זיין שטייגער — גענומען שלעפּן פון די קעשענעס פּאַפּירן, בריוו, חשבונות, נאָטעס און צעטעלעך, ער גיט אַ קוק: עס שלעפּט זיך מיט פון קעשענע אַ שייז, עלעגאַנט אַל־באָמל. ער וווּנדערט זיך, פון וואַנען קומט דאָס צו אים אין קעשענע. ער עפנט עס אויף... עס נעמען אים ציטערן די הענט און צינדן די אויגן. די שמאָלע אייגעלעך צעעפענען זיך גרעסער, ווערן פאַרגאַפּט,

פארשפיצט און פארגאסן מיט א ווילדן תאווה־גלאנץ. ער עפנט דאס מויל און די אונטערשטע, אראפהענגנדיקע, גראבע ליפ לאזט זיך מער אראפ, אזש א גאווער נעמט רינען. און ער עסט זיך איין מיט צע־פלאמטן נייגיר אין יעדן בילד פונם אלבאמל. ער לאזט נישט דורך קיין איין שטריך פון די אלע נאקעטע מיידלעך וואס שטייען אין פאר־שידענע פיקאנטע פאזעס. ער באלעקט זיך מיט א בהמהשער הנאה קיקנדיק אויף די פארנאגראפישע פיגורן און די אויסגעלאסענע פא־זיציעס. ער קאן נישט איינזיצן, דער גאנצער קערפער ברענט. ער שמעלט זיך און זעצט זיך, ער ווישט אלעמאל אפ דעם שווייס פון שטערן און שפיצט ווידער מיט די אויגן אין די בילדער... אינדעם דערמאנט ער זיך, אז ער איז ביי זיך אין דער היים, די פרוי קאן צו יעדן מאמענט אריינקומען, באהאלט ער שנעל דאס אלבאמל אין בוזים־קעשענע. ערשט ער גיט א קוק, אויפן טיש ליגט א טארכעטל, וווּ מ'פארזיכערט „געזונט און סעקרעט" אויף דער און דער גאס, אין דעם און דעם הויז...

וועלוול איז געבליבן זיצן א פארמאטערטער, ווי נאך א שווערער ארבעט. ער האט פארמאכט די אויגן, זיך פארטראכט... און אזוי האט ער זיס איינגעדרימלט.

---

אז וועלוול באנץ האט, פון אינעווייניק, געעפנט די טיר פון יענעם הויז אויף יענער גאס און געוואלט ארויסגיין, איז פאר אים אויסגע־וואקסן פרויקע ממזר, פארשטעלט אים דעם וועג און אריינגעלאכט אים אין די אויגן אריין:

— זאל אייך זיין צו געזונט, ר' וועלוול.

וועלוול האט זיך אין אנפאנג פארלוירן. באלד אבער האט ער זיך געפאסט מוט, געמאכט זיך וווילעריש, ווי ער זאל נישט פרעגן נאך קיינעם, האט ער פרויקען א שטופ געטון:

— וואס ווילסטו, שייגעץ?!

— איך בין געקומען אייך אפנעמען, ר' וועלוול. איך האב פאר־שטאנען, מסתמא זענט איר פארמאטערט, איז אייך שווער צו גיין אליין אהיים... — האט פרויקע גערעדט געלאסן, מיט א זיסן שמייכל און געצויגן די ווערטער.

וועלוועלען האט געקלאפט א צאן אן א צאן. ער האט זיך אבער גע־שטארקט, געוויזן זיך העלדיש און אויסגעשריגן:

— גיי צו אלדי שווארץ יאר! פארשטעל מיר נישט דעם וועג, לאמיר גיין!

— אבער וואס יאגט איר זיך אזוי, ר' וועלוול,ווארט א מינוט, וועל איך טעלעפאנירן צו אייער ווייב, אז זי זאל קומען אייך אהיימ־נעמען.

וועלוול האט דערמעקט, אז מיטן בלויזן אפשייגעצן וועט ער דא גארנישט מאכן. איז ער געווארן ווייכער, האט גוטברודעריש ארויפ־געלייגט א האנט אויף פרויקעס פלייצע און אנגעהויבן שמועסן מסחר:

— וואס טויג דיר דארט,פרויקע, איך ווייס דאך, ביסט א קלוגער חברה־מאן, דו ווילסט עפעס פארדינען, זאג וואס קאסט עס?

— אט אזוי האב איך ליב! קלארע דיבורים. עס קאסט, ווייל פאר אייך, פינף טויזנט פעזעס.

— ביסט משוגע, חסר דעה, פרויקע, וואס איז מיט דיר? ביסט פון זינען אראפ?!

— ר' וועלוול, דאס איז לעצטער פרייז. דערפון קאן איך גארנישט אראפלאזן. עס קאסט מיך אליין קרן־ראשון מער. דאס איז א ספעציע־לער פרייז, ווייל פאר אייך.

—אויב אזוי, טו מיר וואס דו קענסט. איך האב פאר קיינעם קיין מורא נישט. א פינפאונצוואנציקער קאן איך דיר געבן.

— הערט זיך איין, ר' וועלוול — האט פרויקע אנגעהויבן רעדן מיט מער ערנסט, מעשה סוחר. — פון דעם פרייז, פינף טויזנט פעזעס, וועט קיין איין סענט נישט אראפגיין. נאר איך בין גרייט מיט אייך איינצוגיין אויף אן אפמאך: אויב אייער זון, מאניעק, מיין חבר, וועט מיר הייסן, נעם איך ביי אייך גארנישט.

וועלוול האט זיך פארטראכט אויף א ווייל, און דערנאך געפרעגט:

— אבער מיט וואס בין איך זיכער, אז דו, ממזר, וועסט האלטן די צונג צווישן די ציין?

פרויקע האט מיט אימפעט א שטרעק אויס געגעבן די רעכטע האנט און טריאומפירנדיק אויסגעשריגן:

— האט איר מיין האנט, תקיעת־כף, אויב א פויגל אפילו וועט וויסן וואָס ר׳ וועלוול איז געגאנגען צו תשליך!...

---

צומארגנס האט וועלוול באַנג אריינגערופן מאַניעקן צו זיך און אים געפרעגט:

— זאָג מיר דעם אמת, מאַניעק, האסט טאקע אזוי שטארק ליב ווייַנבערגס טאכטער?

מאַניעק האט דערקענט אין טאָן פון פרעגן, אַז דער „אַלטער" איז ווייכער געוואָרן. האט ער אויך אויפגעהויבן זיין פאַרברוגזטער נאָז און מיט אַ מילדן בליק געקוקט אויפן טאַטן:

— יאָ, טאַטע, מיר האָבן זיך ליב. און די ווייַנבערגס זענען אַזעלכע פיינע מענטשן. איך ווייס נישט, טאַטע, פאַרוואָס דו ביסט ד׳ערקעגן.

— ווער זאָגט, אַז איך בין דערקעגן? איך האָב געמיינט... אָבער אַז דו ווילסט דווקא, דו ביסט דאָך נישט קיין קינד. יאָ, איך האָב נאָך עפּעס געוואָלט מיט דיר רעדן. דאָס איז שוין אַן אַנדער ענין... נו, וועלן מיר שוין רעדן וועגן יענעם אַ צווייט מאָל. נו, יאָ, וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן... גיי רוף אַריין די מאַמען, וועלן מיר זיך דורכ־רעדן.

אַז מאַניעק איז אַוועק, האָט וועלוול, מיט פאַרקריצטע ציין און געבייַלטע פויסטן, צו זיך אַליין גערעדט:

— אַ רוח אין זייער טאַטנס טאַטן אַרייַן, די קבצנים, וואָס האָבן זיי זיך אָנגעזעצט אויף מיר! אַלץ אַט דער פּרויקע ממזר, איז דער ערד זאָל ער זיין! אויסגערונען האָט ער באַדאַרפט ווערן נאָך ביי דער מאַמען אין בויך, אַזאַ ממזרוק! אָבער נישקשה, איך וועל זיך נאָך מיט אים אָפּרעכענען! — האָט וועלוול זיך אַליין געטרייסט און אָנ־געהויבן ביסלעכווייַז זיך צו באַרואיקן, ווען פון הינטער דער טיר האָבן זיך דערהערט טריט...

# שניידערס

פון די אכט מאשינען, וואס שטייען ביי לייבל טראק אין שניידע־ריי, ארבעטן נאר זעקס. און די איבעריקע צוויי — כאטש צוזאמען מיט אלע צום זעלבן מאטאר צוגעשפאנט — שטייען, נעבעך, פארשעמטע, פארשטומטע און פארמרהשחורהטע, ווי אלטע פארזעסענע מיידן, וועל־כע האבן נאך נישט אויפגעגעבן די שוואכע האפנונג, אז ענדלעך וועט פארט אמאל דער באשערטער קומען. און זיי זוכן דעריבער צו חברן זיך מיט יונגע כלה־מיידלעך.

ביים לאנגן צושניידער־טיש שטייט לייבל, דער באלעבאס און צושניידער, שטענדיק א צעטראגענער, אן אויפגערעגטער און יעדעס מאל פעלט אים עפעס אנדערש פון דער האנט: אט האט ער נארוואס געהאלטן די שער און זי איז שוין נישטא, זוכט ער זי אונטערן טיש, אויפן טיש, אין די שופלאדן, צווישן די אפפאל־שטיקלעך, אבער נישטא — ווי אין וואסער אריין.

אט פעלט אים דער סענטימעטער: דא איז אים פון אונטער דער האנט פארלוירן געווארן דאס קרייד; דא — א שטיקל פון דעם פא־פירענעם מאדעל, פון וועלכן ער האלט אין מיטן צושניידן.

זוכט ער אַזוי לאַנג און זוכט, ביז ער לאָזט אויס מיט אַ שטילע קללה:

— פאַרברענט האָט באַדאַרפט ווערן די גאַנצע שניידעריי איי־דער כ׳האָב זי דערקענט, אויף אַ גוטע כפּרה האָב איך עס אינגאַנצן באַדאַרפט האָבן.

דערביי וואַרפט ער אַ גיפטיקן בליק, פול מיט קנאה, צו שטיינ־מאַנען, וועלכער זיצט ביי דער ערשטער מאַשין נעבן מאַטאָר:

— וואָס פעלט אים, אַט דעם „שיסער"? נעמט זיך אַפּ יעדע וואָך זיינע אַכציק, ניינציק און אַמאָל הונדערט פּעזעס, אַז קאָפּ־דרייע־ניש, אַז ווייטיק, אַז אַרביטראַכעס; שלאָפט מיט אַ רואיקן קאָפּ און לעבט זיך רואיק. נו, דאַרף מען אַז אייגענע שניידעריי? — אויף מויזנט גוטע כפּרות! און וואָס? איך וואָלט נישט געקאָנט זיין דער זעלביקער „שיסער" ווי שטיינמאַן?

שטיינמאַן זיצט איינגעבויגן איבער דער מאַשין, די אויגן און אַלע חושים קאָנצענטרירט אויף איין פּונקט — אויפן שטאָך פון דער מאַשין־נאָדל, אונטעררוקנדיק געננג שטאָף, אַז קיין איין שטאָך זאָל, חלילה, נישט דאַרפן גיין חסר. אָבער ער דערפילט אינסטינקטיוו, אַז אַ גיפטיקער בליק פאַלט אויף אים, ער הויבט אויף דעם קאָפּ און — צוויי פּאָר אויגן באַגעגענען זיך. ביידע פאַרשטייען זיך... לייבל טראַק בלייבט פאַרשעמט און ער דריי אַוועק דעם קאָפּ.

ביי דער צווייטער מאַשין, נעבן שטיינמאַנען, זיצט „דער בלאַ־פער".

פון אינדערפרי אָן, ווען ער זעצט זיך אַוועק צו דער אַרבעט, מאַכט זיך אים נישט צו דאָס מויל: ער שיט, ווי פון אַ לעבערדיקן זאַק, אַנעק־דאָטן, וויצן און מעשה׳ס, איבערהויפּט מעשה׳ס: אַזעלכע גוזמאות, אַזעלכע ליגנס, וואָס נאָר אין דער פאַנטאַזיע פון אַ קינסטלער אַ ליגנער קאָן עס געבוירן ווערן! און אַלץ האָט ער אַליין געזען און ביי אַלעמען איז ער אַליין געווען. אין צען מינוט שפּעטער פאַרגעסט ער, וואָס ער האָט געזאָגט פריער און ער דערציילט שוין דיזעלביקע מעשה פּונקט קאַפּויער. און אַז איר כאַפּט אים ביי אַ ליגן, ווייזט ער אייך באַלד אויף, אַז איר זענט אַ שניידער און איר פאַרשטייט נישט וואָס כ׳רעדט צו אייך. איז געענדיקט מיט די מעשה׳ס גייט אַ סדרה לי־

דער; און זינגען זינגט ער, „דער בלאָפער", אויף זעקס שפּראַכן: יידיש, רוסיש, פּויליש, דייטש, ענגליש און שפּאַניש. און לידער האָט ער — אַ וועלט, עס שעפּט זיך ביי אים גאָר קיינמאָל נישט אויס. און מערקווירדיק, וואָס אויסער יידיש און אביסל שפּאַניש, קען ער קיין איין שפּראַך נישט און ער אַליין פאַרשטייט נישט קיין איין וואָרט פון די אַלע לידער, וואָס ער זינגט.

זיי ביידע, „דער בלאָפער" און דער מאַטאָר, זענען די איינציקע וואָס באַלעבן די שנייעדריי: אַז דער מאַטאָר שטעלט זיך אָפּ און „דער בלאָפער" פאַרמאַכט דאָס מויל, איז אַלץ ווי אָפּגעשטאָרבן.

ביי דער דריטער מאַשין, נעבן „בלאָפער", זיצט „דער יונגערמאַן". קיינער ווייסט נישט ווי ער הייסט, נאָר אַז מ'זאָגט „דער יונגערמאַן", ווייסט מען שוין וועמען מ'מיינט.

אַלץ איז דער וועלט האָט ער שוין געטון איז מעקסיקע: געפּעדלט מיט זאָקן און קראַוואַטן, געהאַנדלט מיט לאָטעריע־צעטלען, געווען אַ פאַרקויפער ביי אַן אַבאַנער, שוין געהאַט אַן אייגענע „פּועסטאָ" פון שטאָלוואַרג, אַרומגעטראָגן צוקערקעס צו פאַרקויפן. אָבער פון אַלעמען האָט ער שטענדיק געמוזט אַנקומען צו געזעלשאַפטלעכע שמיצע און דאָס איבעריקע — צוהונגערן. ביז איינמאָל האָט ער זיך מישב געווען, ער איז אַריין צו גלאַזמאַנען, אים געבעטן רחמים, אַז ער זאָל אים אויסלערנען שניידעריי...

תחילת האָט יענער אויף אים געקוקט ווי אויף אַ משוגענעם, אַ מענטש נישט ביי די קלאָרע געדאַנקען. אָבער אַז ער האָט אויף קיין באַל זיך נישט געקאָנט פון אים אָפּטשעפּען, האָט ער אים אַריינגענומען אין פאַבריק אַריין און געהייסן אים צוווייזן...

דער יונגערמאַן האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר פעאיק, איבערהויפּט מיט אַ שטאַרקער ענערגיע און אייזערנעם ווילן. און אין איין האַלב יאָר איז ער געוואָרן דער זעלביקער „שיסער" ווי אַלע.

שבת אַרבעט ער נישט. ביי דער אַרבעט זיצט ער אין יאַרמלקע. מיט זיין שוואַרצן בערדל, זיידענעם פּנים און אין דער יאַרמלקע, זעט ער גיכער אויס ווי אַ מורה הוראה איידער אַ שניידער. ער אָבער, דער יונגערמאַן, איז פון שניידעריי אַ סך מער צופרידן. היינט אַרבעט ער ביי לייבל טראַק און כאָטש ער אַרבעט נישט אום שבת,

פארדינט ער פונדעסטוועגן נישט ווינציקער פון אנדערע. אמת, חברה שניידערס וויצלען זיך איבער אים, איבערן „יונגנמאן“, דאך האבן אלע דרך־ארץ פאר אים.

קעגנאיבער דעם „יונגנמאן“ זיצט דאס לערניינגל, לייבל טראקס א קרוב, א יתום. לייבל האט פאר רחמנות אים אריינגענומען צו לער־נען די מלאכה. דאס יינגל קוקט אויף דער מאשין ווי א פרומער ייד אויף אן אתרוג אן „הדר“. ער האט מורא אנצורירן די מאשין מיט דער גאנצער האנט, ער זאל, חלילה, נישט מאכן אין איר קיין פגם. לייבל — דער פעטער, ווי דאס יינגל רופט אים — האט אים אפשר טויזנט מאל אנגעזאגט, איידער ער האט אים אוועקגעזעצט ביי דער מאשין, אז ער זאל געדענקען, אז א מאשין איז נישט קיין קארטאפליע, מיט א מאשין טאר מען זיך נישט שפילן, מיט א מאשין דארף מען וויסן ווי זיך צו באגיין, ווארן טאמער, חלילה, אייז הארעלע, עפעס וואס, אזוי איז שוין נאך דער מאשין.

דאס יינגל אבער, פון כאראקטער א לעבעדיקער, א פריילעכער, א שטיפער, מיט א פאר ברענענדיקע אויגן, גיט פלוצלונג, אין מיטן דער ארבעט, א שים אוים מיט א געלעכטער, ער האט זיך אוודאי דער־מאנט אין „בלאפערס“ א געפעפערטן וויץ. לייבל טראס גיט אויף אים א גלאץ אוים א פאר וועלפישע אויגן, ווי עס זאל הייסן:

— א, וואס, דו אויך?!

בלייבט דאס יינגל זיצן, נעבעך, א פארטשמעלעטער און ווייסט נישט מיט וואס האט ער דא געזינדיקט: צי ווייל ער, א יתום, טאר נישט לאכן, אדער ווייל ביי אזא הייליקייט, ווי א מאשין, איז לאכן א פשוטער חלול הקודש. לאזט ער אראפ דעם קאפ צו דער מאשין, בלומרשט מיט א שטרענגער ערנסטקייט. אבער די אויגן זיינע זאגן, אז דאס געלעכטער קיצלט אים נאך אין האלן.

ביי דער מאשין, קעגנאיבער דעם „בלאפער“, זיצט דער „אדוואָ־קאט“. א יונג — א ריז, א ווארשעווער שניידער, מיט א פאר אמת־יאטישע אויגן, אז ער גיט א קוק אויף א ייד, ווערט אין אים פאר־קילט די מאמעס מילך. מ׳רופט אים „אדוואקאט“, ווייל ער ארבעט ביורא־שטונדן: פון צען אינדערפרי ביז איינס און פון פיר ביז זיבן נאכמיטאג. און וואס מ׳זאל אים נישט פרעגן, האט ער איין ענטפער:

„נו, יאָ, נו". קומט ער אַריין אינדערפרי, ווערט אַ געשריי: „דער אַד־וואָקאַט גייט". און ער, מיט אַ רואיקן, קאַלטן, גלייכגילטיקן טאָן: — „נו, יאָר, נו". מאַכט אים לייבל טראַק אַ באַמערקונג אויף דער אַר־בעט, גיט זיך „דער אַדוואָקאַט אַ זאָג, ווי נישט אים מיינט מען: „נו, יאָ, נו".

ווען עס זאָל געווען זיין אַ צווייטער אויפן אַדוואָקאַטס פּלאַץ, וואָלט שוין לייבל געוווּסט וואָס צו טון מיט אַזאַ „נו, יאָ, נו". לייבל האָט פיינט, אַז אַן אַרבעטער זאָל אים ענטפערן חוצפּהדיק. אָבער גיי האָב צו טון מיטן „אַדוואָקאַט". ער איז שפּיצערס אַ פריינט, אויף יענעמס רעקאָמענדאַציע האָט אים לייבל צוגענומען צו דער אַרבעט. און ביי שפּיצערן האָט לייבל אַרבעט אַ גאַנץ יאָר. אמת טאַקע, ער איז זייער אַ שווערער בעל־דבר, שפּיצער, ער נעמט אַרוים די עצמות ביים אָפּנעמען די אַרבעט, ער דערמאַרדעוועט מיט די חזרות און פאַר־דינען, פאַרדינט מען ביי אים קדחת. עס איז אָבער פאַר אַ גאַנץ יאָר אַרבעט.

ביי דער זעקסטער מאַשין, קעגנאַיבער שטיינמאַנען, זיצט גרי־שאַ — אַן אַדעסער. אַ נידעריקער, אַ פולער און ברייטפּלייציקער. אַ שניידער איז ער — אַ ווייסטע קאַליקע, אַז איין גאָט זאָל אויף אים רחמנות האָבן. מ'זעט אים גאָר קיינמאָל נישט נייען, ער האַלט אין איין צעטרענען. ער צעטרענט מער ווי ער נייט. אַ כעסן איז ער אַ שרעקלעכער, זאָל מען אים עפּעס באַליידיקן אָדער אַפילו נאָר אָנרירן מיט אַ וואָרט, איז באַלד זיך געכאַפּט צו דער שער.

די באָלשעוויקעס האָט ער פיינט שנאת מוות, שטענדיק האַלט ער אין איין רעדן פון זיי, ער דערציילט פון זיי אַזעלכע מעשה'ס, אַז האָר און נעגל שטעלן זיך קאַפּויער און נאָך יעדן שמועס וועגן זיי ענדיקט ער מיט: „אַ רוח אין זייער טאַטנס טאַטן אַריין!"

אויף צולהכעיס גרישאַן, האַלט „דער בלאָפער" שטאָל און אייזן פאַר די באָלשעוויקעס און ער הויבט באַלד אָן האַקן מעשה'ס, וואָס ער האָט אַליין געזען און אַז „דער יונגערמאַן", וועלכער איז אויך אַ האַל־בער באָלשעוויק, וואַרפט אַריין אַ וואָרט לטובת די באָלשעוויקעס, פאַלט אויף אים אָן גרישאַ:

—ס'טיטש, איר זענט דאָך אַ „סוויאַשטשעניק", ניעאָוושעלי

ווייסט איר נישט, אז די באלשעוויקעם האבן אויסגעשאסן אלע „כוויאשטשעניקעם"?

— איך בין נישט קיין סאשוועניק, איך בין א שניידער — ענט־פערט „דער יונגערמאן" מיט א צופרידענעם שטאלץ.

דער „בלאפער" גיט א שטארג דעם „אדוואקאט" אין עלנבויגן:

— און וואס זאגט איר, בין איך נישט גערעכט?

— נו, יא, נו — און ער הויבט אפילו נישט אויף דעם קאפ פון דער מאשין, גלייך ווי נישט אים מיינט מען.

---

פונקט האלב ניין אין אוונט — ש־ש־ש־ש־ש, א שווערע, געדיכטע שטילקייט פארכאפט מיט אימפעט די שניידעריי, פילט אויס יעדעס ווינקעלע און קריכט אזוי הארביק אריין טיף אין די אויערן — נאר מ'ויל צו ווערן.

— וואס איז? — הויבן אלע אויף די קעפ פון די מאשינען.

— אפגעשטעלט דעם מאטאר.

בעט זיך שטיינמאן:

— נאך צוויי שטעך.

לייבל טראק ענטפערט מיט כעס:

— איך בין אויך א מענטש.

שטיינמאן אנטלויפט אז „א גוטע נאכט", ווארטשענדיק אונטער דער נאז:

— א טראק בלייבט א טראק!

# שכל

עס איז נאָך געווען טונקל אין דרויסן, ווען חנא ראָטשטיין האָט זיך באַגינען אויפגעכאַפּט און געאיילט זיך צו דער אַרבעט.

זיין צייט אויף צו קומען איז געווען ערשט ניין אַ זייגער, אָבער שוין פון גאַנץ פרי האָט אַן אומרואיקייט אים געטריבן פון שטוב אַרויס.

ערשט אויף דער גאַס, אין דער דירעקטער באַרירונג מיט דער פרימאָרגן פרישקייט, האָט ביי חנאַן אויסגעוועפּט זיך די אומרואיקייט פאַרן אָנהויב און מיט מער דרייסט איז ער געגאַנגען אויפנעמען דעם ערשטן אַרבעטס־טאָג אין דער פאַבריק פון שטאָפן פאַר אונטערוועש, ב.: די ברידער מיגדאַל.

סאַלאָמאָן, דער עלטערער פון די ברידער מיגדאַל — אַ מיטליאַריקער מענטש, אַ רואיקער, וואָס וועגט און מעסט די ווערטער ווי די טריט, און וואָס באַמיט זיך צוצוגעבן, דורך זיין געלאַסנקייט, חשיבות צו זיין פּערזאָן — האָט אויפגענומען חנאַן גאַנץ פריינטלעך, אָבער מיט געווען רעזערוו, וואָס זאָל חנאַן געבן צו פילן, אַז ער איז אַן אָנגעשטעלטער.

סאַלאָמאָן מיגדאַל האָט אַריינגעפירט חנאַן אין אַ ריזיק־גרויסן צי־

מער פונם פראנטיקן הויז, מיט די פענסטער צו דער גאס. דאס הויז איז געשטאנען ווייט אפגעזונדערט פון דער פאבריק, וועלכע איז געווען טיף אין הויף. דארט איז צימער איז געווען אנגעווארפן, אין א שרעק־לעכער אומארדנונג, קופעס מיט קיילעכדיקע באלן פון פארשידענע קא־לירן שטאפן פאר אונטער־וועש.

סאלאמאן האט חנאן דערקלערט, אז אינם דאזיקן צימער איז דער פלאץ פון הורט־פארקויף און ער, חנא, וועט פון היינט אן זיין דער פארקויפער. ער האט אים געוויזן ווי אזוי מ׳דארף די סחורה וועגן, אים געלערנט צו דערקענען דעם אונטערשיד פון די פארשידענע קלאסן שטאפן, אים דערקלערט די פרייזן פון יעדן קלאס שטאף און אים גע־וויזן ווי אזוי מ׳דארף אויסשטעלן די וועקסלען. דערביי האט סאלאמאן אים איבערגעגעבן א ליסטע פון די קונדן מיט באמערקונגען אויף ווי־פיל יעדער פון די קונדן קאן האבן קרעדיט.

נאכן גאנצן דאזיקן אריינפיר אין דער ארבעט, האט מיגדאל בא־מערקט, אז די ארבעט איז נישט קיין שווערע, מ׳דארף נאר האבן שכל. אז ער האט ארויסגעזאגט די האפנונג, אז ער, ראטשטייז, וועט זיך זיכער אויסטויגן צו דעם, דערביי האט מיגדאל אים געשענקט דעם ערשטן שמייכל און ווי חנאן האט זיך אויסגעדאכט, איז דער שמייכל געווען עפעס אזא מאדנער, ווי ער זאל געוועז וועלן אים, חנאן, עפעס זאגן... אבער חנא האט נישט פארשטאנען וואס.

עס איז אוועק דער ערשטער האלבער טאג און קיין קונה האט זיך פאר די אויגן נישט געוויזן. חנא איז געווארן אומרואיק. ער האט געטראכט, אז דער באלעבאס וועט דענקען, אז עס איז זיין, חנאס, שולד. ס׳איז אין זיין מזל, וואס קיין קונים קומען נישט.

— אבער וואס ביז איך שולדיק? — האט חנא פאר זיך אליין גענומען זיך פארענטפערן, אנטקעגן די זיך פארשטעלנדיקע טענות פון באלעבאס — עס זענען דען געקומען קונים און איך האב זיי נישט גוט אויפגענומען? עס האט דען ווער עפעס פארלאנגט און איך האב אים שלעכט באהאנדלט? אז זיי, די קונים, האבן אפילו די שוועל נישט אי־

חנאן האט אבער נישט צופרידנגעשטעלט זיין אייגענע פארענט־בערגעטערעטן, וואס ביז איך שולדיק?

פערונג און ער האט זיך וואס ווייטער אלץ מער באאומרואיקט. אים

האָט אנגעהויבן מאַטערן אַ פּאַרגעפּיל, אַז דער נייער פּאַסטן, אויף וועלכן ער האָט געוואַרט ביטערע זעקס חדשים פון ליידיק אַרומגייז, גליטשט זיך אים אַרויס פון דער האַנט.

דערווייל, אַז קיין קונים זענען נישט געקומען און וואָס צו טון איז נישט געווען, האָט חנא אָנגעהויבן צו מאַכן אַ לאַד אינם פאַרקויף־צימער: ער האָט גענומען אײַנליינען אין אָרדנונג די באַלן סחורות — קלאַס צו קלאַס, קאַליר צו קאַליר, גרויסע באַלן צו גרויסע און קליינע צו קליינע. ער האָט געמאַכט אַ באַזונדערן פּלאַץ פאַר זײַן שרייב־טיש, אַ פּלאַץ פאַר דער ענגלישער וואָג און איינגעאָרדנט, אַז אַ קונה זאָל האָבן ווו זיך צו זעצן. חנא איז בכלל אַ מענטש, וואָס האָט ליב אָרדנונג און באַזונדער דאָ, אויף זײַן נייעם פּאַסטן, האָט ער געוואָלט יוצא זײַן פאַרן באַלעבאָס און פאַר זיך אַליין אויך, צו טון עפּעס און דערמיט צו פאַרגלעטן „זײַן שולד", פאַר דעם, וואָס קיין קונים זענען נישט געקומען.

און דאָך, וואָס שפּעטער אין טאָג אַרײַן, אַלץ צעדודערטער און דענערווירטער איז חנא געוואָרן פון דעם, וואָס מ'האָט קיין קונים נישט געזען.

ערשט פאַרנאַכט, ווען חנא האָט שוין באַדאַרפט אַהיימגיין, איז סאַלאַמאָן מיגדאַל אַרײַנגעקומען. ער האָט זיך אַרומגעקוקט און אַרויס־געוויזן גרויס צופרידנקייט פון דער אָרדנונג, וואָס חנא האָט געמאַכט:

— פיין, פיין, אַזוי האָב איך ליב — האָט מיגדאַל געזאָגט — אין יעדן געשעפט איז פריער פון אַלץ — אָרדנונג.

דאָס האָט חנאַן אַביסל געמוטיקט. ער איז, דורכן באַלעבאָס' ווערטער און שטימונג, אַליין אויך אַרײַן אין אַ גוטער שטימונג און ער איז דרייסטער געוואָרן. אָבער, כדי צו זײַן גאָר זיכער מיט זיך, האָט ער פאַרכאַפּט אויף אַ פריער אין אַזוי, האַלב טרויעריק און פאַר־זאָרגט, האָט ער אַ זאָג געטון:

— יאָ, אָבער מ'זעט גאַרנישט קיין קונים.

— האָט נישט קיין דאגה, ראָטשטיין. — האָט מיגדאַל אים גע־טרייסט, אַ שטייגער, ווי ער זאָל האָבן מיטלייד מיט חנאַן פאַר זײַן זאָרג — איר מעגט זיכער זײַן, אַז זיי וועלן קומען. הלוואי האָב איך נאָר אַזוי פיל סחורה פאַר זיי, ווי זיי וועלן קומען.

ערשט דעמאָלט איז חנאַ אַהיימגעגאַנגען אַ צופרידענער און צו זיך אַליין געזאָגט:

— אַז עס אַרט נישט דעם באַלעבאָס, פאַרוואָס זאָל עס מיך אַרן.

עס איז אויך אַוועק דער צווייטער טאָג און קיין קונה האָט מען נאָך אַלץ נישט געזען. חנאַ האָט נישט פאַרשטאַנען, איז וואָס באַשטייט עס אַזוי דעם באַלעבאָס׳ זיכערקייט. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט אַז ער אויפן באַלעבאָס׳ אָרט וואָלט געווען זייער אומרואיק, אַ קלייניקייט — סחורה ווערט אַנגעאַרבעט, סחורה ליגט אַנגעלייגט און וועמען צו פאַרקויפן איז נישטאָ. אָבער, האָט ער זיך געטראַכט, מסתמא ווייסן זיי, די ברידער מיגדאַל, וואָס זיין טוען. אַ נישט — וואָלטן זיי דאָך אַזוי רייך נישט געווען.

חנאַ האָט דערווייל צייט געהאַט גוט איינצושטודירן די ליסטע פון די קונים, וואָס סאַלאָמאָן מיגדאַל האָט אים איבערגעגעבן אינם ערשטן טאָג. חנאַ האָט שוין די גאַנצע ליסטע געקענט פון אויסנווייניק.

ערשט אויפן דריטן טאָג, נאָכמיטאָג, איז אַריינגעקומען צו ראַטשטיינען אַ פּאָרפאָלק: אַ מאַן מיט אַ ווייב. ביידע האָבן געמאַכט אויף חנאָן אַזאַ מאָדנעם קאָמישן איינדרוק, אַז ער האָט זיך קוים איינגעהאַלטן נישט צו צעלאַכן זיך.

ער, דער מאַן — אַ נידעריקער, אַ דיקער, ווי אַ קיילעכדיק פּעסל אויף צוויי קליינע פיסלעך, האָט זיך אַריינגעקאַטשעט, קאַטשקעוואַטע, פון איין פיסל אויפן צווייטן, דערביי האָט ער ווילי־אונגעריש געשמייכלט צו חנאָן און צוגעווונקען מיט איין אייגל. דערצו האָט ער נאָך שווער געסאָפּעט און זיך געווישט, מיט אַ גרויסער פאַטשיילע, דעם שווייסיקן רויטן, אָנגעבלאָזענעם פּנים.

זי, די פרוי — אַ נידעריקע, אַ דאַרע, מיט אַריזיק־גרויסן קאָפּ, פון וועלכן ס׳האָבן אַרויסגעקוקט אַ פּאָר גרויסע וואָסערדיקע אויגן אַז אַ באַשטימטן קאָליר, נישט גרין און נישט גרוי און עפּעס ביידע קאָלירן צוזאַמען. און די אויגן אירע האָבן געהאַלטן אין איין אַרומלויפן, ווי פאַרזאָרגט, פון מאַן צו חנאָן און פון חנאָן צום מאַן, דערביי האָט זי שטאַרק געביסן די אונטערשטע ליפּ און אַז ווערטער, נאָר מיט שטור־

מע נערוועזע באַוועגונגען, האָט זי זיך געווענדעט צום מאַן און מיט די אויגן געצייגט אויף ראַטשטיינען.

עס איז געווען קלאָר, אַז זי זאָגט מיט די אויגן צום מאַן:

— מיר דאַכט, אַז ס'וועט זיין צרות מיטן דאַזיקן נייעם שלימזל!

חנא האָט אָפּגעווויגן די באַשטעלטע סחורות. ער האָט געמאַכט אַ רעמיסיאָן און דערלאַנגט דעם מאַן. די פרוי האָט אַרויסגעכאַפּט דעם רעמיסיאָן פון מאַנס האַנט און זי האָט זיך איז אים אַריינגעטראַכט. דערנאָך האָט זי אַ כעסדיקן ביס געטון די אונטערשטע ליפּ, אַנגעקוקט דעם מאַן און ביידע, מאַן און ווייב, האָבן זיך אויף שטום־לשון דורכ־גערעדט. ביידע האָבן גענומען קוקן אויף חנאַן, ווי זיי זאָלן שטור־כערהייט עפּעס ביי אים פרעגן. אָבער חנא האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס.

ביים אַוועקגיין, שוין שטייענדיק ביי דער טיר, האָט זיך די פרוי אומגעדרייט, שאַרף געקוקט אויף חנאַן מיט אַזא ברוגזדיקן קוק און מיטאַמאָל האָט זי אַ זאָג געטון:

— הערט, יונגערמאַן, אַז מ'האָט נישט קיין שכל, דאַרף מען קיין יאַרן אויך נישט האָבן.

חנא איז געבליבן ווי אַן אָפּגעשמיסענער פון דער ערשטער קונ־דישער לעקציע, וועלכער ער האָט אויף קיין פאַל נישט געקאָנט צעקייען.

וויפיל חנא האָט נישט נאָכגעטראַכט, וואָס די יידענע האָט גע־מיינט מיט די לעצטע ווערטער אירע, האָט ער דאָך זיי נישט געקאָנט פאַרשטיין. ער האָט נישט באַגריפן, מיט וואָס האָט ער עס אַזוי נישט נישא־חן געווען ביים דאַזיקן קאָמישן פאַרפּאָלק און מיט וואָס האָט ער עס נישט קיין שכל. און ווי וואָלט געווען, ווען ער וואָלט יאָ געהאַט שכל?...

אינמיטן דערינען, אַזוי טראַכטנדיק, איז אַריין אין דער „דעס־פּאַטשאַ" אַ פאַרשויץ מיט אַ מגושמדיק פּנים, אַז אַ קאָלנער, מיט אַ פאַרדרייט קאַפּעלושל און אַ צעדריל־עוועט רעקל. און אַלץ אויף אים איז געווען צעקנעפּלט און צעבראַשטשעט: דאָס רעקל צעבראַשטשעט, דאָס וועסטל צעבראַשטשעט און פון הינטער אַלעמען האָט אַפּערגעקוקט אַ שמוציק העמד מיט אַ פּאָר פאַרשמאַלצענע הויזן, פון וועלכע עס האָט זיך אַרויסגעבערגלט אַ היפּשער בויך.

דער פּאַרשוין איז אַריינגעקומען, וואַרפנדיק די הענט אויף פּאַרויס און צוזאַמען מיט די הענט האָט זיך אַלץ געוואָרפן אויף אים: דאָס רעקל, דאָס וועסטל, דאָס שמוציקע העמד, די פאַרשמאַלצענע הויזן, און אַפילו דער אַרויסגעשטאַרצטער בויך — אויך.

— וועז אַט דער פּאַרשוין — האָט חנא, קוקנדיק אויף אים, געטראַכט — זאָל נאָך האַלטן אַ בייטש אין דער האַנט, וואָלט ער געווען פּונקטלעך דער, וואָס ער דאַרף זיין.

אָבער איידער חנא האָט נאָך רעכט צייט געהאַט גוט צו באַטראַכטן אַט דעם פּאַרשוין, איז יענער שוין געשטאַנען נעבן אים, מיט אַ האַנט פאַרוואָרפן אויף זיין אַקסל און מיט אַ גוט־ברודערישער אויפנאַמע:

— אוי, אַ בראָך צו דיין קאָפּ, חיים יואל, דאַ אַרבעטסטו שוין, אייב אַזוי ביסטו אַ יאַט, האָב נאַר שכל, ווייסטו עפּן איז סוכה.

חנא איז געשטאַנען און געשטוינט. ער האָט דעם דאַזיקן באַלעגאַלע נאָך קיינמאָל אין לעבן נישט געזען. ער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס אַט דער פּאַרשוין רעדט צו אים אויף „דו" און איז צו אים אַזוי חוצפּהדיק. און חנא האָט שוין געוואָרט, אַז אַט דער פּאַרשוין זאָל ענדלעך זאָגן וואָס ער פאַרלאַנגט, ערשט יענער האָט זיך צעשאָטן אין אַ הירזשענדיקן געלעכטער:

— וואָס שטייסטו, דו, ווי אַ פּלאַקן אום יום־כּיפּור! נעם, חיים יואל, וועג מיר אָפּ אַט דאָס אַ, אָבער מיט שכל. האָב אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס ווייסטו וויסן ווער עס האָט דיך געהאַט.

פון דער דאַזיקער באַנעמונג צו אים איז חנא געבליבן אַ פאַרגאַפּטער, אַ פאַרטומיעטער און ער האָט, ווי אַז אַ אייגענעם ווילן, אַזוי כּעבאַניש, געפאָלגט און געטון אַלץ, ווי אַט דער פּאַרשוין האָט אים געהייסן.

שוין אוועקגייענדיק האָט יענער אַ בייזן קוק געטון אויף חנאן, אַ האַסטיקן שפּיי־אוים געגעבן אין חנאס זייט און ער האָט אויסגעשריגן:

— אַזאַ ש—וואַטער מלמד! מ׳וועט אים מוזן, דאַכט זיך, אַריינשטופּן דעם שכל דורכן ת...

לאַנג נאָך, נאָכן באַלעגאַלעס אוועקגיין, איז חנא געשטאַנען ווי אַ

געליימטער און נישט געקאנט זיך אליין באנעמען. ווען ער איז געקומען צו זיך האט ער דאס ערשטע געכאפט די ליסטע פון די קונים און ער האט, צו זיין גרויס איבעראשונג דערזען, אז ביים נאמען פונם נארוואס אוועקגעגאנגענעם קונד איז באמערקט: „אנגעזעענער פאבריקאנט פון אונטערוועש, קרעדיט אומבאגרענעצט".

חנא ראטשטיין איז פארנאכט אוועק אהיים אינגאנצן א צעשרויפ־טער. אים האט נישט אזוי געארט די באליידיקונגען, וואס ער האט געהאט אויסצושטיין פון די ערשטע דריי קונים — ווי דאס, וואס ער האט נישט געקאנט תופס זיין, פארוואס האבן זיי אים אזוי גראב באַ־מערקט, אז ער האט נישט קיין שכל.

— וואס איז דאס — האט ער געבראכן דעם קאפ צו פארשטיין — קיינער האט אים נאך קיינמאל נישט געזאגט, אז ער האט נישט קיין שכל און דא מיטאמאל, אויף א נייעם פאסטן און באלד די ערשטע קונים האבן אים אויפמערקזאם געמאכט, אז עס פעלט אים שכל. און פארוואס האבן זיי אים נישט אנגעוויזן קלאר, מיט וואס זיי האבן געזען, אז אים פעלט שכל? און וואס וואלט ער באדארפט טון אזעלכעס, ווען ער וואלט יא געהאט שכל?

אזוי, מיט אזעלכע צעפלאנטערטע געדאנקען און נאכטראכטונגען האט חנא זיך געמאטערט ביז שפעט אין דער נאכט, ווען ער איז קוים אנטשלאפן געווארן.

אויף צומארגנס, באלד אינדערפרי, האט חנא זיך דערפרייט מיטן ערשטן קונה, וואס איז געקומען. עס איז געווען חנאס א גוטער באַ־קאנטער, דער פאבריקאנט פון אונטער־וועש ט. זלאטניצקי.

א הויכער, א פולער, מיט א שווארצער געקרייזלטער טשופרינע, מיט א פאר גראבע, פליישיקע ליפן, אויף וועלכע עס הענגט שטענדיק א פרעכער געלעכטער. און א פאר גרויסע, גלאנציקע, מיט תאווה־פאר־גאסענע אויגן, וועלכע מאכן אן איינדרוק ווי אויגן פון א שיכור, אזוי איז ער דער ט. זלאטניצקי.

אז ער איז אריין אין דער „דעספאשא" פון פאבריק פון די ברידער מיגדאל און האט דערזען ראטשטיינען, האט ער זיך מיט אים דער־פרייט, ווי מיט אן אלטן גוטן ברודער:

— אזוי, איר ארבעט דא, עס פרייט מיר באמת, זייער א גוטן

פּאסטן האט איר געקראגן, די מיגדאלס זענען זייער פיינע און ליבע מענטשן. און באזונדערס — פאר אזא יונגנמאן ווי איר, איך מיין פאר א מענטש וואס פארשטייט אן עסק... קאן מען דא מאכן גאנץ גוט, אייב מ׳האט נאר שכל...

דא האט חנא שוין נישט געקאנט זיך מער באהערשן צו בלייבן רואיק: — „שוין ווידער שכל״. זיינע נערוון האבן אויפגעציטערט און ער האט אויסגעשריגן:

— איך פארשטיי נישט, וואס פאר א מענטשן ס׳זענען עס די פאבריקאנטן פון אונטער־וועש: אלע האבן צו מיר איין טענה, אז איך האב נישט קיין שכל, אז איך דארף האבן שכל. אדרבא, איר זענט א גוטער באקאנטער מיינער, אז אייגענער מענטש, זאגט מיר, וואס דארף מען האבן אזוי פיל שכל אויף אפצוּוועגן א פאר שטיקלעך שטאף, פאר־פּאקן עס און אויסמאכן וועקסלען?! נאכוואס דארף מען זיין אן איינ־שטיין דערצו?!

— הערט זיך איין, הער ראטשטיין, זייט נישט אויפגערעגט, איך האב נישט געמיינט, חלילה, אייך צו באליידיקן. איך האב עס געמיינט פאר אייער טובה וועגן, ווייל איך האלט אייך פאר א פריינט. איך ווייס, אז איר זענט א פּעאיקער און פארשטענדיקער יונגערמאן... — דערביי האט זיך זלאטניצקי צעלאכט און די אויגן זיינע האבן זיך אזוי מאדנע צעפינקלט, אז חנאן איז געווארן אומהיימלעך צו קוקן אים אין די אויגן אריין — איר פרעגט צו וואס מ׳דארף האבן שכל, וועל איך אייך באווייזן מיט איין ביישפּיל, וואס ס׳איז א געשעענער פאקט: איר קענט דאך דעם פאבריקאנט מערלין, איז ער געווען פריער א ייד אן ארימאן אין זיבן פאלעס, איז אמאל צו אים געקומען זיינער א פריינט פון די שטאטן, האט ער, מערלין, דערשמעקט, אז דער דאזיקער פריינט זיינער איז רייך. וואס זשע מיינט איר האט מערלין געטון? אלע, אז מ׳האט שכל! האט דאס ווייב זיינס זיך „פארליבט״ אינם דאזיקן פריינט, האט אים צוגעזאגט, אז זי וועט זיך גטן מיטן מאן און מיט אים חתונה האבן... און — בקיצור — נאך עטלעכע חדשים האט מען דעם פריינט אהיימגעשיקט מיט בלויזן און מערלין איז היינט מערלין, מילא, ווייסט איר דאך.

— וואס זשע דארף איך טון, ווען איך זאל האבן שכל? — האט

חנא געפרעגט מיט איראַניע — איך זאָל זיך פאַרליבן אין איינער פון מיינע באַלעבאַטימס פרויען?

— הערט, הער ראַטשטיין — איז זלאַטניצקי געוואָרן שטרענג און אויפגערעגט — עס איז גאָר אַן עבירה צו רעדן מיט אייך. איך זע שוין, אַז איר זענט פאַרמשפּט צו זיין אייביק אַן אָרימער אַנגעשטעלטער, אָדער אַן אַרבעטלאָזער. איר פאַרשטייט גאָרנישט און איר טויגט זיך נישט אויס צו קיין עסק...

זלאַטניצקי האָט דאָס אָפּגעזאָגט, אַ שטייגער ווי מ'טראָגט אַרויס אַ געריכט־אורטייל.

וויפיל חנא האָט זיך דערנאָך באַמיט, פאַרט צו דערגייען ביי זיין באַקאַנטן פאַבריקאַנט זלאַטניצקי, מיט וואָס ער דאַרף האָבן שכל און וואָס ער קאָן אויפטון מיט שכל, איז עס שוין געוועזן אומזיסט. זלאַטניצקי איז אַוועק פון חנאן אַ ברוגזער, פונקט ווי די פריערדיקע קונים.

דער נעכסטער קונה איז געווען אַ פרוי, די גוט־באַקאַנטע פאַבריקאַנטין פון אונטער־וועש, פערעלע קאַזאַק. אַ פרוי שוין נישט קיין יונגע, אַ דיקלעכע, אָבער נאָך געגנוג שיין, מיט אַ פּאָר יונגע, טונקל־ברוינע, פייערדיקע אויגן, וואָס ברענען מיט לעבן.

אַז זי איז אַריין אין דער „דעספּאַטשאַ" האָט זי זיך אַרומגעקוקט, אַ שטייגער ווי זי זאָל עס זיין די באַלעבאָסטע, און אַ צופרידענע האָט זי געזאָגט:

— אָט אַזוי איז דאָך גאָר עפּעס אַנדערש. היינט איז דאָך אַ מחיה אַריינצוקומען אַהער. אַלץ איז אַזוי פיין איינגעאָרדנט, איינגעלייגט און איינגעשטעלט. פריער איז דאָך דאָ געווען פונקט ווי ביי דער רביצין אין בעט. מ'דערקענט — האָט זי צוגעגעבן, און דערביי אַ קאָקעטישן שמייכל געשיקט צו חנאן — אַז דאָ אַרבעט אַ מאַן מיט אַן עסטעטישן געשמאַק און עס ווילט זיך גלויבן, אַז אַזאַ מאַן איז אויך נישט קיין נאַר... אמת, כ'האָב געטראָפן? — האָט זי פאַרענדיקט מיט אַ שאַרפן בליק צו חנאן, גלייך אים אין די אויגן אַריין.

חנא האָט געוווּסט, אַז דער דאָזיקער בליק פרעגט אים עפּעס, אָבער ער האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס.

די גאַנצע באַנעמונג צו אים, פון דער דאָזיקער שיינער פאַבריקאַנטין, האָט חנאן געקיצלט און ער איז געבליבן אַזוי געשמעלעט

פון אירע קאמפלימענטן, אז ער האט אויפן מאמענט נישט געפונען קיין ווערטער איר צו ענטפערן. ער האט נאר געקוקט אויף איר און נאריש געשמייכלט.

נאכן אפוועגן און איינפאקן די באשטעלטע סחורות, האט פערעלע כאזאק געבעטן, ווייל זי דארף שוין צו האבן די סחורה אין פאבריק, אז זי וויל נעמען גלייך די סחורה מיט זיך אין אן אויטא און זי וואלט וועלן, אז ער, חנא, זאל מיט איר מיטפארן.

אויפן וועג האט פערעלע זיך אנגערופן צו חנאן:

— איך האב געמיינט, יונגערמאן, אז איר האט שכל, אבער כ'האב זיך גענארט. און דאס טויג נישט, נישט פאר מיר און נישט פאר אייך.

— פארוואס מיינט איר, סעניארא, אז איך האב נישט קיין שכל — האט חנא געפרעגט פארשעמט און ער האט זיך געטראכט, אז איצט מוז ער דערגיין, פארוואס אלע מיינען, אז ער האט נישט קיין שכל — איך מיין, סעניארא, אז איר האט אין מיר א טעות.

— ווען איר זאלט געווען האבן שכל — האט זי אים קלאר געגעבן צו פארשטיין — האט מיין סחורה, וואס איר האט אפגעוווויגן פאר 350 קילא, נישט באדארפט וועגן מער ווי 300 קילא. איר פארשטייט? עס וואלט זיך געלוינט אי פאר אייך און אי פאר מיר. איר זאלט האבן שכל, קאנט איר גוט פארדינען...

— אזוי, איצט פארשטיי איך שוין! — האט חנא געגעבן א געשריי ארויס, ווי איינער, וואס מאטערט זיך לאנג, צו דערגיין א שווער פראבלעם און מיטאמאל קומט מען און מ'דערקלערט עס אים אזוי לייכט — איצט ווייס איך שוין וואס פאר א שכל איך דארף עס האבן פאר די פאבריקאנטן פון אונטער-וועש!...

חנא איז געווארן אזוי איבערגעראשט פון דער נייער אנטדעקונג, אז ער איז מיטאמאל גאר דרייסטער געווארן און געקראגן חוצפה. ער האט ארומגענומען פערעלען, זי צוגעצויגן צו זיך, געקוקט איר גלייך אין די אויגן אריין און חוצפהדיק איר ארייגעשריגן אין פנים אריין:

— ווען איר, סעניארא, זאלט האבן שכל, קאנט איר אויך גוט פארדינען...

ווי נאר חנא האט קוים באוויזן צו ענדיקן די דאזיקע ווערטער,

האָט אַ הילכיקער פּאַטש אים אַ פּלאַם געטון איז דער באַק, אַז פונקען האָבן אים אַזש גענומען פליען פאַר די אויגן.

פערעלע האָט געהייסן אָפּשטעלן דעם אויטאָ און זי האָט חנאָן פון דאָרטן אַרויסגעוואָרפן.

אַזוי, אויף דער גאַס, שטייענדיק אַ געפּאַטשטער און אַן אַרויסגע־וואָרפענער, האָט חנאָ זיך ערשט אַרומגעזען, אַרומגעטראַכט זיך און ער איז געקומען צום שכל, אַז ער האָט נישט קיין „שכל"...

# אויף אַ פרעמדן שליאַך

דאָס איז דער נאָמען פון אַ גרויסער נאָוועלע פון מאיר קאַראַנאַ, וועלכע גרייט זיך צום דרוק און וועט אינגיכן דערשיינען.

אין דער דאָזיקער נאָוועלע שפּיגלען זיך אָפּ, אַלזייטיק, די טראַ־גיִדיעס פון געמישטע חתונות צווישן יידן און נישט־יידן.

עס קומען אַרויס אויפן אויבערפלאַך, אין דער דאָזיקער נאָוועלע, אַ מאַסע בילדער און סצענעס פון היגן, מעקסיקאַנער יידישן לעבן, וואָס די העלדן פון זיי וואָלטן זיכער געוואָלט אַ סך זאַכן באַהאַלטן אין דער טיפעניש פון זייערע נשמות.

אין דער דאָזיקער נאָוועלע ווערן אַרויסגעבראַכט די באַגריפן און מיינונגען, וואָס עס האָבן די מעקסיקאַנער, פון אַלע שיכטן, וועגן יידישן פאָלק בכלל און וועגן יידישן ישוב אין מעקסיקע בפרט.

אַ גאַנצע רייע בילדער פון היגן יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן — פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע — ווערן מיט קלאָרע און בולטע פאַרבן גע־מאָלן אין דער דאָזיקער נאָוועלע. די געזעלשאַפטס־בילדער שטעלן מיט זיך פאָר די גאַנצע אַנטוויקלונג פון יונגן יידישן ישוב אין מעקסיקע.

דאָס בוך „אויף אַ פרעמדן שליאַך" וועט האָבן ביי פירהונדערט זייטן.

יידישער קולטור־קלוב אין מעקסיקע.